טאָמאַס מאַן

# דער צויבערבאַרג

ראָמאַן



ווילנע — 1930

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# פינפט קאַפּיטל

## אייביקייט־זופּ און פּלוצלינגדיקע קלאָרקייט

דאָ קומט פאָר עפּעס אַזוינס, איבער וואָס דער דערציילער אַליין מוז זיך וואונדערן, כדי דער לייענער זאָל זיך נישט צו שטאַרק וואונדערן אויף אייגענער אַחריות. אין דער צייט, נעמלעך, וואָס אונזער דין־וחשבון פון האַנס קאַסטאָרפּס ערשטע דריי וואָכן דאָ אויבן (איין־און־צוואַנציק זומער־טעג, אויף וועלכע זיין באַזוך האָט זיך, אויף וויפל אַ מענטש קאָן אויסרעכענען, בכלל געזאָלט באַגרענעצן) האָט פאַרנומען שטח און צייט, וואָס זיינען פאַר אונז אַליין געווען נישט אומגעריכט — וועט די באַשרייבונג פון זיין באַזוך אין די נאָענטסטע דריי וואָכן פאַרנעמען ווייניקער שורות, אַפילו ווייניקער ווערטער און רגעים, וויפל די ערשטע דריי וואָכן האָבן פאַרנומען זייטן, בויגנס, שעהן און אַרבעטס־טעג. איידער מ'קוקט זיך אום, וועלן — ווי מיר וועלן זען — אַריבער און אָפּגעפּטרט ווערן אַט־די דריי וואָכן.

צוליב דעם וואָלט מען זיך טאַקע געקאָנט וואונדערן. אָבער פונדעסטוועגן איז עס אין אָרדענונג. עס איז איינשטימיק מיט די כללים פון דערציילן און צוהערן זיך. עס איז אין הסכם מיט אַט די כללים, אַז די צייט קאָן זיין פאַר אונז אַקוראַט אַזוי לאַנג אָדער קורץ, אַז די צייט קאָן זיין פאַר אונזער געפיל אַקוראַט אַזוי אויסגעצויגן אָדער איינגעשרומפּן, פונקט ווי פאַר דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ, פאַר דעם העלד פון אונזער געשיכטע, וואָס דאָס מזל האָט אים צוגעשמידט אויף אַזאַ אומגעריכטן אופן. ס'וואָלט אַפילו נוצלעך געווען, מ'זאָל צוגרייטן דעם לייענער צו נאָך אַנדערע וואונדער און פענאָמענען, אין שייכות צום סוד פון צייט, אַחוץ דעם, וואָס איז גראָד איצט אויפפאַלנדיק. האַנס קאַסטאָרפּס פערזאָן וועט אונז נאָך אַרויספירן דעריף. פאַר איצט איז גענוג, מ'זאָל זיך דערמאָנען, ווי גיך ס'גייט

אַוועק אַ ריי טעג, אַ „לאַנגע" ריי טעג, בעת מ'ליגט קראַנק אין בעט. עפּעס דאַכט זיך, אַז איין־און דער זעלבער טאָג האַלט זיך אין איין איבערחזרן. אָבער היות ס'איז אַלץ דער אייגענער טאָג, איז עס אין גרונד גענומען נישט אין אָרדענונג, ווען מען רופט עס אָן „איבערחזרן". מ'דאַרף גיכער ריידן וועגן אַ כּסדרדיק הויערן, וועגן אַ שטייענדיקן איצט, אָדער וועגן דער אייביקייט. ס'ברענגט דאָס מיטאָג, פּונקט אַזוי, ווי מ'האָט עס געברענגט נעכטן און מ'וועט עס ברענגען מאָרגן. און אין דער אייגענער רגע גיט עפּעס אויף דיר אַ וויע — ווייסט נישט פונוואַנען און פון וואָס. ס'נעמט דיר שווינדלען אין קאָפּ, בעת דו זעסט, ווי מ'ברענגט די זופּ, די צייט־פאָרמען ווערן אָפּגעמעקט, גיסן זיך צונויף. די אמתע פאָרם פון זיין שיילט זיך דעמאָלט אויס, ווי איין אייביקע קעגנוואַרט, אין וועלכער מ'האַלט דיר אין איין ברענגען זופּ. ריידן וועגן לאַנגווייליקייט אין שייכות מיט דער אייביקייט — וואָלט געווען אַ פּאַראַדאָקס. און פּאַראַדאָקסן ווילן מיר אויסמיידן, דער עיקר, ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אָט־דעם העלד.

האַנס קאַסטאָרפּ איז, הייסט עס, געלעגן אין בעט פון שבת נאָכמיטאָג אָן, ווייל הויפראַט בערענס — די העכסטע אויטאָריטעט אין אונזער וועלט, האָט אַזוי געהייסן. מילא, איז ער געלעגן, מיטן מאָנאָגראַם אויף דער ברוסט־קעשענע פון נאַכט־העמד, די הענט פאַרלייגט הינטערן קאָפּ, אין זיין זויבערן, ווייסן בעט, אין דעם טויטן־בעט פון דער אַמעריקאַנערין און מסתמא נאָך פון אַ סך אַנדערע מענטשן. ער האָט מיט פּשוטע, פון קאַטאַר באַטריבטע, בלויע אויגן געקוקט צום סופיט און געטראַכט וועגן דער אויסטערלישער סיטואַציע, אין וועלכער ר'האָט זיך געפונען. דאָס הייסט נאָך נישט, אַז אָן דעם קאַטאַר וואָלטן זיינען אויגן געקוקט קלאָר און העל. וואָרעם אויך אינערלעך איז ער נישט געווען אַזוי, כאָטש אַלץ האָט אויסגעוויזן פּשוט. פּאַקטיש איז ער געווען זייער באַטריבט, צעטומלט, נישט־דייטלעך, האַלב־אויפריכטיק און פול מיט ספקות. אָט פלעגט ער, אַזוי ווי ר'איז דאָ געלעגן, אינגאַנצן דערשיטערט ווערן פון אַ גליקלעך געלעכטער, וואָס איז געקומען טיף פון דער ברוסט. זיין האַרץ פלעגט אַוש בלייבן שטיין און נעמען

ווי טאָן פֿון אַן אומבאַקאַנטער, צעלאָזענער פֿרייד און האָפֿענונג. באַלד ווידער האָט ער געקאָנט ווערן בלאַס פֿון שרעק און עגמת־נפֿש. דאָס געוויסן אַליין האָט געקלאַפּט צוזאַמען מיט זיין האַרץ אין אײַלעניש קעגן די ריפּן.

דעם ערשטן טאָג האָט אים יאָאַכים געלאָזט אינגאַנצן צו־רו און האָט אויסגעמיטן יעדן שמועס וועגן דעם. ער איז באַר־זיכטיק אַ פּאָר מאָל אַריין אין קראַנקנס צימער, האָט אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ צום ליגנדיקן און האָט צוליב העפֿלעכקייט געפּרעגט, צי ס'פֿעלט אים נישט עפּעס. אַגב, איז אים אָנגעקומען גאָר לייכט צו פֿאַרשטיין און שעצי האַנס קאַסטאָרפּס מורא פֿאַר אַזאַ שמועס. ווייל ער אַליין האָט אויך פּונקט אַזוי מ'רא געהאַט דער־פֿאַר און לויט זיין מיינונג — איז זיין לאַגע געווען אַ פּיינ־לעכערע ווי קאַסטאָרפּס.

אָבער זונטאָג פֿאַרמיטאָג, נאָכדעם ווי ר'איז צוריקגעקומען פֿון דעם פֿרימאָרגן־שפּאַציר, אויף וועלכן ר'איז געגאַנגען אַליין, ווי אַמאָל, האָט ער פּונקטעסטוועגן באַשלאָסן מער ניט אָפּצולייגן און איז אַריין צו זיין קוזין איבערשמועסן וועגן דעם, וואָס איז דירעקט נייטיק. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי יענעמס בעט און האָט געזאָגט מיט אַ זיפֿץ:

— יאָ, ס'העלפֿט גאָרנישט, מ'מוז עפּעס טאָן. זיי ריכטן זיך דאָך אויף דיר אין דער היים.

— נאָך נישט — האָט געענטפֿערט האַנס קאַסטאָרפּ.

— ניין, אָבער אין עטלעכע טעג אַרום, מ'מוז אָדער דאָ־נערשטאָג.

— אַך — האָט געזאָגט האַנס קאַסטאָרפּ. — זיי דערוואַרטן מיך בכלל נישט אַזוי גענוי אויפֿן טאָג. זיי האָבן עפּעס בעסערס צו טאָן, ווי צו וואַרטן אויף מיר און צו ציילן די טעג, ביז כ'וועל צוריקקומען. אַז כ'וועל קומען, וועל איך זיין און דער פֿעטער טינאַפּעל וועט זאָגן: „אָט ביסטו ווידער דאָ" און דער פֿעטער זשעמס וועט זאָגן: „נו, ס'איז געווען גוט?" — אויב כ'וועל נישט קומען, קאָן גאַנץ לאַנג דויערן, ביז זיי וועלן זיך כאַפּן. קאָנסט זיין

זיכער. פאַרשטייט זיך, אַז מיט דער צייט וואָלט מען זיי באַדאַרפט מעלדן...

— קאָנסט דיר פאָרשטעלן — זאָגט יאָאַכים און זיפצט ווי-דער — ווי אומאָנגענעם ס'איז מיר די גאַנצע מעשה! וואָס וועט איצט זיין? פאַרשטייט זיך, אַז כ'פיל מיך, אַזוי צו זאָגן, פאַראַנט-וואָרטלעך. ביסט געקומען אַרויף צו מיר צו גאַסט, איך האָב דיך אַהער אַריינגעצויגן — און איצט בלייבסטו זיצן און מ'ווייסט נישט, ווען וועסט צוריק אַרויס און קאָנען איבערנעמען דיין פּאָסטן. די מוזט פאַרשטיין, אַז דאָס איז מיר פיינלעך ביז דער העכסטער מדרגה.

— דערלויב — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ און ליגט אַליין מיט די הענט אונטערן קאָפּ. — וואָס אייגנטלעך ברעכסטו דיר דעם קאָפּ? דאָס איז דאָך אַ אומזין. כ'בין דען געקומען צו דיר צו גאַסט? דאָס אויך. אָבער קודם-כל, כדי זיך צו פאַרריכטן, ווי הייי-דעקינד האָט געהייסן. מילא, איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז כ'דאַרף זיך מער פאַרריכטן, וויפל ער און מיר אַלע האָבן גאָר געקאָנט חלומען. כ'בין נישט דער ערשטער, וואָס האָט געמיינט, אַז ער מאַכט אַהער אַ שפּרונג אויף איין פוס און דערנאָך האָט זיך אַרויס-געוויזן אַנדערש. גיב, צום ביישפּיל, אַ קוק ווען Tous les deux צווייטן זון, מיט וועלכן ס'איז געשען נאָך ערגער. כ'ווייס נישט, צי ער לעבט נאָך. אפשר האָט מען אים אַרויסגעפירט בעת אַ מאָלצייט. דער פאַקט, אַז כ'בין אַ ביסל קראַנק, איז פאַר מיר אַן איבעררעאַשונג און כ'מוז מיך ערשט צוגעוויינען דערצו, כ'זאָל זיך דאָ קאָנען פילן ווי אַ פּאַציענט, ממש ווי איינער פון אייך, אָנ-שטאָט זיך צו האַלטן פאַר אַ גאַסט, ווי ביז איצט. פון דער צווייטער זייט איבעראַשט עס מיך לחלוטין נישט, ווייל אַהיי אמת-דיק געזונט האָב איך מיך אייגנטלעך קיינמאָל נישט געפילט. ווען כ'גיב אַ טראַכט, ווי פרי מיינע עלטערן זיינען געשטאָרבן — פון וואַנען-זשע האָב איך מיך דאָס טאַקע געקאָנט פילן אַזוי געז-וואַלדיק. אַז דו האָסט אַ שטיקל פעלער — מעג ער איצט אַפילו זיין כמעט אויסגעהיילט — ווען דעם צווייפלט קיינער פון אונז נישט. במילא קאָן שוין זיין, אַז ס'איז אַ ביסל אַ משפּחה-זאַך. לכל-הפּחות האָט בערענס אַזוי באַמערקט. אַלנפאַלס ליג איך שוין

פֿון נעכטן אָן און קלער מיר וועגן דעם, ווי אַזוי, אייגנטלעך, כ'האָב מיך אַלעמאָל געפֿילט און וואָס פֿאַר אַ באַציִונגען כ'האָב געהאַט צום לעבן, פֿאַרשטייסטו, און צו זיינע פֿאָדערונגען. אין מיין נאַטור איז אַלעמאָל געלעגן אַ געוויסער ערנסט און אַ געוויסע אָפּנייגונג צו יעדער גראָבקייט און שרייענדיקייט. מיר האָבן ערשט לעצטנס גערעדט וועגן דעם. כ'האָב נישט איינמאָל כמעט געהאַט חשק צו ווערן אַ גייסטלעכער. צוליב אינטערעס צו טרויעריקע און רעליגיעזע זאַכן — אַזאַ שוואַרץ טוך, פֿאַרשטייסטו, מיט אַ זילבערנעם צלם אָדער ... R. I. P.... Requiescat in pace * — דאָס איז אַלנפֿאַלס דאָס שענסטע וואָרט און ס'איז מיר אַ סך סימפּאַטישער ווי „לאַנג זאָל ער לעבן"**, וואָס איז דאָך נישט מער ווי אַ געפּילדער. דאָס אַלץ, מיין איך, נעמט זיך דערפֿון, וואָס כ'האָב אַליין אַ שטיקל פֿעלער, און דערפֿאַר האָב איך פֿון סאַמע אָנהייב אָן אַ געפֿיל פֿאַר דער קראַנקהייט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן ביי אָט־דער געלעגנהייט. אָבער אויב ס'איז טאַקע אַזוי, איז עס דאָך אַ גליק, וואָס כ'בין אַרויפֿגעקומען און מיך געלאָזט אונטערזוכן. דו דאַרפֿסט דיר צוליב דעם נישט מאַכן קיין שום פֿאָרוואָרפֿן. האָסט דאָך געהערט: ווען כ'וואָלט געוועזן נאָך אַ שטיקל צייט אונטן, וואָלט איך נאָך אפשר צווישן יאָ און ניין געפּטרט אַ גאַנצן לונג־לאַפּ.

— דאָס קאָן מען נישט וויסן — זאָגט יאָאַכים — דאָס איז טאַקע די מעשה, וואָס מ'קאָן דאָ גאָרנישט וויסן. דו האָסט, ווי בערענס האָט געזאָגט, שוין אַמאָל געהאַט קראַנקע ערטער, וועגן וועלכע קיינער האָט זיך נישט געזאָרגט און זיי האָבן זיך אַליין פֿאַרהיילט, אַזוי, אַז ס'זיינען דיר בלויז געבליבן אַ פּאָר אומשולדיקע פֿאַרטיפֿונגען. אפשר וואָלט דאָס אייגענע געשען מיט דעם פֿיכטן

* R. I. P. די ראשי־תבות פֿון Requiescat in pace = זאָל ער רוען אין שלום — די לאַטיינישע אויפֿשריפֿט אויף אַ טויטן־טוך.

** טאָאַסט ביי אַ באַנקעט.

אָרט, וועגן וועלכן בערענס האָט גערעדט, ווען דו וואָלסט נישט צופעליק אַרויפגעקומען צו מיר. מ'קאָן נישט וויסן!

— ניין, וויסן קאָן מען גאָרנישט — ענטפערט האַנס קאַסטאָרפ — דערפאַר האָט מען נישט קיין רעכט זיך פאָרצושטעלן דאָס סאַמע ערגסטע, אַ שטייגער, וואָס ס'איז גיכע דער צייט פון מיין קוראַציע דאָ. דו זאָגסט, אַז מ'קאָן נישט וויסן, ווען כ'וועל פונדאַנען קאָנען אַרויס און אַריינטרעטן אין וואַרשטאַט. דו זאָגסט עס אין פעסימיסטישן זין, איז כ'האַלט, אַז דער פעסימיזם איז פריצייטיק, טאַקע דערפאַר, ווייל מ'קאָן גאָרנישט נישט וויסן. בערענס האָט נישט געזאָגט קיין טערמין, ער איז אַ באַרעכנטער מענטש און שפּילט זיך נישט אין נביאות. ס'איז נאָך אויך נישט געמאַכט געוואָרן די דורכלויכטונג און די פאָטאָגראַפיע, וואָס וועלן ערשט אָביעקטיוו קלאָר מאַכן די פאַקטישע לאַגע. ווער ווייסט, אפשר וועלן זיי גאָרנישט ווייזן און צי כ'וועל נישט אַמאָל נאָך פריער פטור ווערן די היץ און קאָנען אייך זאָגן אַדיע. איך האַלט, אַז מיר דאַרפן זיך נישט איבעריק אײַלן און נישט תיכּף צוטראָגן די בשורה אַהיים. ס'וועט זיין גענוג, אַז מיר וועלן שרייבן אַ צווייט מאָל — איך קאָן אַליין שרייבן, מיט דער פילפעדער, אויב כ'זעץ מיך אַ ביסל אויף. כ'וועל שרייבן, אַז כ'בין שטאַרק פאַרקילט, האָב היץ, ליג אין בעט און קאָן נאָך לעת־עתּה נישט פאָרן. ווייטער וועט מען זען.

— גוט — זאָגט יאָאַכים — אַזוי קאָנען מיר לעת־עתּה טאָן. מיט דעם אַנדערן קאָנען מיר אייך נאָך צוּוואַרטן אַ ביסל.

— מיט וועלכן אַנדערן?

— זעט נאָר, ווי ער פאַרגעסט! ביסט דאָך צוגעגרייט בלויז אויף דריי וואָכן מיט דיין קליין וואַליזעלע. דאַרפסט האָבן וועש, איבער־און אונטער־וועש מיט ווינטער־מלבושים. וועסט דאַרפן האָבן מער שיך און — סוף־כּל־סוף — וועסטו מוזן שרייבן נאָך געלט אויך.

— אויב — זאָגט האַנס קאַסטאָרפ — אויב כ'וועל דאָס אַלץ דאַרפן.

— גוט, לאָמיר צוואַרטן, אָבער מיר דאַרפֿן נישט... ניין — זאָגט יאָאַכים און נעמט האַסטיק גיין איבערן צימער. — מיר דאַרפֿן אונז נישט מאַכן קיין אילוזיעס! כ'בין דאָ צו־לאַנג, כ'זאָל מיך נישט קענען דערויף. ווען בערענס זאָגן, אַז ס'איז דאָ אַ שאַרף אָרט, כמעט אַ געריש... אָבער, פֿאַרשטייט זיך, מיר'ן צוואַרטן...

דערביי איז עס געבליבן דאָס מאָל. די וואָכיקע און צווייוואָכיקע ענדערונגען פֿון די נאָרמאַלע טעג זיינען כסדר פֿאָרגעקומען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויך אין זיין איצטיקער לאַגע גענומען אין זיי אַן אָנטייל, אויב נישט אוממיטלבאַר, איז כאָטש דורך באַריכטן, וואָס יאָאַכים גיט אים אָפּ, ווען ער קומט אַריין צו אים און זיצט אַ פֿערטל שעה אויפֿן ראַנד פֿון בעט.

אויף דער טאַץ, אויף וועלכער מ'פֿלעגט אים זונטאָג דערלאַנגען פֿרישטיק, איז אַלעמאָל געשטאַנען אַ וואַזעלע מיט בלומען און מ'האָט נישט פֿאַרגעסן אים צו שיקן די פֿיינע געבעקסן, וואָס מ'האָט היינט דערלאַנגט אין עס־זאַל. שפּעטער פֿלעגט אונטן אין גאָרטן און אויף דער טעראַסע ווערן לעבעדיק. דער פֿערצנטעגיקער זונטאָג־קאָנצערט פֿלעגט זיך אָנהייבן מיט טרומייטערס און קלאַרנעטן. יאָאַכים פֿלעגט זיך דעמאָלט געפֿינען ביי זיין קוזין: ער האָט אויסגעהערט די מוזיק אינדרויסן אויף דער לאָזשע ביי אַן אָפֿענער באַלקאָן־טיר. האַנס קאַסטאָרפּ פֿלעגט זיך האַלב אויפֿזעצן אין בעט, האָט אויסגעבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט און האָט מיט שטילער הנאה און מיט פֿאַרנעפּלטע בליקן זיך איינגעהערט אין די צופֿליסנדיקע קלאַנגען. דערביי האָט ער זיך נישט אָן ביטול דערמאָנט אין סעטעמברינים רייד וועגן דער „פּאָליטישער פֿאַרדעכטיקייט" פֿון דער מוזיק.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, פֿלעגט ער, אַגב, אָפּנעמען ביי יאָאַכימען באַריכטן וועגן אַלץ, וואָס איז געשען און איינגעאָרדנט געוואָרן אין יענע טעג, האָט אים אויסגעפֿרעגט, צי היינטיקן זונטאָג זיינען צוגעקומען נייע פֿייערלעכע טואַלעטן, בלוזעס מיט שפּיצן אָדער ענלעכס (פֿאַר בלוזעס מיט שפּיצן איז אָבער געווען צו קאַלט). אויך, צי מ'איז נאָכמיטאָג ערגעץ געפֿאָרן מיט וועגן (מ'האָט, באמת, געמאַכט אַזעלכע נסיעות מיט וועגן, דער פֿאַראיין פֿון „האַלבע־לונגען"

האָט אין קאָרפּאָרע* געמאַכט אַן איספּלוג קיין קלאַוואַדעל). מאָנ=
טאָג האָט ער פאַרלאַנגט פון יאָאַכימען, ער זאָל אים דערציילן
וועגן ד״ר קראָקאָווסקיס פאָרלעזונג. יאָאַכים איז גראָד געהאַט צו=
ריקגעקומען פון דאָרטן און אָפּגעטרעטן בײַ אים פאַר ליג=קוראַציע.
אָבער יאָאַכים האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ קנאַפּן ריידער און
האָט נישט געהאַט קיין חשק צו ריידן וועגן דעם רעפעראַט —
אַקוראַט ווי בײדע האָבן צווישן זיך גאָרנישט געשמועסט וועגן דעם
ערשטן. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און גע=
וואָלט וויסן אַלע פּרטים. „איך ליג דאָ און צאָל דעם פולן פּרייז —
זאָגט ער — איך וויל אויך עפּעס געניסן דערפון, וואָס ס׳קומט
אונז". ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם מאָנטאָג מיט פערצן טעג
צוריק, אין זײַן זעלבשטענדיקן שפּאַציר, וואָס איז אים אַזוי שלעכט
באַקומען, און ער האָט בולט אויסגעדריקט די השערה, אַז דער דאָ=
זיקער שפּאַציר האָט דאָס אייגנטלעך אָנגעמאַכט אַזאַ איבערקע=
רעניש אין זײַן קערפּער און צוליב דעם איז אויסגעבראָכן די שטיל=
פאַראַנענע קראַנקהייט. — אָבער ווי דער עולם רעדט דאָס דאָ —
הויפּט ער אויס — כ׳מיין דאָס נידעריקע פאָלק. אַזוי בכבודיק און
פייערלעך. ס׳קלינגט כמעט ווי פּאָעזיע. „נו, בלײַב געזונט און נעם=צו
אַ דאַנק" — חזרט ער איבער אין מאַכט נאָך, ווי אַזוי די האָלץ=הע=
קערס האָבן גערעדט. — אָט אַזוי האָב איך זיי געהערט ריידן אין
וואַלד און כ׳וועל עס נישט פאַרגעסן ביזן טויט אַריין. אַזעלכע
זאַכן פאַרבינדן זיך מיט אַנדערע אײַנדריקן אָדער זכרונות, ווייסט,
און ס׳בלײַבט ביזן סאַמע סוף. און קראָקאָווסקי האָט, הייסט עס,
ווידער גערעדט וועגן „ליבע"? — טוט ער אַ פרעג און פאַר=
קרימט זיך בײַ דעם וואָרט.

— פאַרשטייט זיך — זאָגט יאָאַכים. — פון וואָס דען? ס׳איז
שוין זײַן טעמע.

— וואָס האָט ער הײַנט געזאָגט וועגן דעם?

— אַך, נישט ספּעציעל. דו ווייסט דאָך אַליין, נאָך פון יענעם
מאָל, ווי ער דריקט זיך אויס.

---

* אין גאנצן באשטאנד.

און וואָס האָט ער געזאָגט עפּעס נייס?

— נישט קיין ספּעציעל נייס... יאָ, ר'האָט היינט דערלאַנגט אַ ביסל ריינע כעמיע — נעמט יאָאַכים דערציילן, כאָטש אָן חשק. — ס'איז „דאָ“ געגאַנגען וועגן אַ מין פאַרגיפטונג; ד"ר קראָקאָווסקי האָט גערעדט וועגן אַ זעלבסט־פאַרגיפטונג פון אָרגאַניזם, וואָס אַנטשטייט אַדאַנק דעם, וואָס ס'ווערט צעפּוילט אַן אומבאַקאַנטער עלעמענט, וואָס איז פאַרשפּרייט אין קערפּער. די פּראָדוקטן פון דער דאָזיקער צעפּוילונג פאַרשיכורן געוויסע הויט־השדרה־צענטערן, אַקוראַט אַזוי ווי בעת מען געוויינט זיך צו צו פרעמדע גיפטיקע שטאָפן, אַ שטייגער צו מאָרפיום אָדער קאָקאַאין.

— און דערפון קריגט מען רויטע בעקלעך — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ — ווייסט, דאָס וואָלט כדאַי געווען צו הערן. וואָס ער ווייסט אַלץ. גלייך ווי ר'וואָלט געווען דערביי. וואַרט נאָר, אין איינעם אַ טאָג וועט ער דיר נאָך אַנטדעקן דעם אומבאַקאַנטן שטאָף, וועלכער איז פאַרשפּרייט אין גאַנצן קערפּער און פון וועלכן ס'שטאַמען יענע גיפטן, וואָס פאַרשיכורן דעם מאַרך־צענטער. אַזוי־אַרום וועט ער קאָנען אָנשיכורן דעם עולם אויף אַ נייעם אופן. ווער ווייסט, אפשר האָט מען שוין אַמאָל געוואוסט דערפון. ווען מ'הערט אים, קאָן מען אָנהייבן מיינען, אַז ס'איז דאָ עפּעס אמת אין די מעשיות מיט די ליבע־עליקסירן און נאָך אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע ס'רעדט זיך אין די מעשה־ביכלעך.... גייסט שוין?

— יאָ — זאָגט יאָאַכים — כ'מוז אומבאַדינגט נאָך אַ ביסל ליגן. זינט נעכטן האָב איך געקריגן אַ הויפּשע דיאַגראַמע. די מעשה מיט דיר האָט מיר פונדעסטוועגן אַ ביסל פאַרשאַדט.

אַזוי איז אַדורך דער זונטאָג, דער מאָנטאָג. דערנאָך איז אָנגעקומען דער דריטער טאָג פון האַנס קאַסטאָרפּס זיין אין דער „רעמיזע“, אַ פּשוטער, וואָכעדיקער טאָג אָן שום אויסצייכענונג, דינסטאָג. ס'איז אָבער געווען דער טאָג, אין וועלכן ר'איז אָנגעקומען אַהער, איצט איז ער דאָ קיילעכיקע דריי וואָכן. ס'האָט אים געקומען קאָרטען, ער זאָל פאָרט אָנשרייבן אַ בריוו און לכל־הפחות געבן צו וויסן דעם פעטער, ווי די לאַגע איז אין איצטיקן מאָמענט.

ער האָט זיך אונטערגעלייגט דעם פּלימאָ* און ר'האָט געשריבן איוף אַ בריוו-בויגן פון דעם אַנשטאַלט, אַז זיין נסיעה וועט מוזן אָפּגעלייגט ווערן. ער איז פאַרקילט און ליגט מיט היץ און הויפּראַט בערענס, אַ מענטש אַ צוגעוויסנהאַפטיקער, האָט עס אָנגענומען ניט פֿאַר אַזוי לייכט. ער האַלט, אַז די פאַרקילונג האָט אַ שייכות מיט זיין, דעם שרייבערס, קאָנסטיטוציע בכלל. ווייל תיכף ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט אים דער הויפּראַט אָנגענומען פאַר שטאַרק אַנעמיש און בכך-הכל וויזט זיך אַרויס, אַז די פּאָר וואָכן אויף צום פאַרריכטן זיך, וואָס ער, האַנס קאַסטאָרפּ, האָט זיך באַשטימט, זיינען נישט גענוג. וויטערס אַ צווייט מאָל — אַזוי איז גוט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט. כ'רייד נישט אַ סך, פונדעסטוועגן האַלט עס אָפּ דעם ענין אויף אַ צייט. דער דאָזיקער בריוו איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם משרת, וועלכער האָט אים נישט אַריינגעוואָרפן אין קעסטל אַריין, נאָר פאַראָרנט דירעקט צום נאָענטסטן צוג.

אַזוי אַרום האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּן אויסגעוויזן, אַז ס'איז שוין אין אָרדענונג. כאָטש ס'האָט אים געפּייניקט דער הוסט און דער קאַטאַר, האָט ער פונדעסטוועגן געלעבט מיט אַ באַרויקט געמיט און מיט האָפענונג. דער נאָרמאַלער טאָג האָט זיך געטיילט אויף אַ סך קורצע חלקים און די פעסטע איינטאָניקייט זיינע האָט גורם געווען, ער זאָל נישט זיין נישט לאַנגווייליק, נישט קורצווייליק, ווייל ר'איז שטענדיק געווען דער אייגענער. אינדערפרי פלעגט אָנקלאַפּן פעסט דער באָד-מייסטער און איז באַלד דערנאָך אַריין. ס'איז געווען אַ נערוועזער פּאַרשוין, וואָס האָט געהייסן טורנהער, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל פון העמד, מיט אָדעריקע הענט און גערעדט האָט ער גאָרגלדיק און האַמעטנע. האַנס קאַסטאָרפּן האָט ער גערופן, ווי אַלע פּאַציענטן, מיטן נומער פון צימער. ער פלעגט אים איינרייבן מיט אַלקאָהאָל. נישט לאַנג נאָכדעם, ווי יענער פלעגט אַוועקגיין, פלעגט אַריינקומען יאָאַכים, אינגאַנצן אַ אָנגעטוענער, זאָגן גוטמאָרגן, פרעגן, וויפל היץ דער קוזין האָט גאַנץ פרי געהאַט און

* אַ לייכט פּוכן איבערבעט.

דערציילן וויפל ער אַליין האָט. בשעת יאָאַכים האָט געגעסן פרישטיק אין עס־זאַל, פלעגט האַנס קאַסטאָרפּ אַרונטערלייגן זיין פלימאָ הינטערן רוקן און טאָן דאָס אייגענע מיט דעם אַפּעטיט, וואָס מ'קריגט אַלעמאָל, בעת ס'קומט אַריין אַ שינוי אין לעבן. עס פלעגן דעמאָלט געשעפטלעך־פאַרנומענע אַריינגאַן ביידע דאָקטוירים, וואָס פלעגן אין דער צייט קומען פון עס־זאַל און צוריקצו וועגס אינדערגיך אָפּטרעטן אין די צימערן פון יענע, וואָס ליגן אין די בעטן אין פון די מסוכן־קראַנקע. מיט אַ פּול מויל איינגעמאַכטס פלעגט האַנס קאַסטאָרפּ געבן צו וויסן, אַז ר'איז „גוט" געשלאָפן, דערביי האָט ער איבערן ראַנד פון דער שאָל געזען, ווי דער הויפּטראַט שפּאַרט זיך אָן מיט די פויסטן אין טיש און קוקט אינדערגיך דורך די היץ־טאַבעלע. באַלד דערנאָך האָט ער מיט אַ גלייכגילטיק איבערגעצויגענעם טאָן געענטפערט אויף זייער גרוס ביים אַוועקגיין. שפּעטער פלעגט ער פאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס און כמעט נאָך איידער ער האָט געטאָן אַ טראַכט, אַז יאָאַכים איז אַוועק, איז יענער שוין צוריקגעקומען פון זיין פרימאָרגנדיקער דינסט. זיי האָבן ווידער געשמועסט וועגן דאָס און יענץ און די צווישנצייט צווישן ערשטן און צווייטן פרישטיק — יאָאַכים האָט דערווייל געמאַכט ליג־קוראַציע — איז געווען אַזאַ קורצע, אַז דער גרעסטער עבהאָריק און פוסטער קאָפּ וואָלט נישט געהאַט קיין צייט צו לאַנגווייליקן זיך. וואָס ס'איז נוגע האַנס קאַסטאָרפּן, האָט ער געהאַט איבער גענוג צו פאַרדייען די איינדריקן פון זיינע ערשטע דריי וואָכן דאָ איבן. ער האָט אויך געדאַרפט אַרומטראַכטן זיין איצטיקן מצב און וואָס ס'קאָן דערפון אַרויסקומען און ר'האָט כמעט נישט באַדאַרפט די צוויי דיקע בענדער פון אַן אילוסטרירטן זשורנאַל, וואָס זיינען געלעגן אויף זיין נאַכט־טיש און האָבן געשטאַמט פון דער סאַנאַטאָריע־ביבליאָטעק.

דאָס אייגענע איז געווען מיט דער צייט, בעת יאָאַכים פלעגט מאַכן זיין צווייטן שפּאַציר קיין פּלאַץ דאַוואָס, אַ קנאַפּע שעה. איידער ר'איז אַוועק, אויף דער פאַרמיטאָגדיקער ליג־קוראַציע, פלעגט ער אַריין פריער צו האַנס קאַסטאָרפּ, איז אַ ווײַלע געזעסן אָדער געשטאַנען ביים בעט און אים דערציילט דאָס און יענץ, וואָס ר'האָט

באַמערקט אויפֿן שפּאַציר. און ווי לאַנג האָט געדויערט אָט־די
ליג־קוראַציע? ווידער אַ שעה! נאָך איידער מ׳האָט רעכט באַוויזן
צו פֿאַרלייגן די הענט הינטערן קאָפּ, אַ ביסל צו קוקן אויפֿן סופֿיט
און רעכט צו צעקייען אַ מחשבה — האָט שוין ווידער גענומען
קלינגען דער גלאָק, וואָס האָט גערופֿן, ס׳זאָלן זיך גרייטן צום
מיטאָג יענע, וואָס ליגן נישט אין בעט און זיינען אויך נישט קיין
מסוכן־קראַנקע.

יאָאַכים פֿלעגט גיין איך מיטאָג און קאָמבאָרפֿן האָט מען אַרײנ־
געטראָגן די „מיטאָג־זופּ“ — אַ פּשוט סימבאָלישער נאָמען פֿאַר אַלע
מאַכלים. ווייל האַנס קאַסטאָרפּ איז נישט געווען אויף קיין קראַנקען־
דיעטע — צוליב וואָס האָט מען דאָס געזאָלט טאָן? אַ קראַנקען־דיעטע,
אַ קנאַפּע דיעטע איז דאָ בשום אופֿן נישט געווען אויפֿן אָרט.
ער איז דאָ געלעגן און געצאָלט דעם פֿולן פּרייז און דאָס, וואָס
מ׳פֿלעגט אים אַריינגעבן אין דער שטייענדיקער אייביקייט פֿון אָט־
דער שעה, איז נישט געווען קיין „מיטאָג־זופּ“. ס׳איז געווען דאָס
פֿולע זעקס־שפּייזיקע בערגהאָף־מיטאָג, מיט אַלע פּיטשעווקעס. און
וואָכעדיקע טעג איז עס געווען זעטיק, און זונטאָג האָט מען דער־
לאַנגט אַ — גאַלאַ־און פּאַראַד־מאָלצייט, צוגעגרייט פֿון אַן אייראָ־
פּעיִש איינגעלערנטן שעף אין דער לוקסוס־האָטעל־קיך פֿון דער סאַ־
נאַטאָריע. די זאַל־טאָכטער, וואָס האָט געדאַרפֿט באַזאָרגן די ליגנ־
דיקע, האָט אים געבראַכט דאָס מיטאָג אין שיינע רינדלעך מיט פֿאַר־
ניקלטע שטערצלעך. זי האָט צוגערוקט צו זיין בעט דעם קראַנקען־
טיש, דאָס איינפֿיסיקע וואונדער פֿון גלייכגעוויכט־קאָנסטרוקציע, און
האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים אָפּגערימט, ווי דעם שניידערס זון אין דער
מעשה פֿון „טישעלע גרייט דיך“.

ווי נאָר ר׳האָט אָפּגעגעסן, איז יאָאַכים איך צוריקגעקומען, און
ביז יענער איז אַריין אין דער לאָזשע און איבערן „בערגהאָף“ האָט
זיך אַראָפּגעלאָזט די שטילקייט פֿון דער גרויסער ליג־קוראַציע, איז
שוין געווען אַזוי ווייט ווי האַלב דריי; אפֿשר נאָך נישט אינגאַנצן,
גענוי גענומען, ערשט אַ פֿערטל איך דריי. אָבער אַזעלכע פֿערטל־
שעהן ווערן נישט גענומען אין חשבון, נאָר זיי ווערן פֿאַרשלונגען
אין די קיילעכיקע ציפֿערן דאָרטן. וואו ס׳האַנדלט זיך וועגן גרויסע

ציים-שטחים, אַ שטייגער ביי נביעות, ווען מ׳פאָרט אַ סך שעהן אין באַן, אָדער אַזוי אין ליידיקע, אָפּוואַרטנדיקע סיטואַציעס, ווען מ׳מוז, וואָס מ׳קאָן, אַבי אַוועקצושטופּן און אָפּצופּטרן די צייט. אַ פערטל אויף דריי איז שוין דאָ דאָס איינענע, וואָס האַלב דריי. איין גאָט ווייסט, אַז ס׳קאָן אַפילו הייסן דריי, ווייל מ׳רעדט שוין וועגן דריי. אויף די דרייסיק מינוט קוקט מען, ווי אויף אַן אַריינפאַל צו דער קיילעכיקער שעה צווישן דריי און פיר און זיי ווערן באַזייטיקט. אָט אַזוי פירט מען זיך אין אַזעלכע פאַלן. אַזוי-אַרום געדויערט אייגנטלעך די גרויסע ליג-קוראַציע סוף-כּל-סוף אויך נישט מער, ווי אַ שעה. ביים סוף, אַגב, ווערט זי ווי פאַרמינערט, אָפּגעהאַקט און ווי פאַרענדיקט מיט אַן אַפּאָסטראָף. דער אַפּאָסטראָף איז ד״ר קראָקאָווסקי.

יאָ, ד״ר קראָקאָווסקי, איצט היפּערט שוין ד״ר קראָקאָווסקי נישט איבער האַנס קאַסטאָרפן בעת זיינע זעלבשטענדיקע נאָכמיטאָגדיקע וויזיטן. איצט איז קאַסטאָרפּ אויך אין חשבון, ער איז מער נישט קיין גאַסט אויף אַ ווייל, נאָר אַ פּאַציענט. מ׳פרעגט אים שוין איצט אויס און מ׳לאָזט אים נישט אויף גאָטס באַראָט, ווי ס׳איז אַזוי לאַנג געשען ביז איצט. עס פלעגט האַנס קאַסטאָרפן פאַרדריסן שטילערהייט און לייכט, אָבער פונדעסטוועגן יעדן טאָג אויפסניי. ס׳איז געווען מאָנטאָג, בעת ד״ר קראָקאָווסקי האָט זיך דאָס ערשטע מאָל באַוויזן אין צימער. מיר זאָגן „באַוויזן“, ווייל דאָס איז דאָס פּאַסיקע וואָרט פאַר דעם משונהדיקן און אַפילו שרעקלעכן איינדרוק, פון וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך דעמאָלט נישט געקאָנט באַפרייען. ער איז געלעגן אין האַלבן אָדער פערטל דרעמל. פּלוצלינג האָט ער אַ דערשראָקענער דערזען, אַז דער אַסיסטענט איז דאָ אין צימער. ר׳איז אָבער נישט אַריינגעקומען דורך דער טיר, נאָר גייט צו אים פון פענסטער צו. ווייל זיין וועג איז געווען נישט דורכן קאָרידאָר, נאָר דורך די דרויסנדיקע לאָזשעס. ער איז אַריין דורך דער טיר פון וועראַנדע און ס׳איז דערפאַר געבליבן דער איינדרוק, ווי ער וואָלט געקומען פון דער לופט. איצט איז ער אַלנפאַלס געשטאַנען פאַר האַנס קאַסטאָרפס געלעגער, שוואַרץ-בלייך, מיט ברייטע אַקסלען און פעסט — אַן אַפּאָסטראָף

פֿון דער שעה — און פֿון זיין באָרד מיט די צוויי שפּיצן האָבן אַרויסגעקוקט מיט אַ שמייכל זיינע געלבלעכע ציין.

— איר זעט אויס צו זיין איבערראַשט, וואָס איר זעט מיך, הער קאַסטאָרפּ — האָט ער געזאָגט מיט אַ מילדן באַריטאָן, שלעפּעדיק, אָן שום ספק מיט אַ חנדל און מיט אַן עקזאָטישער גומען־„ר", אָבער ער האָט זי אַרויסגערעדט נישט שאַרף און לאַנג, נאָר זי אַרויסגעברענגט מיט איין ריר מיט דער צונג הינטער די אייבערשטע פֿאָדערשטע ציין. — איך דערפֿיל בלויז אַן אָנגענעמען חוב, ווען איך קום אַריין צו אייך אַ קוק צו טאָן, וואָס איר מאַכט. אייער פֿאַרהעלטעניש צו אונז איז אַריין אין אַ נייער פֿאַזע, איבער נאַכט איז פֿון דעם גאַסט געוואָרן אַ חבר... (דאָס וואָרט „חבר" האָט האַנס קאַסטאָרפּן אַ ביסל דערשראָקן). ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן דערויף! — האָט ד״ר קראָקאָווסקי חבריש אַ שפּאַס געטאָן... ווען מען האָט דאָס געקאָנט איינפֿאַלן אין יענעם אָוונט, בעת מיר האָבן זיך נאָר־וואָס באַקאַנט און איר האָט אויף מיין טעותדיקער פֿראַגע — דעמאָלט איז עס געווען אַ טעות — מיר געענטפֿערט, אַז איר זענט אינגאַנצן געזונט. דאַכט זיך, אַז כ׳האָב דעמאָלט אויסגעדריקט עפּעס אַזוי ווי אַ צווייפֿל, אָבער כ׳פֿאַרזיכער אייך, אַז כ׳האָב נישט געמיינט דאָס, וואָס ס׳איז איצט. כ׳וויל מיך נישט מאַכן פֿאַר מער שאַרף־זעער, ווי כ׳בין. כ׳האָב דעמאָלט נישט געקלערט וועגן קיין פֿייכט אָרט, כ׳האָב עס געמיינט אַנדערש, אַלגעמיינער, פֿילאָסאָפֿישער. כ׳האָב אַרויסגעזאָגט מיין צווייפֿל דערין, צי „מענטש" און „אינגאַנצן געזונט" זיינען בכלל אַ פּאָר. און אַפֿילו היינט, נאָך דער אונטערזוכונג, קאָן איך, ווי איר זעט מיך, אין להיפּוך צו מיין חשובן שעף, נישט האַלטן אָט דאָס פֿייכטע אָרט (דערביי האָט ער מיט אַ שפּיץ־פֿינגער לייכט אָנגערירט האַנס קאַסטאָרפּס אַקסל) פֿאַר דעם סאַמע עיקר. עס איז פֿאַר מיר אַ נעבן־זאַך... דאָס אָרגאַנישע איז תּמיד אַ נעבן־זאַך....

האַנס קאַסטאָרפּ שאָקלט זיך אַזש אָפּ.

... קאַטאַר איז, הייסט עס, אין מיינע אויגן אַן ערשיינונג פֿון דריטן ראַנג — גיט ד״ר קראָקאָווסקי צו זייער לייכט. — וואָס

הערט זיך דערמיט? דאָס ליגן אין בעט ווען זיכער טאָן דאָס זייניקע. וואָס האָט אַרויסגעוויזן היינט דאָס מעסטן?

פון דעמאָלט אָן האָבן ד״ר קראָקאָווסקיס וויזיטן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אומשולדיקע קאָנטראָל־וויזיטן, כסדר די גאַנצע צייט. ד״ר קראָקאָווסקי פלעגט אַריינקומען דורך דער וועראַנדע אַרום דריי פערטל אויף פיר אָדער נאָך עפּעס פריער, האָט באַגריסט דעם ליגנדיקן האַנס קאַסטאָרפּ אויף אַ היימיש־פריילעכן אופן, האָט גע־שטעלט די פשוטסטע מעדיצינישע פראַגן, האָט אויך בקיצור אַ ביסל געכאַפּט אַ ריין־פערזענלעכן שמועס, האָט חבריש זיך געוויצלט. אמת, אויף דעם אַלעמען איז נאָך געלעגן אַ שפּור פון אַ חשד, אָבער מ׳קאָן זיך באין־ברירה צוגעוויינען אויך צו זאַכן, וואָס רופן אַרויס אַ חשד, אויב ס׳גייט נאָר נישט איבער די גרענעץ. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און האַנס קאַסטאָרפּ האָט מער גאָרנישט געהאַט קעגן דעם ד״ר קראָקאָווסקיס רעגלמעסיקע וויזיטן. זיי האָבן אָנ־געהייבן צו געהערן צום טאָג־טעגלעכן און האָבן אַפּגעטראָפּירט די שעהן פון דער גרויסער ליג־קוראַציע.

ס׳האָט, הייסט עס, געדויערט ביז אַרום פיר אַ זייגער, ביז דער אַסיס־טענט פלעגט צוריק אַרויסגיין דורך דער וועראַנדע. דאָס איז שוין היפּש נאָכמיטאָג! פלוצלונג און איידער מ׳האָט זיך אומגעקוקט, ווערט טיפער נאָכמיטאָג און ס׳דויערט, אַגב, נישט לאַנג, ביז עס גייט אַ פאַל־צו דער פאַרנאַכט. ווייל נאָכן טיי טרינקען, אונטן אין זאַל און דאָ נומער 34, איז שוין באַלד געווען פינף אַ זייגער, און ביז יאָאַכים איז צוריקגעקומען פון זיין דריטן דינסטלעכן שפּאַציר און געכאַפּט אַ שמועס מיט זיין קוזין — איז שוין געווען כמעט זעקס. די ליג־קוראַציע ביז אָוונט־עסן האָט, קיילעכיק גערעכנט, אויך נישט געדויערט מער ווי אַ שעה, און ס׳איז אַ שפּילכל זי אָפּצופּטרן, אויב מ׳האָט נאָר געדאַנקען אין קאָפּ און אַחוץ דעם — אַ גאַנצן אָרביס פּיקטוס* אויפן נאַכט־טיש.

יאָאַכים האָט זיך געזעגנט צו אָוונט־ברויט. מ׳האָט אַריינגע־ברענגט דאָס עסן. דער טאָל איז שוין לאַנג פול געווען מיט

* לאַטיין: געמאָלטע וועלט (דער איל. זשורנאַל).

שאָטנס, און בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט געגעסן, איז פון מינוט צו מינוט טונקעלער געוואָרן אין ווייסן צימער. ווען ר׳האָט אָפּגע-געסן, האָט ער זיך אָנגעלענט אין פלימאָ, געזעסן פאַרן „טישל גרייט דיך“ און געקוקט אויף דעם גיך-צופּאַלנדיקן בין-השמשות, אויפן היינטיקן בין-השמשות, וועלכן ס׳איז זייער שווער געווען אונ-טערצושיידן פונם נעכטיקן, אייער-נעכטיקן אָדער פון דעם בין-השמשות מיט אַכט טעג צוריק. אָט איז געווען פרימאָרגן און אָט איז שוין געווען אָוונט. דער צעברעקלטער און קינסטלעך קורץ-געמאַכ-טער טאָג איז אים ממש צעקרישלט געוואָרן צווישן די פינגער און צו-נישט געוואָרן. ר׳האָט עס אײַנגעזען מיט הנאה און פאַר-וואונדערונג און ר׳האָט זיך, אַלנפאַלס, פאַרטראַכט וועגן דעם. ווייל מורא האָבן דערפאַר — דאָס איז נאָך פרעמד אין זיין עלטער. ער האָט כּמדומה געהאַט דאָס געפיל, אַז ער „קוקט זיך נאָך אַלץ צו“.

אין איינעם אַ טאָג, ס׳האָט געקאָנט זיין אין אַ צען אָדער צוועלף טעג, נאָכדעם ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, האָט מען אין דער שעה (ס׳הייסט: איידער יאָאַכים קומט צוריק פון אָוונט-עסן און פון צונויפקום) אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. האַנס קאַסטאָרפּ האָט מיט אַ פרעגנדיקן טאָן אַ רוף געטאָן „אַריין“ און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן לאָדאָוויקאָ סעטעמ-בריני. דערביי איז פון דער העלער הויט געוואָרן בלענדנדיק ליכ-טיק אין צימער. ווייל די ערשטע באַוועגונג פונם גאַסט, נאָך ביי דער אָפענער טיר, איז באַשטאַנען דערין, וואָס ר׳האָט אויפגעדרייט דעם עלעקטרישן לאָמפּ אויפן סופיט. די שיין האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער ווייסקייט פון סופיט, פון מעבל און אין איין רגע אָנגע-פילט דאָס צימער מיט ציטערנדיקער העלקייט.

דער איטאַליענער איז געווען דער איינציקער מענטש צוויש, אַ׳ע קור-געסט, אויף וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אין יענע טעג בפירוש אויסגעפרעגט ביי יאָאַכימען. יאָאַכים פלעגט אים ס׳-ווי-סיי אַלץ איבערגעבן, ווען ר׳האָט נאָר געקאָנט אויף אַ צען מי-נוט צוזעצן זיך אויפן ראַנד פון זיין קוזינס בעט אָדער שטיין לעבן אים און דאָס פלעגט געשען אַ צען מאָל אין טאָג. יאָאַכים האָט דערציילט וועגן אַלע קליינע פּאָרקומענישן און ענדערונגען אינם טאָג-

טעגלעכן לעבן פון דער סאַנאַטאָריע. האַנס קאַסטאָרפּס פראַגן — ווי ווייט ער האָט בכלל עפּעס געפרעגט — זיינען געווען מער אַל־געמיינע און אומפערזענלעכע. דער איזאָלירטער קאַסטאָרפּ איז געווען נייגעריק צו וויסן, צי ס'זיינען צוגעקומען נייע געסט, אָדער צי אַ באַקאַנט פּנים איז נישט אַמאָל אַוועקגעפאָרן, און ר'איז, דאַכט זיך, געווען צופרידן, וואָס ס'איז בלויז עמעצער צוגעקומען און קיי־נער איז נישט אַוועק. ס'איז אָנגעקומען אַ „נייער", אַ יונגערמאַן, מיט אַ גרינלעך און איינגעפאַלן פּנים. ער זיצט ביים טיש פון דער עלפאַנטביינערן־קאָליר קעקער פרוי לעווי און פון דער פרוי אילטיס, דער טיש, וואָס שטייט גלייך רעכטס פון זייער טיש. אַוודאי, האַנס קאַסטאָרפּ קאָן זיך איצט ריכטן, אַז ער וועט אים זען. אַוועק־געפאָרן איז, הייסט עס, קיינער נישט. יאָאַכים האָט קורץ געענט־פערט, אַז ניין, דערביי האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אָבער ער האָט געמוזט אַ סך מאָל ענטפערן אויף אָט־דער פראַגע, אייגנטלעך יעדן צווייטן טאָג, כאָטש ר'האָט געפרווט מיט אַ געוויסער אומ־געדולדיקייט אין קול איינמאָל פאַר אַלעמאָל דערקלערן, אַז אויף וויפל ער ווייסט, האַלט קיינער נישט ביי אַוועקפאָרן. אַזוי לייכט פאָרט מען דאָ בכלל נישט אַוועק.

וואָס ס'איז נוגע כעטעמברינין — האָט האַנס קאַסטאָרפּ פּער־זענלעך געפרעגט אויף אים און געוואָלט וויסן, וואָס יענער האָט „געזאָגט דערצו". — צו־וואָס? — נו, דערצו, וואָס איך ליג און בין קראַנק. סעטעמבריני האָט באמת עפּעס געזאָגט וועגן דעם, כאָטש זייער ווייניק. תיכף אין דעם טאָג, ווען האַנס קאַסטאָרפּ איז פאַר־שוואונדן געוואָרן, האָט ער געפרעגט יאָאַכימען, וואו ס'איז אַהינ־געקומען דער גאַסט. דערביי איז ער, אַפּנים, זיכער געווען, אַז מ'וועט אים זאָגן, אַז האַנס קאַסטאָרפּ איז אַוועקגעפאָרן. דערהערנ־דיק פון יאָאַכימען, אַז קאַסטאָרפּ ליגט, האָט ער געענטפערט מיט צוויי איטאַליענישע ווערטער. צום ערשטן האָט ער געזאָגט: „עקקאָ", דערנאָך „פּאָווערעטטאָ". דער טייטש דערפון וועט זיין: „נאַ דיר אַן עסק!" און „אָרעמער בחור". מ'דאַרף נישט קאָנען מער איטאַליע־ניש, ווי אָט די ביידע יונגעלייט, כדי צו פאַרשטיין דעם מיין פון די דאָזיקע צוויי אויסדריקן. — וואָס הייסט — „פּאָווערעטטאָ"? —

האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט. — ער זיצט דאָך אויך דאָ מיט זיין ליטעראַטור, וואָס באַשטייט פון הומאַניזם מיט פּאָליטיק, און ער קאָן ווייניק אויפטאָן פאַר לעבעדיקע ענינים. ער דאַרף נישט אויף מיר אַזוי ברייטלעך רחמנות האָבן. איך וועל נאָך אַלנפאַלס גיכער צוריקקומען אין פלאַכלאַנד, ווי ער.

איצט איז, הייסט עס, געשטאַנען הער סעטעמבריני אין דעם פּלוצלונג באַלויכטענעם צימער. האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס און אַ קוק געטאָן צו דער טיר, האָט אים תיכף דערקענט מיט די פאַרזשמירעטע אויגן און ר'איז דערביי רויט געוואָרן. ווי אַלעמאָל, האָט סעטעמבריני אויך איצט געטראָגן זיין האָריקן ראָק מיט די גרויסע לאַצן, דערצו אַ ביסל אַן אָפּגעטראָגענעם, איבערגעוואָרפענעם קאָלנער און הויזן מיט קראַטקעס. ער איז געקומען פון עסן און פון געוויינהייט געהאַלטן צווישן די ליפּן אַ הילצערנעם ציין-שטעכער. זיין מויל-ווינקל אונטער דער שיינער אַרויפגעדרייטער וואָנס איז גרייט געווען צו דעם באַקאַנטן פיינעם, ניכטערן, און קריטישן שמייכעלע.

— גוטן אָוונט, אינזשיניער! קאָן מען אַ קוק טאָן, וואָס איר מאַכט? איך יאָ — דאַרף זיין דערביי ליכטיק. אַנטשולדיקט מיר, וואָס כ'האָב מיר אַליין דערלויבט! — זאָגט ער און דערביי גיט ער אינדערגיך אַ ווייז מיט זיין קליינער האַנט איבן סופּיט-לאָמפּ. — איר האָט זיך פאַרטראַכט — כ'וואָלט באמת נישט געוואָלט שטערן. אין אייער פאַל איז מיר גאַנץ פאַרשטענדלעך די נייגונג צו טראַכטן אַ סך און אויך צו כאַפּן אַ שמועס האָט איר דאָך אייער קוזין. ווי איר זעט, פאַרשטיי איך גאַנץ גענוי מיין איבעריקייט. פונדעסטוועגן, מ'לעבט צוזאַמען אויף אַזאַ קליינעם שטח, מ'שאַפט זיך מיטגעפיל פון מענטש צו מענטש, גייסטיק מיטגעפיל, האַרציקס... שוין העכער אַ וואָך, אַז מ'זעט אייך נישט. איך האָב באמת אָנגעהויבן מיר איינריידן, אַז איר זענט אַוועקגעפאָרן, בעת כ'האָב געזען, אַז אייער פּלאַץ אונטן אין רעפעקטאָריום* איז ליידיק. אָבער דער לייטענאַנט האָט מיר דערציילט עפּעס בעסערס, הם, עפּעס ערגערס, איך

* „רעפעקטאָריום" פלעגט זיך רופן דער עס-זאַל אין אַ קלויסטער.

ס׳איז נישט אומהעפלעך... בקיצור, ווי גייט עס? וואָס מאַכט איר? ווי פילט איר אײַך? כ׳האָף, אַז נישט צו־שטאַרק נידערגעשלאָגן?

— דאָס זענט איר, הער סעטעמברעני! דאָס איז פריינדלעך פון אײַער זייט! האַ־האַ, „רעפעקטאָריום". איר האָט שוין ווידער געמאַכט אַ וויץ. נעמט אײַך אַ שטול, כ׳בעט אײַך. איר שטערט מיר נישט אויף קיין האָר, כ׳בין דאָ געלעגן און כ׳האָב אַ ביסל געטראַכט — געטראַכט איז שוין צופיל געזאָגט. כ׳בין פשוט געווען פויל אַרויסצודרייען די עלעקטרע. כ׳דאַנק אײַך פיל מאָל, ס׳בעקט זיך גייט אַלץ נאָרמאַל. מײַן קאַטאַר איז כמעט אַוועק פון דעם ליגן אין בעט, אָבער ס׳איז נישט מער ווי אַ סעקונדערע דערשיינונג, ווי כ׳הער בכלל. די טעמפעראַטור איז נאָך אַלץ נישט ווי ס׳דאַרף צו זיין, טיילמאָל 37,5, טיילמאָל 37,7. דאָס האָט זיך אין משך פון די טעג נאָך אַלץ נישט געענדערט.

— איר מעסט אײַך רעגולער?

— יאָ, זעקס מאָל אין טאָג, אַקוראַט ווי איר אַלע דאָ אויבן. האַ־האַ, אַנטשולדיקט, איך מוז נאָך אַלץ לאַכן דערפון, וואָס איר האָט אָנגערופן אונזער עס־זאַל „רעפעקטאָריום". אַזוי רופט מען עס דאָך אין אַ קלויסטער, נישט? ס׳האָט טאַקע אַ געוויסע ענלעכ־קייט דערצו. כ׳בין נאָך, וואָס אמת, קיינמאָל נישט געווען אין קיין קלויסטער, אָבער כ׳שטעל מיר פאָר, אַז ס׳זעט דאָרטן אויס ווי דאָ. „די דינים" קען איך אײַך שוין אויסנווייניק און איך היט זיי שטרענג אָפּ.

— ווי אַ פרומער מאָנאַך. מ׳קאָן זאָגן, אַז אײַער נאָוויציאַט* איז געענדיקט. איר האָט שוין געטאָן אַ נדר**. איך גראַטוליר אײַך פייערלעך. איר זאָגט שוין אַפילו „אונזער עס־זאַל". אַגב — כ׳וויל דערבײַ נישט אָנרירן אײַער מענלעכער ווערדע — דערמאָנט איר מיך כמעט מער אין אַ יונג נאָנעלע, ווי אין אַ מאָנאַך — אין אַזאַ ערשט־וואָס אָפּגעשוירן, אומשולדיק קריסטס־בתולהל מיט גרויסע

* די פראָבע־צייט פאַר די, וואָס טרעטן אַרײַן אין אַ קלויסטער.

** צו פאַרבלײַבן אין קלויסטער. דאָס פלעגט פאָרקומען אין אַ פייער־לעכער פאָרם נאָכן פאַרענדיקן דעם נאָוויציאַט.

קרבן־אויג. כ'האָב שוין אַמאָל דאָ און דאָרט געזען אַזעלכע לעמע־לעך אין קיינמאָל נישט אָן... אָן אַ געוויסער סענטימענטאַליטעט. אַך, יאָ, יאָ, אייער קוזין האָט מיר אַלץ דערציילט. אין לעצטן מאָ־מענט האָט איר אייך, הייסט עס, געלאָזט אונטערזוכן.

— ווייל כ'האָב געהאַט היין. ווילט פאַרשטיין, הער סעטעמ־בריני. ביי אַזאַ קאַטאַר וואָלט איך מיך אונטן געווענדט צו אונ־זער דאָקטאָר. און דאָ, וואו מ'איז, אַזוי צו זאָגן, ביי דער כאַמע קוועלע, וואו מ'האָט אויפן אָרט צוויי ספּעציאַליסטן, — ס'וואָלט דאָך געווען קאָמיש...

— פאַרשטייט זיך, פאַרשטייט זיך. און געמאָסטן האָט איר אייך, נאָך איידער מ'האָט אייך געהייסן. מ'האָט עס אייך, אַגב, תיכּף רעקאָמענדירט צו טאָן. דעם טערמאָמעטער האָט אייך פאַר־האַנדלט די מילענדאָנק?

— פאַרהאַנדלט? כ'האָב אים געדאַרפט, האָב איך אים ביי איר געקויפט.

— כ'פאַרשטיי. אַ ריינער מסחר. און וויפל חדשים האָט אייך דער שעף אַריינגעצײַמבלט?... גרויסער גאָט, כ'האָב אייך שוין אַמאָל געפרעגט דאָס אייגענע! איר דערמאָנט זיך? איר זענט געהאַט נאָר־וואָס אָנגעקומען. איר האָט דעמאָלט געענטפערט אַזוי דרייסט...

— נאַטירלעך, געדענק איך עס נאָך, הער סעטעמבריני. איך האָב אַ סך נייע זאַכן דורכגעלעבט זינט דעמאָלט, אָבער דאָס גע־דענק איך נאָך ווי היינט. שוין דעמאָלט זענט איר געווען אַזוי אַמיזאַנט און געמאַכט דעם הויפראַט בערענס פאַר איינעם פון די מלאַכי־חבלה... ראַדאַמעס... ניין, וואַרט נאָר, נישט אַזוי...

— ראַדאַמאַנטיס? ס'קאָן זיין, אַז כ'האָב אים עפּעס אַזוי אָנ־גערופן. איך געדענק נישט אין אַלץ, וואָס ס'טוט מיר אַ פאַל איין ביי אַ געלעגנהייט.

— ראַדאַמאַנטיס, אַוודאי! מינאָס און ראַדאַמאַנטיס! אויך פון קאַרדוטשי האָט איר דעמאָלט גלייך דערציילט...

— דערלויבט מיר, ליבער פריינד, אים לאָמיר איצט לאָזן. דער נאָמען קומט אַרויס אין דעם מאָמענט פרעמד אין אייער מויל.

— אויך גוט — לאַכט האַנס קאַסטאָרפּ. — אָבער דורך אײַך בין איך אַ סך געוואָר געוואָרן וועגן אים. יאָ, דעמאָלט האָב איך נאָך קיין שום אַנונג נישט געהאַט און געענטפערט, אַז כ׳בין געקומען אויף דריי וואָכן. ס׳איז מיר גאָר אַנדערש נישט אײַנגעפאַלן. די קלעפּעלד האָט דעמאָלט, אָנשטאָט אַ גוט־מאָרגן, אויף מיר אַ פייף געטאָן מיט דעם פּנעומאָטאָראַקס. דערפון בין איך געוואָרן שטאַרק צעטומלט. אָבער אויך היין האָב איך דעמאָלט תיכף דערפילט. ווײַל די היגע לופט איז נישט בלויז גוט קעגן דער קראַנקהייט, זי איז אויך גוט פאַר דער קראַנקהייט. טיילמאָל ברענגט זי ערשט די קרענק צום אויסבראָך, און דאָס איז כּלל־כּל־סוף נייטיק, אויב מ׳וויל זיך נעמען היילן.

— אַן אויסגעצייכנטע השערה. צי האָט אײַך אויך דער הויפּראַט בערענס דערציילט וועגן דער דיטשקע פון רובלאַנד, וועלכע מיר האָבן דאָ געהאַט פאַראַיאָרן, ניין, פאַר צוויי יאָרן פינף חדשים צײַט? נישט? ער וואָלט עס געדאַרפט טאָן. אַ סימפּאַטישע דאַמע, דײַטש־רוסיש לויט דער אָפּשטאַמונג, אַ פרוי פון אַ מאַן, אַ יונגע מוטער. זי איז געקומען אַהער פון מזרח, לימפאַטיש, בלוט־אָרעם, מסתמא איז געווען נאָך עפּעס אַן ערנסטערע זאַך. מילא, זי האָט דאָ אָפּגעלעבט אַ חודש און זיך געקלאָגט, אַז זי פילט זיך שלעכט. נאָר געדולד! ס׳איז אַוועק אַ צווייטער און זי האָט ווײַטער געטענהט, אַז ס׳ווערט איר נישט בעסער, נאָר ערגער. מ׳זאָגט איר, אָבער, אַז בלויז דער דאָקטאָר קאָן וויסן, ווי ס׳איז איר. זי קאָן בלויז דערציילן, וואָס זי פילט — און דאָס האָט אַ קנאַפּן באַטייט. מיט אירע לונגען איז מען צופרידן. גוט, זי שווייגט, קורירט זיך און פאַרלירט יעדע וואָך אויף דער וואָג. אין פערטן חודש איז זי בײַ אַן אונטערזוכונג געפאַלן אין חלשות. דאָס שאַדט — האָט דערקלערט בערענס. אַפילו מיט אירע לונגען איז אין אָרדענונג. אָבער אין פינפטן חודש האָט זי מער נישט געקאָנט גיין און האָט דאָס אַוועקגעשריבן צו איר מאַן אין מזרח. בערענס האָט טאַקע באַקומען פון אים אַ בריוו, ס׳איז דאָרטן געווען איבערגעשריבן אויפן קאָנווערט: „פּערזענלעך“ און „דרינגענד“ מיט פעסטער שריפט. כ׳האָב דעם בריוו אַליין גע־

זען. יאָ — האָט בערענס געטענהט און געצייגן מיט די אַקסלען — ס'ווייזט זיך אַרויס, דאַכט זיך, אַז דער היגער קלימאַט דינט איר, אַפּנים, נישט. די פרוי איז געוואָרן אויסער זיך. דאָס איז ער מחייב געווען איר פריער צו זאָגן — האָט זי געטענהט. — זי האָט עס שטענדיק געפילט. ס'איז דאָ געוואָרן פון איר אַ תל עולם!... לאָמיר האָפן, אַז ביים מאַן דאָרט אין מזרח איז זי צוריק געקומען צו די כוחות.

— איבערצייכנט! — איר דערציילט אַזוי שיין, הער סעטעמבריני, יעדעס וואָרט אײַערס איז ממש פּלאַסטיש. אויך פון דער מעשה מיט דער פרײַלין, וואָס האָט זיך געבאָדן אין דער אָזערע, און וואָס מ'האָט איר געמוזט געבן אַ „שטומע שוועסטער", האָב איך אויך גאַנץ אָפט שטילערהייט געמוזט לאַכן. יאָ, וואָס ס'קומט אַלץ פאָר! מ'האַלט כסדר און איין לערנען. וואָס ס'איז, אגב, ניגע מיר אַליין — איז נאָך גאָרנישט זיכער. דער הויפראַט זאָל האָבן געפונען בײַ מיר עפּעס אַ קלייניקייט. די אַלטע ערטער, וואו כ'בין שוין אַמאָל קראַנק געווען, נישט ווינציק דערפון, האָב איך אַליין דערקאָנט בײַם אָנקלאַפּן. איצט זאָל מען ערגעץ הערן אויך פון אַ פרישן אָרט. האַ, דאָס וואָרט „פריש" קומט אויס עפּעס משונה־דיק אין דעם פאַל. אָבער ביז איצט האָט מען אַלץ אַרויסגעדהונגען פון אַקוסטישע סימנים. די אמתע דיאַגנאָסטישע זיכערקייט וועלן מיר האָבן ערשט דעמאָלט, ווען כ'וועל מיך אויפהייבן פון בעט און מ'וועט מאַכן די דורכלויכטונג און די פאָטאָגראַפיע. דעמאָלט וועלן מיר פּאָזיטיוו וויסן, וואו ס'האַלט.

— אַזוי מיינט איר? צי ווייסט איר, אַז די פאָטאָגראַפישע פּלאַטע ווייזט אָפט פלעקן, וועלכע מ'האַלט פאַר קאַווערנעס*, כאָטש פאַקטיש זיינען עס בלויז שאָטנס און דאָרטן, וואו ס'איז יאָ עפּעס פאַראַן, ווייזט אָפטמאָל די פּלאַטע קיין פלעקן נישט? מאַדאָנע, די פאָטאָגראַפישע פּלאַטע! דאָ איז געווען אַ יונגער נומיזמאַטיקער**, וואָס האָט געהאַט היץ. היות ר'האָט געהאַט היץ, האָט מען בלט

* אויסהוילונג.

** איינער, וואָס קלייבט מטבעות.

געזען קאַווערנעס אויף דער פאָטאָגראַפישער פּלאַטע. מ'האָט אַפילו כלומרשט געהערט אויך! מ'האָט אים געהיילט אויף פטיזיס* און דערפאַר איז ער טאַקע געשטאָרבן. די אָבדוקציע האָט שפּעטער געוויזן, אַז די לונגען זיינען געווען אינגאַנצן אין אָרדענונג: און אַז ער איז גאָר געשטאָרבן אויף אַ מין קאָקן**.

— נו, הערט נאָר, הער סעטעמבריני, איר רעדט תיכף וועגן אָבדוקציע. אַזוי ווייט האַלט איך, מסתמא, נאָך נישט.

— אינזשעניער, איר זענט אַ ליץ.

— און איר זענט דורך-און-דורך אַ קריטיקער און אַ צווייפלער — דאָס מוז מען זאָגן! איר גלייבט אַפילו נישט אין דער עקזאַקטער וויסנשאַפט. צי בײַ אײַך ווײַזט די פּלאַטע פלעקן?

— יאָ, ס'זיינען פאַראַן עטלעכע.

— און איר זענט באמת נישט געזונט?

— יאָ, איך בין לײַדער גאַנץ קראַנק — ענטפערט סעטעמבריני און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. עס ווערט אַ פּויזע און ער הוסט אָפּ. האַנס קאַסטאָרפּ קוקט פון זיין געלעגער אויף דעם גאַסט, וועלכן ער האָט שווייגעדיק געמאַכט. ער האָט דערבײַ געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט מיט זיינע צוויי זייער פּשוטע פראַגן אַלע טענות אָפּגעהאַקט, אַפילו די רעפּובליק מיטן שיינעם סטיל. ער האָט אָבער פון זיין זייט גאָרנישט געטאָן, כדי צוריק אַרויפצופירן אויף דעם שמועס.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט סעטעמבריני ווידער זיך אויפגעגלײַכט, מיט אַ שמייכעלע.

— דערציילט-זשע מיר, אינזשעניער — זאָגט ער — ווי אַזוי האָט אײַער משפּחה אויפגענומען די בשורה?

— ס'הייסט, וואָס פאַר אַ בשורה? וועגן דעם, אַז מיין נסיעה ווערט אָפּגעלייגט? אַך, מיין משפּחה באַשטייט פון דריי פעטערס, פון אַן עלטער-פעטער און צוויי זין זיינע, וועלכע זיינען מער קוזינען, ווי פעטערס. אויסער זיי האָב איך נישט קיין משפּחה, איך בין זייער פרי געוואָרן אַ יתום פון פאָטער און מוטער. אויפגענומען? זיי ווייסן

* שווינדזוכט. ** באצילן.

נאָך גאַנץ ווייניק, אַלנפאַלס נישט מער פון מיר אַליין. אינאָנהייב, ווען כ'האָב מיך געמוזט לייגן אין בעט אַריין, האָב איך זיי געשריבן, אַז כ'האָב מיך שטאַרק פאַרקילט און כ'קאָן נישט פאָרן. נעכטן, זעענדיק, אַז די מעשה האָט זיך דאָך אַ ביסל פאַרצויגן, האָב איך זיי נאָכאַמאָל געשריבן און דערציילט, אַז די־פּראַט בעדענס האָט, צוליב מיין קאַטאַר, געוואָרפן אַ חשד אויף מיין ברוסט און ער שפּאַרט זיך איין, אַז כ'זאָל פאַרלענגערן מיין זיין דאָ, ביז דער ענין וועט קלאָר ווערן. זיי וועלן דאָס איפּנעמען גאַנץ קאַלטבלוטיק.

— און אייער פּאָסטן? איר האָט דאָך גערעדט וועגן פּראַקטיק, וועלכע איר האָט געזאָלט קריגן.

— יאָ, ווי אַ וואָלאָנטער*. כ'האָב געבעטן אין פאַבריק, מ'זאָל מיר לעת־עתה אַנטשולדיקן. איר דאַרפט נישט מיינען, אַז זיי וועלן זיך דאָרטן נעמען צום האַרצן. זיי קאָנען זיך ווי לאַנג זיי ווילן באַגיין אויך אָן אַ וואָלאָנטער.

— זייער גוט, פון דער זייט גענומען איז, הייסט עס, אַלץ אין אָרדענונג. גלייכגילטיקייט אויף דער גאַנצער ליניע. טאָ איז בכלל פלעגמאַטיש ביי אייך אין לאַנד, נישט אמת? אָבער אויך ענערגיש.

— אָ, יאָ. ענערגיש אויך, אַוודאַי, זייער ענערגיש — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ. ר'האָט זיך אינצט אין דער פרעמד אויף איינמאָל פאַרטראַכט וועגן דעם כאַראַקטער פון זיין סביבה אין דער היים און געקומען צום רעזולטאַט, אַז זיין מיטשמועסער האָט זי ריכטיק כאַראַקטעריזירט. — פלעגמאַטיש און ענערגיש — דאָס זיינען זיי טאַקע.

— נו, — זאָגט סעטעמברייני ווייטער. — אויב איר וועט דאָ לענגער בלייבן, איז אוממעגלעך, מיר זאָלן זיך דאָ אויבן נישט באַקענען מיט אייער פעטער, כ'מיין מיט דעם עלטער־פעטער. ער וועט אָן שום ספק אַרויפקומען, כדי צו זען, וואָס איר מאַכט.

— אויסגעשלאָסן! — גיט אַ רוף האַנס קאַסטאָרפּ — קיינמאָל אין דער וועלט נישט! מיט קיין צען פּאָר אָקסן! מיין פעטער איז

* אַ פּראַקטיקאַנט, וואָס באַקומט נאָך ניט קיין געהאַלט.

שטאַרק אַפּאָפּלעקטיש, איר ווייסט, ר'האָט כמעט נישט קיין האַלז. ניין, יענער דאַרף האָבן אַ לייטישן לופט־דרוק. ס'וואָלט אים דאָ נאָך ערגער געגאַנגען, ווי אייער דאָמע פון מזרח. ער וואָלט געקריגן אַלע מין אַטאַקעס.

— דאָס אַנטשולדיגט מיך. אַפּאָפּלעקטיש, האַ? וואָס־זשע גיצן פלעגמאַטישקייט און ענערגיע? אייער פעטער איז מסתמא רייך? איר זענט אויך רייך? מ'איז רייך בײַ אײַך אינדערהיים.

האַנס קאַסטאָרפּ שמייכלט פון העטעמבּרינים שריפטשטעלערי־שער פּאַראַלעמיינערונג. דערנאָך פאַרקוקט ער זיך פון זײַן געלעגער אַרויס ערגעץ אין דער ווייט און זעט פאַר זיך די היים, פון וועל־כער ר'איז פאַרפרעמדט. ער דערמאָנט זיך, פּרוווט אומפּערזענלעך אַרויסצוטראָגן אַן אורטייל. די דיסטאַנץ מונטערט אים אויף און גיט אים כוח דערצו. ער ענטפערט:

— מ'איז רייך, יאָ — אָדער מ'איז עס נישט. און אַז נישט — איז טאַקע שלעכט. איך? איך בין נישט קיין מיליאָנער, אָבער דערמיט, וואָס כ'דאַרף, בין איך פאַרזיכערט, איך בין זעלבשטענדיק, כ'האָב צו לעבן. לאָמיר נישט ריידן וועגן מיר. ווען איר וואָלט גע־זאָגט: מ'מוז רייך זײַן דאָרטן — וואָלט איך מיט אײַך מסכים גע־ווען. ווייל לאָמיר אָננעמען, אַז מ'איז נישט רייך, אָדער מ'הערט עס אויף צו זײַן — דעמאָלט איז טאַקע אָך־און־וויי. „דער — ר'האָט דען נאָך געלט?" פלעגט מען פרעגן... אַקוראַט אַזוי און גענוי מיט אַזאַ מינע. איך האָב עס אָפט געהערט און כ'פיל, אַז ס'האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זכרון. ס'איז מיר, מסתמא, אויסגעקומען משונהדיק, כאָטש איך בין געווען געוויינט עס צו הערן. ווען נישט, וואָלט זיך עס מיר נישט אײַנגעקריצט. און ווי מיינט איר? ניין, כ'גלויב נישט, אַז אײַך, ווי אַ האָמאָ הומאַנוס, וואָלט גע־פעלן בײַ אונז. אַפילו מיר, וואָס כ'בין דאָרטן אַן אייגענער, האָט עס אָפט אויסגעוויזן משונהדיק, ווי כ'פיל איצט, כאָטש איך פער־זענלעך האָב צוליב דעם קיינמאָל נישט געליטן. ווער ס'לאָזט נישט בײַ זײַנע מאָלצייטן דערלאַנגען די בעסטע טייערסטע ווײַנען, צו דעם גייט מען בכלל נישט און זײַנע טעכטער בלייבן פאַרזעסן. אַזוי זײַנען די מענטשן. ווען איך ליג דאָ אַזוי און דערמאָן מיך

דערין פונדערווייטנס, קוקט עס מיר אויס משונהדיק. ווי אַזוי האָט איר אַייך אויסגעדריקט פלעגמאַטיש און? און ענערגיש! גוט, אָבער וואָס מיינט איר דערמיט? ס'הייסט: האַרט, קאַלט. און וואָס איז האַרט און קאַלט? — דאָס איז גרויזאַמקייט. עס איז אַ אַכזריותדיקע לופט אונטן, אַן אומברחמנותדיקע. ווען מ'לייגט אַזוי און מ'זעט עס פונדערווייטנס, נעמט אַוש אָן אַ גרויל.

סעטעמבריני הערט זיך צו צו אים און ער שאָקלט מיטן קאָפּ. אַפילו נאָכדעם, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט פאַרענדיקט זיין קריטיק און איפגעהערט רייד, האָט סעטעמברני נאָך אַלץ גע־שאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך האָט ער אָפּגעאָטעמט און זיך אָנגע־רופן:

— איך וועל בשום אופן נישט פאַרענטפערן די באַזונדערע דערשיינונגס־פאָרמען, וועלכע די גרויזאַמקייט פון לעבן נעמט אָן דאָרטן, אין אייערע געזעלשאַפטלעכע קרייזן. ס'איז אַלץ איינס, דער פאָרוואורף פון אַכזריות בלייבט אַ געגנג סענטימענטאַלער פאָר־וואורף. ביי זיך אינדערהיים וואָלט איר כמעט נישט געהאַט קיין מוט צו מאַכן אָט־דעם פאָרוואורף מחמת מורא נישט צו ווערן לע־כערלעך פאַר זיך אַליין. איר האָט אָט־דעם פאָרוואורף מיט רעכט איבערגעלאָזט פאַר די פּליטים פון לעבן. דאָס, וואָס איר דערמאָנט זיך איצט דערין, נעמט זיך פון אַ געוויסער פאַרפרעמדקייט און כ'וואָלט גאָרנישט צופרידן געווען, ווען זי זאָל נאָך גרעסער ווערן. ווייל דער, וואָס געוויינט זיך צו צו מאַכן אָט־דעם פאָר־וואורף, קאָן לייכט פאַרלירן ווערן פאַר דעם לעבן, פאַר די לעבנס־פאָרמען, צו וועלכע ער איז געבוירן געוואָרן. ווייסט איר, אינזשע־ניער, וואָס ס'הייסט „פאַרלירן ווערן פאַרן לעבן"? איך ווייס עס, איך זע עס דאָ צו יעדן טאָג. שפּעטסטנס אין אַ האַלב יאָר אַרום בלייבט פאַר דעם יונגן מענטש, וואָס קומט אַרויף אַהער (און דאָ קומען אַרויף כמעט בלויז יונגע מענטשן) קיין שום אַנדער געדאַנק נישט אין קאָפּ, ווי וועגן פלירט און טעמפּעראַטור. און שפּעטסטנס נאָך אַ יאָר וועט ער אויף קיין שום מענטש נישט קאָ־נען אַנדערש קוקן, ווי אויף אַ אַכזר, אָדער בעסער געזאָגט: ווי אויף אַ קריפּל און עם־הארץ. איר האָט ליב געשיכטעס. כ'קאָן

אײך דינען דערמיט. כ'װאָלט אײך געקאָנט דערצײלן פֿון דעם זון און מאַן, װאָס איז אָפּגעװען עלף חדשים און איך האָב אים געקאָנט. ער איז געװען אַ ביסל עלטער פֿון אײך, מײן איך, שױן אַ ביסל עלטער. ס'איז אים געװאָרן בעסער אַז מ'האָט אים אױך אַ פּראָבע אַהײם געשיקט. ער איז צוריק אַהײם געקומען צו זײן לעבער משפּחה. ס'זײנען נישט געװען קײן פֿעטערס, נאָר אַ מוטער און אַ װײב. אַ גאַנצן טאָג איז ער דאָרטן געלעגן מיטן טערמאָמעטער אין מױל און האָט פֿון קײן שום זאַך נישט געװאָלט װיסן. „דאָס פֿאַרשטײט איר נישט — פֿלעגט ער טענהן — מען מוז האָבן איבן געלעבט, כּדי צו װיסן, װאָס ס'דאַרף געטאָן װערן. דאָ אונטן פֿעלן די גרונד־באַגריפֿן". געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, װאָס די מוטער האָט באַשלאָסן: פֿאָר צוריק אַהײ, מ'קאָן מיט דיר גאָרנישט מאַכן. און ר'איז װידער אַרױף אַהער. ער איז צוריק אין זײן „הײם". איר װײסט דאָך, איב מ'האָט נאָר דאָ אַמאָל געלעבט, רופֿט מען עס „הײם". פֿון זײן יונגער פֿרױ האָט ער זיך אינגאַנצן דערװײטערט. ס'האָבן איר געפֿעלט די „גרונד־באַגריפֿן" און זי האָט געמוזט זיך אָפּזאָגן פֿון אים. זי האָט אײַנגעזען, אַז ער װעט אין דער „הײם" געפֿינען אַ פֿרױ מיט גלײכע „גרונד־באַגריפֿן" און בלײבן דאָ.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט, אַפּנים, געהערט בלױז מיט האַלבע אױערן. ער האָט נאָך אַלץ געקוקט אין דער העלקײט פֿון עלעקטרישן ליכט, װאָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין װײסן צימער, מיט אַ בליק, װי ער װאָלט געקוקט ערגעץ װײט. ערשט שפּעטער האָט ער אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— די הײם האָט ער עס אָנגערופֿן? דאָס איז, באמת, אַ ביסל סענטימענטאַל, װי איר האָט געזאָגט. יאָ, מעשׂיות קאָנט איר אָן אַ שיעור. איך האָב נאָך אַלץ געטראַכט װעגן דעם, װאָס מיר האָבן געזאָגט װעגן האַרטקײט און אַכזריות. אין משך פֿון די לעצטע טעג זײנען מיר אַדורך דורכן קאָפּ פֿאַרשידענע רעיונות. זעט איר, מ'דאַרף זײן אַ גאַנץ גראָבער מענטש, כּדי בטבע מסכּים צו זײן מיט דעם אַרט דענקען פֿון דעם עולם אונטן אין פֿלאַכלאַנד, און צו פֿאַרטראָגן אַזאַ פֿראַגע, װי: „האָסטו געלט?" און

איך די מינעס, וואָס מ׳מאַכט דערבײַ. פֿאַר מיר איז עס, אייגנטלעך, קיינמאָל נישט געווען אינגאַנצן נאַטירלעך, כאָטש כ׳בין אַפֿילו נישט קיין האָמאָ הומאַנוס. איך באַמערק ערשט איצט, אַז ס׳איז מיר אַלעמאָל געווען אויפֿפֿאַלנדיק. אפשר האָט עס געהאַט אַ שייכות מיט מײַן אומבאַוואוסטזיניקער נייגונג צו קראַנקהייט און צוליב דעם איז עס מיר נישט פֿאָרגעקומען נאַטירלעך. די אַלטע קראַנקע ערטער האָב איך אַליין געהערט. איצט האָט בערענס געפֿינען בײַ מיר כּלומרשט אַ פֿרישע קלייניקייט. ס׳האָט מיך אַוודאי איבערגעראַשט, אָבער פֿונדעסטוועגן האָב איך מיך, אין גרונט גענומען, נישט שטאַרק געוואונדערט. פֿאַר אַזאַ געוואַלדיקן גיבור האָב איך מיך, אייגנטלעך, קיינמאָל נישט געפֿילט. דערצו זינען נאָך טאַטע־מאַמע בײַ מיר געשטאָרבן אַזוי פֿרי. פֿון קינדווײַז אויף בין איך אַ יתום פֿון טאַטע און מאַמע, איר פֿאַרשטייט...

סעטעמבריני האָט מיטן קאָפּ, מיט די אַקסלען און מיט די הענט געמאַכט איין באַוועגונג, וואָס האָט קונציק און בולט אויסגעדריקט די פֿראַגע: נו, איז וואָס? טאָ מילא?

— איר זענט דאָך אַ שריפֿטשטעלער — האָט געזאָגט האַנס קאַסטאָרפּ. — אַ ליטעראַט. איר מוזט דאָך פֿאַרשטיין זיך אויף עפּעס אַזוינס און אײַנזען, אַז אין אַזאַ פֿאַל קאָן מען נישט זײַן אַזוי שטרענג געשטימט און האַלטן אינגאַנצן פֿאַר נאַטירלעך די אַכזריות פֿון מענטשן. כ׳מיין די געוויינלעכע מענטשן, וואָס דרייען זיך אַרום, לאַכן, פֿאַרדינען געלט און פּאַשען זיך אויס אַ פֿולן בויך... כ׳ווייס נישט, צי כ׳האָב מיך ריכטיק...

סעטעמבריני פֿאַרנייגט זיך. — איר האָט געוואָלט זאָגן — מאַכט ער קלאָר — אַז די פֿרייע און אָפֿטע באַרירונג מיטן טויט איז גורם אַ גרונד־שטימונג פֿון געמיט, וואָס איז עמפּפֿינדלעך און רייצבאַר אויף דער האַרטקייט און גראָבקייט פֿון אומבאַרחמנותדיקן לעבן, לאָמיר זאָגן: אויף זײַן ציניזם.

— אַקוראַט אַזוי — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענטפֿערט מיט אויפֿריכטיקער באַגײַסטערונג — אויסגעצייכנט אויסגעדריקט, הער סעטעמבריני, ביז אויף אַ האָר. מיט דעם טויט! — כ׳האָב געוואוסט, אַז איר, אַ ליטעראַט...

סעטעמבריני שטרעקט צו איִם אויס די הענט, דערביי האָט ער פאַרלייגט דעם קאָפּ אָן אַ זייט און צוגעמאַכט די אויגן. ס'איז געווען זייער אַ שיינע און מילדע באַוועגונג, אַ סימן, ער זאָל אויפהערן און ער זאָל ווייטער אויסהערן. עס האָט געדויערט אַזוי היפּשע עטלעכע סעקונדן, כאָטש האַנס קאַסטאָרפּ האָט שוין פון לאַנג געשוויגן און מיט פאַרלעגנהייט אָפּגעוואַרט, וואָס ס'וועט גע-שען ווייטער. צום סוף האָט ער ווידער אויפגעעפנט זיינע אויגן — די אויגן פון אַ קאַטאַרינאַזש — און האָט געזאָגט:

— דערלויבט. דערלויבט מיר אייך צו זאָגן, אינזשעניער, אַז איך צו זאָגן און אייך איבערצוגעבן, אַז דער איינציק-געזונטער און איי-דעלער, אַגב אויך (איך וויל עס בפירוש צוגעבן) רעליגיעזער אופן פון באַטראַכטן דעם טויט איז: אויפצופאַסן און צו פילן איִם, ווי אַ באַשטאַנדטייל פון לעבן און ווי אַ זאַך, וואָס געהער דערצו, ווי אַ הייליקער תנאי פון לעבן. אומגעזונט, נישט אידעל, נישט שכל-דיק און נישט רעליגיעז איז די אויפפאַסונג, וואָס שיידט גייסטיק אָפּ דעם טויט פון לעבן, שטעלט איִם אַוועק פאַר אַ היפּך און פּרוווט אַפילו אויסצונוצן דעם טויט אינם קאַמף קעגן לעבן.

די פאַרצייטיקע פלעגן באַצירן זייערע סאַרקאָפאַגן מיט סימ-באָלן פון לעבן און פּרוכפּערונג, אַפילו מיט סעקסועלע סימבאָלן. הייליקייט און עראָטיק זיינען פאַר די אַמאָליקע רעליגיעס בכלל געווען שטאַרק צונויפגעבינדן. די דאָזיקע מענטשן האָבן געוואוסט, ווי אַזוי בכבוד צו האַלטן דעם טויט. דער טויט איז בכבודיק, ווייל ר'איז די וויג פון לעבן, ווי דער מוטער-שויס פון באַנייונג. אָבער ווען מ'קוקט אויף איִם, ווי אויף אַ זאַך, וואָס איז אָפּגעזונ-דערט פון לעבן — דעמאָלט ווערט פון איִם אַ געשפּענסט און אַ פאַרזעעניש — און נאָך עפּעס ערגערס. ווייל דער טויט, ווי אַ זעלבשטענדיקע גייסטיקע מאַכט, איז זייער אַ צעלאָזענער כוח. ער האָט אַפילו אין זיך אָן שום ספק אַ שטאַרק-זינדיקע צוציונג, אָבער די סימפּאַטיע דערצו איז אויך גאַנץ זיכער דאָס שרעקלעכסטע משוגעת פון מענטשלעכן גייסט.

איצט איז סעטעמבריני פאַרשוויגן געוואָרן. ער איז געבליבן שטיין ביי די דאָזיקע אַלגעמיינע אויספירונגען און האָט גאַנץ באַ-

שטימט געהאַט געענדיקט. ער האָט עס געמיינט ערנסט. ר'האָט איצט נישט גערעדט סתם אַזוי זיך; ר'האָט נישט געגעבן זיין מיטשמועסער קיין געלעגנהייט אָנצוקניפּן אַ דיסקוסיע, נאָר האָט, פאַרענדיקנדיק דעם שמועס, גענומען ריידן שטילער און צום סוף אַוועקגעשטעלט אַ פּונקט. ר'איז געזעסן מיט אַ פאַרמאַכט מויל, מיט פאַרלייגטע הענט איבער דער שויס, אין זיינע געקראַטקעוועטע הויזן — איין פוס איבערן אַנדערן. ער האָט בלויז לייכט געשאָקלט מיט איין שוך אין דער לופט און דערביי אים שטרענג באַטראַכט.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט ממילא אויך געשוויגן. זיצנדיק אַן אָנגעשפּאַרטער אויף דעם פּלימאַ, האָט ער איבערגעדרייט דעם קאָפּ צו דער וואַנט און האָט לייכט צוגעפּיקט מיט די פינגער־שפּיצן אויף דער קאָלדרע. ר'האָט זיך געפילט, ווי מ'וואָלט אים ערשט נאָר איבערגעמוסערט און אַפילו איבערגעשייגעצט. אין זיין שווייגן איז געלעגן אַ סך קינדישע פאַרקעשנטקייט. די פּויזע האָט געדויערט היפּש לאַנג.

צום סוף האָט סעטעמבריני ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— איר דערמאָנט אייך, מסתמא, אינזשעניער, אַז מיר האָבן שוין אַמאָל געפירט אַן ענלעכן וויכּוח. מ'קאָן זאָגן: דעם אייגענעם. מיר האָבן דעמאָלט געפלוידערט — דאַכט זיך, ס'איז געווען אויף אַ שפּאַציר — וועגן קראַנקהייט און נאַרישקייט. איר האָט דעמאָלט געהאַלטן, אַז די פאַראייניקונג פון אָט־די ביידע איז אַ פּאַראַדאָקס, אַזוי גרויס איז געווען אייער דרך־ארץ צו קראַנקהייט. איך האָב אָט־דעם דרך־ארץ דעמאָלט באַצייכנט פאַר אַ פינצטערע איינריידעניש, דורך וועלכער מ'איז מבזה דעם מענטשלעכן געדאַנק. איר זענט דעמאָלט, צו מיין פרייד, געווען גענייגט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן מיין מיינונג. מיר האָבן אויך גערעדט וועגן דער נייטראַלקייט און וועגן דער גייסטיקער נישט־אַנטשלאָסנקייט פון דער יוגנט, וועגן איר פרייער בחירה, וועגן איר נייגונג אויסצופּרוּוון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן, און אויך וועגן דעם, אַז מטאָר נישט און מדאַרף נישט באַטראַכטן אָט־די פּרוּוון פאַר ענדגילטיקע און ערנסטע אָפּקלייבן. סעטעמבריני האָט זיך דערביי מיט אַ שמייכל אַ בייג געטאָן אויף

דער שטול, מיט צונויפגערוקטע פיס אויפן דיל, מיט צוזאַמענגעלייגטע הענט אויף די קניען. דעם קאָפּ האָט ער אויך אַ ביסל אויפגעהויבן אינדערקרום. — דערלויבט מיר אויך איצט — האָט ער געזאָגט און זיין קול איז געווען אַ ביסל אויפגערעגט — דערלויבט מיר אַייך אַ ביסל אַרויסצוהעלפן, בעת איר מאַכט אַייערע עקספּערימענטן און פּרווון און אַייך אַרויסצופירן פון אַ טעות, בעת איר זענט אין דער סכנה צו מאַכן פאַלשע אויספירן.

— אַדרבא, הער סעטעמבריני! — האַנס קאַסטאָרפּ נעמט אינדעריך גובר זיין פאַרלעגענע האַלב־צולהכעיסדיקע צוריקגעהאַלטנקייט, הערט אויף צו קוקן אויף דער קאָלדרע און דרייט זיך אויס צום גאַסט מיט פלוצלינגדיקער פריינדלעכקייט. — ס'איז אַפילו אויסערגעוויינלעך פריינדלעך פון אַייער זייט... איך ווייס, באמת, נישט... כ'מיין, צי ס'קאָן ביי מיר...

— גאַנץ סינע פּעקוניאַ — ציטירט סעטעמבריני און שטעלט זיך אויף — ווער וועט זיך דען שטעלן אויף אַ גראָשן. ביידע נעמען לאַכן. מ'הערט, ווי ס'עפנט זיך אויף די אויבנווייניקסטע טאָפּלטיר און אַ ווייל אַרום מאַכט זיך אויף אויך די אינעווייניקסטע. ס'איז יאָאַכים. ער איז ערשט צוריקגעקומען פון אָוונטיקן צונויפקום. דערזעענדיק דעם איטאַליענער, ווערט ער רויט, אַקוראַט ווי פריער האַנס קאַסטאָרפּ. די ברוינע טונקלקייט פון זיין פנים ווערט מיט איין שאַטירונג טיפער.

— אָ, דו האָסט אַ גאַסט — זאָגט ער — זייער גוט פאַר דיר. מ'האָט מיך פאַרהאַלטן. מ'האָט מיך אַריינגעצויגן אין אַ פּאַרטיע ברידזש. זיי רופן עס ברידזש לפנים — זאָגט ער און שאָקלט מיטן קאָפּ. — אין אמתן איז עס גאָר עפּעס אַנדערש. כ'האָב געוואונען פינף מאַרק...

— זאָלסט דיך נאָר נישט צוגעוווינען צו אָט־דער מיאוסער מידה — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ. — הם, הם. הער סעטעמבריני האָט דערווייל מיר אַזוי אָנגענעם פאַרטריבן די צייט... אַגב. איז עס לחלוטין נישט דער ריכטיקער אויסדרוק. גיכער פּאַסט ער פאַר אַייער פאַלשן ברידזש. הער סעטעמבריני האָט מיר אַזוי פיין אויסגעפילט די צייט. ווען מ'פּראַוועט שוין ביי אַייך פאַלשן ברידזש —

דאַרף מען מיט אַלע כּוחות אַרויסרייסן זיך פון אייך, אויב מ'איז אַן אָרנטלעכער מענטש. אָבער כּדי צו קאָנען אָפּט הערן ריידן העך־סעטעמברינין און הערן פון אים אַ גוטע עצה, וואָלט איך כּמעט באַשטאַנען אַ לאַנגע צייט נאָך צו האָבן היץ און צו בלייבן דאָ זיצן ביי אייך... דער סוף וועט זיין, אַז מ'וועט מיר נאָך מוזן געבן אַ „שטומע שוועסטער", כּדי כ'זאָל נישט קאָנען אָפּנאַרן.

— איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, אינזשעניער, אַז איר זענט אַ לין — זאָגט דער איטאַליענער. ער געזעגנט זיך זייער וואַרעם. בלייבנדיק מיטן קוזין אַליין, זיפּצט האַנס קאַסטאָרפּ אָפּ.

— אַ אמתער פּעדאַגאָג — זאָגט ער... — אַ הומאַניסטישער פּעדאַגאָג, דאָס מוז מען מודה זיין. ער האַלט דיך אין איין אויס־בעסערן, אָדער דורך מעשׂיות, אָדער אין אַן אַבסטראַקטער פאָרם. ס'קומט אויס צו ריידן מיט אים וועגן מאָדנע זאַכן. ס'וואָלט קיינ־מאָל נישט איינגעפאַלן, אַז מ'וועט ריידן וועגן דעם, אָדער עס פאַרשטיין אַפילו. ווען כ'וואָלט מיך צונויפגעטראָפן מיט אים אונטן, וואָלט איך זיי טאַקע נישט געוועזן פאַרשטאַנען — גיט ער צו.

אין דער צייט בלייבט יאָאַכים ביי אים אַ ביסל. ער איז מקריב צוויי־דריי פערטל־שעהן פון זיין אָוונטיקער ליג־קוראַציע. טיילמאָל שפּילן זיי שאָך אויף האַנס קאַסטאָרפס עס־טישל. יאָאַכים האָט דעם שאָך אַרויפגעבראַכט פון אונטן. שפּעטער גייט ער אַהיים מיט זאַק און פּאַק, מיטן טערמאָמעטער אין מויל, אויפן באַלקאָן. האַנס קאַסטאָרפּ מעסט זיך אויך צום לעצטן מאָל די היץ, דערביי הערט ער זיך צו צו דער לייכטער מוזיק, וואָס קומט נעענטער אָדער ווייטער פון פינסטערן טאָל אַרויף. צען אַ זייגער ענדיקט זיך די ליג־קוראַציע. מ'הערט יאָאַכימען, מ'הערט דאָס פּאָרפּאָלק פון שלעכטן רוסן־טיש.... האַנס קאַסטאָרפּ לייגט זיך אויף אַ זייט, כּדי איינצושלאָפן.

די נאַכט איז די שווערערע העלפט פון מעת־לעת, ווייל האַנס קאַסטאָרפּ פלעגט זיך אָפט אויפכאַפּן און נישט זעלטן ליגן אויף שעהן־לאַנג. אפשר האָט זיך עס געגנומען דערפון, וואָס די וואַ־רעמקייט פון בלוט האָט אים צערודערט, אָדער דערפאַר, וואָס זיין

חשק און ווילן צום שלאָפן איז קאַליע געוואָרן הורך זיין כסדר־דיקער „האָריזאָנטאַלער לאַגע“. דערפאַר אָבער זיינען די שעהן פון שלאָף פיל געווען מיט די פאַרשיידנסטע און לעבעדיקסטע חלומות. ער האָט זיי אַפילו געקאָנט שפינען ווייטער וואַכעדיקערהייט. אויף די כסדרדיקע צעגלידערונג און איינטיילונג פון טאָג האָט גורם געווען, ער זאָל אויסזען קירצער, האָט בײַנאַכט געהאַט די אייגענע ווירקונג די צעגאָסענע איינטאָניקייט פון די גייענדיקע שעהן. אָבער קוים איז שוין געוואָרן פאַרטאָג — איז געווען אַ מחיה צוצוקוקן זיך, ווי דאָס צימער ווערט ביסלעכווייז גרויער און העלער, ווי אַלע זאַכן שיילן זיך אַרויס פון דער טונקלקייט און ווי דער טאָג איז דרויסן צינדט זיך אָן טריב אָדער לוסטיק. איידער מ׳קוקט זיך אום, קלאַפּט ווידער דער באָד־מייסטער פעסט אָן אין דער טיר — אַ סימן, אַז ס׳הייבט זיך אָן דער סדר פון טאָג.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט מיטגענומען אויף זיין נסיעה קיין קאַלענדאַר. דערפאַר האָט ער קיינמאָל נישט געוואוסט גענוי וואָס פאַר אַ טאָג ס׳איז. פון צייט צו צייט האָט ער זיך געפרעגט ביי זיין קוזין, אָבער יענער איז אין דעם פונקט אויך נישט שטענדיק אַזוי זיכער. אַלנפאַלס האָט מען זיך ווי עס איז געקאָנט אָריענטירן לויט די זונטאָגן, דער עיקר די זונטאָגן מיט קאָנצערטן, וואָס פאַלן אים איינמאָל אין צוויי וואָכן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט שוין דאָ דורכגעלעבט צוויי אַזעלכע זונטאָגן און מ׳איז, אַלנפאַלס, געווען זיכער, אַז ס׳איז שוין ווייט אין סעפּטעמבער אַריין, בערך אין דער העלפט. פון דעם טריבן און קאַלטן וועטער, וואָס ס׳האָט געהערשט, בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, איז מער נישט געווען קיין זכר. איצט זיינען כסדר געשטאַנען העללעבע זומער־טעג, איינער נאָכן אַנדערן, אַזוי, אַז יאָאַכים פלעגט יעדן פרימאָרגן אַריינקומען צו זיין קוזין אין ווייסע הויזן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט בשום אופן נישט געקאָנט איינהאַלטן זיך, ער זאָל נישט שטאַרק באַדויערן; ס׳איז געווען אַ באַדויערן, וואָס קומט פון דער נשמה און פון די יונגע מוסקולן, הלמאַי אַזאַ פרעכטיקע צייט ווערט פאַרלוירן. ער האָט אַפילו אַמאָל שטילערהייט געזאָגט, אַז ס׳איז „אַ חרפּה“, הלמאַי ער פאַרלירט זי אויף אַזאַ אופן. ער האָט

זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס אַרומגייענדיק וואָלט ער אויך ניט געקאָנט אַ סך מער אויסטאָן, ווי איצט, ווייל ר'האָט זיך שוין איבערגעצייגט, אַז צופיל באַוועגונג שאַדט אים דאָ. אַ ביסל האָט ער פונדעסטוועגן געקאָנט הנאה האָבן פון דער האַרעמער ליכטיקייט אינדרויסן אַדאַנק דער באַלקאָן-טיר, וואָס איז געשטאַנען ברייט-צעעפנט.

אָבער בײַם סוף פון דער צייט, וואָס איז אים באַשטימט געוואָרן צו ליגן, איז ווידער געוואָרן אַ שלעכט וועטער. איבערנאַכט איז געוואָרן נעפּלדיק און קאַלט, דאָס טאָל האָט זיך אײַנגעהילט אין נאַסן שניי-שטייב און דאָס צימער איז פיל געוואָרן מיט דעם טרוקענעם היץ פון דאַמף-הייצונג. טאַקע אין דעם זעלבן טאָג האָט האַנס קאַסטאָרפּ בײַם מאָרגן-וויזיט פון די דאָקטוירים דערמאָנט דעם הויפראַט, אַז היינט ווערט דריי וואָכן ווי ער ליגט און איך געבעטן מען זאָל אים דערלויבן אויפצושטיין.

— וואָס איז דאָס, איר זענט שוין פאַרטיק? — לאָמיר נאָר געבן אַ קוק. באמת, סשטימט. גאָט, ווי די יאָרן לויפן. אַ סך געענדערט האָט זיך נישט בײַ אײַך אין משך פון דער צייט. וואָס, נעכטן איז די היץ געווען נאָרמאַל? יאָ, אַחוץ זעקס אַ זייגער נאָכמיטאָג. נאַ, קאַסטאָרפּ, איך גיב אײַך, ווייל איך נישט זיין קיין שלעכטער און וועל אײַך צוריק אָפּגעבן צו דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. הייבט אויף די פיס און גייט, מאַן! פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַ מאָס און אַ שיעור. בקרוב וועלן מיר מאַכן אײַער אינערלעכן פּאָרטרעט. פאַרשרייבן! — זאָגט ער אַרויסגייענדיק צו ד״ר די אַקסלען אויף האַנס קאַסטאָרפּן און קוקט אָן מיט זיינע בלוי-קראָקאָווסקי, דערבײַ ווייזט ער מיט זיין ריזיקן גראָבן פינגער איבער טיקע און טרערנדיקע, בלויע אויגן דעם אַסיסטענט... האַנס קאַסטאָרפּ פאַרלאָזט די „רעמיזע".

מיט אַ הויך-אויפגעהויבענעם קאָלנער פון מאַנטל און אין קאַלאָשן גייט ער מיט דאָס ערשטע מאָל מיט זיין קוזין צו דער באַנק בײַם טײַכל. דערבײַ פרווט ער אויפן וועג אַ פרעג טאָן, ווי לאַנג, אַ שטייגער, דער הויפראַט וואָלט אים געלאָזט ליגן, ווען ער וואָלט נישט אַליין דערמאָנט, אַז די צייט האָט זיך געענדיקט. יאָאַכים האָט

געקוקט פאַר זיך נישט זיכער, האָט געעפנט דאָס מויל ווי איך אַ מרה־שחורהדיקן „מילא“ און דערביי געמאַכט אַ מינע, ווי איינער זאָגט: ווער ווייסט? —

---

## מיין גאָט, איך זע!

ס'האָט געדויערט אַ וואָך ביז די אייבערין פאָן מילענדאָנק האָט געמאָלדן האַנס קאַסטאָרפן, ער זאָל זיך שטעלן אין דער דורכלייכטונג־לאַבאָראַטאָריע. ער האָט נישט געוואָלט יאָגן. מ'איז שטאַרק פאַרנומען אין „בערגהאָף“, די דאָקטוירים מיטן פערסאָנאַל זיינען, אַפנים, באַשיט מיט אַרבעט. אין די לעצטע טעג זיינען אָנגעקומען נייע געסט: צוויי רוסישע סטודענטן מיט געדיכטע טשופרינעס און מיט פאַרמאַכטע, שוואַרצע רובאַשקעס, דורך וועלכע מ'זעט נישט אַרויס קיין שפור פון קיין וועש. ס'איז אָנגעקומען אַ האָלענדיש פאָרפאָלק, וואָס האָט פאַרנומען ערטער ביי סעטעמבריניס טיש. אויך אַ מעקסיקאַנער אַ הויקער, וואָס פלעגט קריגן מוראדיקע אַטאַקן פון אָטעם־פאַרפעלונג און דערשרעקן דעם עולם. ער פלעגט זיך דערביי מיט אַלע כּוחות אָנכאַפן מיט זיינע אייזערנע הענט אין זיין שכן, אַליין איינס, צי אַ מאַן, צי אַ פרוי, און זיך פעסט געקלאַמערט אָן אים. יענער פלעגט זיך אַרויסרייסן אַ דערשראָקענער, שרייען געוואַלד און איבערנעמען דעם קראַנקנס שרעק. בקיצור, דער עסזאַל איז געווען כּמעט אינגאַנצן באַזעצט, כאָטש דער ווינטער־סעזאָן הייבט זיך אָן ערשט אין אָקטאָבער. האַנס קאַסטאָרפס לייכטער צושטאַנד, דער גראַד פון זיין קראַנקהייט האָט אים כּמעט נישט געגעבן קיין רעכט, מ'זאָל זיך מיט אים באַזונדערס פאַראינטערעסירן. די פרוי שטער איז ביי איר גאַנצער עם־האַרצות און נאַרישקייט געווען אַ סך קראַנקער פון אים. וועגן ד"ר בלומענקאָל — שוין אָפגערעדט. מ'וואָלט געדאַרפט פאַרלירן יעדן חוש פאַר ראַנג און דיסטאַנץ, כּדי אין האַנס קאַסטאָרפס פאַל נישט אַרויסצווייזן באַשיידענע צוריקגעהאַלטנקייט. בפרט נאָך, ווען אָט־דער חוש איז אין דער סאַנאַטאָריע שטאַרק אַנטוויקלט. ליכט־קראַנקע האָבן דאָ געהאַט אַ קנאַפן ווערט, ער האָט עס אָפט אַרויסגעהערט פון שמועסן.

מ'האָט געערדט וועגן זיי מיט ביטול, געמאָסטן זיי מיט דער מאָס פון דער סאַנאַטאָריע, געקוקט אויף זיי פון אויבן אַראָפּ. און דאָס האָבן געטאָן נישט בלויז יענע, וואָס האָבן אַליין געהערט צו די שווערער- און שווער-קראַנקע, נאָר אַפילו אויך אַ עלטע, וואָס זיינען אַליין געווען „לייכטע“. דערמיט האָבן זיי, וואָס אמת, מבטל געווען זיך אַליין אויך, פונדעסטוועגן האָבן זיי געקריגן מער ווערט אין די אייגענע אויגן צוליב דעם, וואָס זיי וואַרפן זיך אונטער דער אַלגעמיינער מאָס. אַזוי דאַרף מען זיך פירן. אַ, דער — האָט איינער געקאָנט זאָגן וועגן אַ צווייטן — אים איז דאָך, אייגנטלעך, גאָרנישט. ר'האָט קיים רעכט דאָ צו זיצן. ר'האָט אַפילו נישט קיין קאַווערנע... אַזאַ גייסט האָט דאָ געהערשט, אַן אַריסטאָקראַטיע פון אַ באַזונדערן סאָרט און האַנס קאַסטאָרפּ האָט איר אָפּגעגעבן כבוד צוליב געבוירענעם דרך-ארץ פאַר יעדן מין געזעץ און אָרדענונג. ווי גאָט האָט געבאָטן, הייסט עס. נאָר ווייניק געבילדעטע רייזנדע מאַכן חוזק פון די מנהגים און ווערטן פון די פעלקער, ביי וועלכע זיי זיינען, כאָטש יענע האָבן גענוג גוטע מעלות. אַפילו בנוגע יאָאַכימען האָט האַנס קאַסטאָרפּ אָפּגעהיט אַ געוויסן דרך-ארץ. נישט אַזוי ווייט דערפאַר, ווייל יענער איז דאָ געווען אַ תושב און קאַסטאָרפּס פירער און טשיטשעראָנע אין אָט-דער סביבה. נאָר דערפאַר, ווייל יאָאַכים איז אָן שום ספק געווען דער „שווערערער“. נאָר ביי אַזאַ לאַגע איז פאַרשטענדלעך, הלמאַי יעדער איז דאָ געווען גענייגט צו מאַכן פון זיין קראַנקהייט אַ גאַנצן יש און אַפילו איבערצוטרייבן. מ'האָט אַזוי-אַרום געוואָלט געהערן צו דער אַריסטאָקראַטיע, אָדער על-כּל-פּנים זיך דערנענטערן צו איר. ווען מ'האָט האַנס קאַסטאָרפן געפרעגט ביים טיש, וואָס ער מאַכט, האָט ער אויך צוגעלייגט עטלעכע שטריכן מער, וויפל ר'האָט פאַקטיש געהאַט. ר'האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט איינהאַלטן נישט קיין הנאה צו האָבן, בעת מ'האָט אים געדראָט מיט די פינגער, ווי עמעצן, וועלכן מ'האַלט פאַר אַ שטיל וואַסערל. אָבער כאָטש ר'האָט אַ ביסל צוגעלייגט, איז ער נאָך אַלץ געבליבן, אין תוך אַריין, אַ מענטש פון אַ נידעריקער מדרגה. דערפאַר זיינען אַמבעסטן געווען אויבן אָרט זיין געדולד און די צוריקגעהאַלטנקייט.

ער האָט ווידער אָנגעהייבן זיין לעבן פון די ערשטע דריי וואָכן צוזאַמען מיט יאָאַכימען, דאָס גוט-באַקאַנטע, איינטאָניקע, רעגולערע לעבן. ס'איז געגאַנגען ווי געשמירט, פון ערשטן טאָג אָן, גלייך ווי ס'וואָלט קיינמאָל נישט איבערגעריסן געוואָרן. די דאָזיקע הפסקה איז באמת געווען גאָרנישט מיט נישט. ער האָט דערשפּירט תיכּף ווי ר'האָט זיך ווידער צום ערשטן מאָל באַוויזן ביים טיש. יאָאַכים האָט אַפילו געזען, אַז אויף קאַסטאָרפּס אָרט זאָלן שטיין עטלעכע בלומען. ער האָט אויך אַזעלכע ענינים געלייגט גרויס געוויכט. אָבער די באַגריסונג מצד די טיש-שכנים איז געווען גאָר ווייניק פייערלעך. מ'האָט אים כּמעט אויפגענומען אַזוי ווי פריער, בעת ער פלעגט זיך שיידן נישט אויף דריי וואָכן, נאָר אויף דריי שעה. ס'איז נישט געשען אַזוי ווייט צוליב גלייכגילטיקייט צו דעם פּשוטן און סימפּאַטישן יונגנמאַן, אויך נישט דערפאַר, ווייל די מענטשן זיינען צו-שטאַרק באַשעפטיקט מיט זיך, דאָס הייסט: מיט זייערע קערפּערס. גיכער איז עס געשען צוליב דעם, ווייל די צווישנצייט האָט זיך נישט אָנגעזען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיי זייער לייכט געקאָנט פאַרשטיין. ווייל ער אַליין איז אויך געזעסן אויף זיין אָרט ביים עק טיש צווישן דער לערערין און מיס ראָבינזאָן און געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי ער וואָלט געזעסן דאָ ערשט נעכטן.

אויב מ'האָט זיך זייער ווייניק געמאַכט פון זיין צוריקקומען ביים איינגענעם טיש — וואָס האָט מען נאָך געקאָנט מאַכן זיך דערפון ווייטער אין זאַל? דאָרטן האָט עס ממש קיינער אַפילו נישט באַמערקט. דער איינציקער אויסנאַם איז געווען סעטעמברינני, וואָס איז נאָך דער מאָלצייט צוגעקומען און באַגריסט זיך וויציק-פריינדשאַפטלעך. האַנס קאַסטאָרפּ האָט, וואָס אמת, געפונען נאָך אַן אויסנאַם, אָבער מיר לאָזן עס איבער פאַר אים אַליין. ער האָט געהאַלטן, אַז אויך קלאַוודיאַ שאָשאַ האָט באַמערקט, אַז ר'איז ווידער דאָ. תיכּף, ווי זי איז אַריינגעקומען (פאַרשפּעטיקט, ווי אַלעמאָל) און אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אירע שמאָלע אויגן און זיך באַגעגנט מיט זיין בליק. באַלד נאָכדעם, ווי זי האָט זיך באַוויזן אַוועקצוזעצן, האָט זי ווידער זיך

אומגעקוקט צו אים איבערן אַקסל און מיט אַ שמייכעלע. ס'איז געווען דאָס אייגענע שמייכעלע, ווי מיט דריי וואָכן צוריק, איידער ר'איז אַוועק צום הויפּראַט. דאָס איז געווען אַזאַ אָפענע און דרייסטע באַוועגונג — דרייסט סיי בנוגע אים אַליין, סיי בנוגע דעם איבעריקן עולם, — אַז ר'האָט אַליין נישט געוואוסט, צי ער זאָל זיין אַנט־ציקט דערפון, אָדער ר'זאָל עס האַלטן פאַר אַ סימן פון ביטול און האָבן עגמת־נפש. אַלנפאַלס האָט זיין האַרץ זיך צונויפגעקאָר־טשעט פון די דאָזיקע בליקן, וועלכע האָבן אינגאַנצן און אויף אַ שרעקלעכן, באַרוישנדיקן אופן אָפּגעלייקנט און אויסגעלאָכט זיך פון דער געזעלשאַפטלעכער אימבאַקאַנטשאַפט צווישן אים און דער קראַנקער. זיין האַרץ האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט שוין בשעת די גלאָז־טיר האָט אַ קלונג געטאָן. ווייל ער האָט געוואַרט אויף דער דאָזיקער רגע מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

מ'מוז צוגעבן, אַז האַנס קאַסטאָרפּס אינערלעכע באַציִונג צו דער פּאַציענטין פון גוטן רוסן־טיש, די שייכות פון זיינע חושים און פון זיין באַשיידענעם גייסט צו דער מיטלוואוקסיקער, קעצישער פּאַציענטין מיט די קירגיזישע אויגן, בקיצור — זיין פאַרל בטקייט (לאָמיר באַנוצן דאָס וואָרט, כאָטש ס'איז אַ וואָרט פון „אונטן", אַ וואָרט פון פלאַכלאַנד און עס קאָן שאַפן די פּאָרשטעלונג, אַז ס'קאָן דערהיף חל־זיין דאָס לידל „ווי ס'באַרירט מיך וואונדערלעך") האָט גע־מאַכט גרויסע פּאָרשריטן אין משך פון דער צייט, וואָס ר'איז נישט געזעסן ביים טיש. איר בילד האָט געשוועבט פאַר אים, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג און געקוקט, ווי דאָס צימער שיילט זיך ביסלעכווייז אויס פון דער טונקלקייט, אויך אינאָוונט, בעת ער האָט געגלאָצט אין דער געדיכטער פינסטערניש (אויך אין יענעם מאָמענט, ווען סעטעמבריני איז צו אים אַריין און האָט פלוצלונג אָנגעצונדן די עלעקטרע, איז דאָס בילד בולט גע־שטאַנען פאַר אים און צוליב דעם איז ער אַזוי רויט געוואָרן דער־זעענדיק דעם הומאַניסט. אין די איינצלנע שעהן פון צעברעקלטן טאָג האָט ער געטראַכט וועגן איר מויל, אירע באַקן־ביינער, אירע אויגן, וואָס זייער קאָליר, פאָרם, איינשטעל האָבן זיך אים אַריינגעגעסן אין די ביינער, איר איינגעקאָרטשעטע רוקן, איר האַלטונג פון קאָפּ, דעם

שדרה־ביינדל פון איר נאַקן־אויסשניט אין דער בלוזע און וועגן די אָרעמס, וואָס זיינען פאַרהילט מיט דער דינסטער גאַזע. אויב מיר האָבן פאַרשוויגן, אַז דאָס איז געווען די סיבה, הלמאַי די שעהן זיינען אים אַזוי לייכט אַוועק, איז עס געשען נאָר צוליב דעם, וואָס מיר נעמען אָנטייל און סימפּאַטיזירן מיט דער געוויסנס־אומרויקייט, וואָס האָט זיך אַריינגעמישט אין דער דערשרעקנדיקער פרייד, וועלכע ס'האָבן געבּרענגט מיט זיך אָט־די בילדער און זעונגען. יאָ, ס'האָבן זיך צונויפגעבונדן שרעק און איבערגעונג, אַ אומבאַגרענעצטע און פולשטענדיקע אַוואַנטוריסטישע האָפענונג, וואָס פירט ערגעץ צו אַ אומבאַשטימטן תכלית, פרייד און פחד, וואָס האָבן קיין נאָמען נישט, אָבער פונדעסטוועגן פלעגן זיי טיילמאָל אַזוי צוגייפּרעסן דעם יונגנמאַנס האַרץ (זיין פּאַקטיש און קערפּערלעך האַרץ), אַז ער פלעגט איין האַנט אַוועקלייגן אויף דער ברוסט, די אַנדערע אויפהייבן צום שטערן (ער האָט מיט איר פאַרשטעלט די אויגן, ווי מיט אַ שירעם) און שעפּטשען:

— מיין גאָט!

ווייל הינטערן שטערן זיינען געווען געדאַנקען, אָדער האַלבע געדאַנקען, וועלכע האָבן, אייגנטלעך, ערשט צוגעגעבן די בילדער און זעונגען זייער דרייסטע זיסקייט. זיי האָבן געהאַט אַ שייכות צו מאַדאַם שאָשאַס אָפּגעלאָזנקייט און דרייסטקייט, צו איר קרענק, צו דער אַרויסשיילונג און באַטאָנונג פון איר קערפּער דורך דער קראַנקהייט, אויף וועלכער ער קרענקט איצט אויך, ווי דער דאָקטאָר האַלט. ער האָט דערשפּירט הינטערן שטערן די אַוואַנטוריסטישע פרייהייט, מיט וועלכער פרוי שאָשאַ איז מבטל די געזעלשאַפטלעכע אומבאַקאַנטשאַפט צווישן זיי, בעת זי קוקט זיך אום צו אים און שמייכלט. זי טוט עס אַזוי, גלייך זיי וואָלט בכלל נישט געהערט צו דער געזעלשאַפט און גלייך ס'וואָלט אַפילו נישט נייטיק געוועזן זיי זאָלן זיך דורכשמועסן... צוליב דעם מאַקע פלעגט ער דערשראָקן ווערן. ער פלעגט דערשראָקן ווערן אַקוראַט אַזוי, ווי בעת ר'איז געשטאַנען מיט יאָאַכימען אין אינטערזוכונגס־צימער און ער האָט אינדערהייך און פאָרשנדיק אויפגעהויבן דעם בליק פון יענעמס קערפּער צו זיינע אויגן. דער חילוק איז בלויז געווען דער, וואָס

דעמאָלט האָט זיין שרעק געשטאַמט פון רחמנות און געטריישאַפט.
דאָ איז געווען אין שפּיל אַ גאַנץ אַנדערער עלעמענט.

איצט, הייסט עס, איז דאָס בערגהאָף־לעבן, דאָס אָנגענעמע
און אײַנגעטיילטע לעבן אויף דעם ענגן שטח, געגאַנגען מיטן אָנ־
געצייכנטן וועג. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געוואַרט ביז מ׳וועט מאַכן די
רענטגען־פאָטאָגראַפיע. דערווייל האָט ער געטיילט זיין לעבן מיטן
וואוילן יאָאַכימען און אַקוראַט זיך געפירט, ווי יענער. די דאָזיקע
שכנישאַפט איז מסתמא צונוץ געקומען דעם יונגנמאַן. כאָטש ס׳איז
געווען בלויז אַ שכנישאַפט פון אַ קראַנקן, האָט זי געהאַט אין זיך
אַ סך מיליטערישע בכבודיקייט. די דאָזיקע בכבודקייט האָט, וואָס
אמת, נישט באַוואוסטזיניק שוין געהאַלטן דערביי, זי זאָל זיך באַ־
פרידיקן מיט דער קור־דינסט. זי איז אויך געוואָרן ווי אַ מין סוראָ־
גאַט פון פלאַכלענדישער דיסציפלין און אַ באַריף אין דערוויל.
האַנס קאַסטאָרפּ איז נישט געווען אַזוי נאַריש, ער זאָל עס נישט
גענוי באַמערקן. פונדעסטוועגן האָט ער געפילט, אַז זי האָט אַ
צוימענדיקע און אײַנהאַלטנדיקע ווירקונג אויף זיין ציוויליסטיש־גע־
מיט. ס׳קאָן זיין, אַז טאַקע די דאָזיקע שכנישאַפט, איר בײַשפּיל
און איר השגחה אויף אים האָבן קאַסטאָרפן אָפּגעהאַלטן פון צו־
עקסטרעמע שריט אין בלינדע פרוון. ווייל ר׳האָט גאַנץ גוט גע־
זען, וואָס דער וואוילער יאָאַכים האָט אויסצושטיין פון דער כוואַליע
פאָמעראַנצן־פערפום, וואָס שלאָגט אים טאָג־טעגלעך אין פּנים אַריין,
און הינטער וועלכער ס׳האָבן זיך באַהאַלטן אַ פּאָר ברוינע אויגן,
אַ קליינער רובין, אַ סך אומפאַרשטענדלעכער חשק צום לאַכן און
אַ שטאַרק אַנטוויקלטער בוזעם. דער שכל און די ערלעכקייט, מיט
וועלכע יאָאַכים האָט אויסגעמיטן און אָפּגעטרעטן פאַר אָט־דעם אײַנ־
פלוס, האָבן גערירט קאַסטאָרפן, אים אַליין אויך אַ ביסל געצוימט
און נישט צוגעלאָזט דערצו, ער זאָל, אַזוי צו זאָגן, „באָרגן אַ
בלייפעדער בײַ דער שמאָל־אויגיקער מאַדאַם שאָשאַ. ווען נישט דער
דיסציפּלינירטער שכן זיינער, וואָלט ער עס גאַנץ זיכער געווען גע־
טאָן.

יאָאַכים האָט קיינמאָל נישט גערעדט וועגן דער לאַכנדיקער מאַ־
רושיאַ. ממילא האָט אויך האַנס קאַסטאָרפּ שוין נישט געקאָנט

ריידן מיט אים וועגן קלאַוודיען. ער האָט זיך בלויז דערלויבט בגנבה צו שמועסן וועגן דעם מיט דער לערערין ביים טיש, רעכטס פון אים. ר׳האָט זיך געריי֑צט מיט דער אַלטער פריילין צוליב איר שוואַכקייט פאַר דער בויגעוודיקער פאַציענטין און גורם געווען, זי זאָל זיך רייטלען. דערביי האָט ער אַליין געמוזט אָנשפּאַרן די גאָמבע, ווי אַמאָל דער זיידע. ער האָט זי אויך געצוואונגען, זי זאָל גע־וואָר ווערן נייע און אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן מאַדאַם שאָשאַס פּערזענלעכע ענינים, וועגן איר אָפּשטאַם, וועגן איר מאַן, עלטער און וועגן איר קראַנקהייט. ער האָט געוואָלט וויסן, צי זי האָט קינ־דער, — ניין, זי האָט נישט. וואָס וואָלט אַזאַ פרוי ווי זי געטאָן מיט קינדער? מ׳האָט איר, מסתמא, שטרענג פאַרווערט צו האָבן אַ קינד. פון דער צווייטער זייט, ווידער: וואָס פאַר אַ קינדער וואָלטן דאָס געווען? האַנס קאַסטאָרפּ האָט געמוזט מסכים זיין. אַחוץ דעם איז שוין, מסתמא, צו־שפּעט דערויף, האָט ער אַרויס־געזאָגט אַ השערה מיט געוואַלדיקער זאַכלעכקייט. טיילמאָל, ווען ער זעט זי אין פּראָפיל, זעט אים אויס מאַדאַם שאָשאַס פּנים שוין כמעט אַ ביסל פאַרשאַרפט. איז זי שוין איבער די דרייסיק? פריילין ענגלהאַרט האָט געטענהט, אַז בשום־אופן נישט. קלאַוודיאַ דרייסיק? אין ערגסטן פאַל איז זי אַלט אַכט־און־צוואַנציק. וואָס עס איז נוגע דעם פּראָפיל, דערלויבט זי אים נישט צו זאָגן עפּעס אַזוינס. קלאַוו־דיאַס פּראָפיל איז יוגנטלעך־צאַרט און באַטעמט. אמת, דער פּראָ־פיל איז אַן אינטערעסאַנטער, נישט ווי ביי וועלכער ס׳איז געזונט־פּע־טער גאַנז. פאַר אַ שטראָף האָט פריילין ענגלהאַרט אין איין אָטעם דערציילט, אַז צו פרוי שאָשאַ קומט אָפט, ווי זי ווייסט, אַ גאַסט, אַ מאַנסביל, אַ רוס, וואָס וואוינט אין „פּלאַץ". זי נעמט אים אויף נאָכמיטאָג אין איר צימער.

דאָס איז געווען גוט געטראָפן. האַנס קאַסטאָרפּס פּנים האָט זיך פאַרקרימט, כאָטש ער האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, מ׳זאָל עס נישט דערקענען אין אים. אַפילו די ווערטער „הערט נאָר אַ נייס" און „זעט נאָר, זעט", מיט וועלכע ער האָט געפּרוווט רעאַגירן אויף דער ידיעה, זיינען אַרויסגעקומען נישט נאַטירלעך. ר׳האָט בשום־אופן נישט געקאָנט נעמען לייכט די מעשה מיט דעם רוס,

ווי ר'האָט זיך פריער געוואָלט איינרעדן, און ר'איז אַליין כסדר צוריקגעקומען אויף דעם שמועס מיט ציטערנדיקע ליפּן. אַ יונגער־מאַן? — לויט אַלעם, וואָס זי האָט געהערט וועגן אים, איז ער אַ יונגער און אַ שיינער — האָט געענטפערט די לערערין, ווייל אַליין האָט זי אים נישט געזען. — קראַנק? — העכסטנס לייכט קראַנק. — לאָמיר האָפן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט מיט חזק — אַז מזעט ביי אים אַרויס מער וועש, ווי ביי די לאַנדסלייט פון שלעכטן רוסיש. כדי אים נאָך מער צו שטראָפן, האָט די פריילין ענגלהאַרט דערקלערט, אַז זי איז ערוב דערפאַר. דעמאָלט האָט ער מודה געווען, אַז ס'איז אַן ענין, מיט וועלכן מ'דאַרף זיך פאַראינטערעסירן, און זי ערנסט געבעטן, געוואָר צו ווערן, ווער ס'איז דאָס פאַר איינער דער רוס, וועלכער איז ביי איר אַ שטענדיקער איינגייער. אָבער אָנשטאָט אים איבערצוגעבן ידיעות וועגן דעם, איז זי אין עטלעכע טעג שפּעטער געוואָר געוואָרן גאָר אַ נייע זאַך.

זי איז געוואָר געוואָרן, אַז מ'מאָלט די מאַדאַם שאָשאַ, מ'מאַכט פון איר אַ פּאָרטרעט און געפרעגט קאַסטאָרפּן, צי ער ווייסט דערפון. אויב נישט, מעג ער זיין זיכער, אַז ס'איז אמת. זי ווייסט עס פון דער זיכערסטער קוועלע. שוין אַ היפּשע צייט, ווי זי איז דאָ פאַר עמעצן אין דער סאַנאַטאָריע אַ מאָדעל פאַר אַ בילד. און פאַר וועמען? — פאַר'ן הויפראַט! צוליב דעם קומט זי כמעט יעדן טאָג צום הויפראַט בערענס אין דער פּריוואַט־וואוינונג אַריין.

די דאָזיקע ידיעה האָט האַנס קאַסטאָרפּן איבערגעגט נאָך מער, ווי די פריערדיקע. פון איצט אָן האָט ער נישט אויפגעהערט צו מאַכן פּוילע וויצן וועגן דעם. אַזוי, מילא, ס'איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז דער הויפראַט מאָלט אייל־בילדער. וואָס וויל זי, די לערערין, דאָס איז נישט פאַרווערט און יעדער קאָן עס פריי טאָן. אין דעם הויפראַטס בחורישער וואוינונג, העי? מסתמא זיצט דערביי, לכל־הפחות, די פריילין פאָן־מילענדאָנק. — יענע האָט, מסתמא, נישט קיין צייט. — בערענס האָט, מסתמא, אויך נישט מער צייט פון דער אייבערין — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ שטרענג. אָבער כאָטש ר'האָט אַזוי־אַרום אַרויסגעזאָגט וועגן דעם ענין אַן ענדגילטיקע מיינונג, פּונ־

דעסטוועגן איז ער געווען זייער ווייט אָפּצוהאַקן דערפֿון, נאָר האָט נאָך אַליין כּסדר אויסגעפֿרעגט זיך וועגן אַלע פּרטים. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בילד: אַ קאָפּ, אָדער ביז צו די קניען. ווען קומען־פֿאָר די זיצונגען? אָבער פֿריילין ענגלהאַרט האָט אויך דאָ אום נישט געקאָנט איבערגעבן קיין גענויע פּרטים און אים געטרייסט, אַז זי וועט זיך באַמיען געוואָר צו ווערן נאָך עפּעס וועגן דעם.

נאָך דער דאָזיקער ידיעה האָט דער טערמאָמעטער געוויזן ביי האַנס קאַסטאָרפּן 37,7. די וויזיטן, וועלכע פֿרוי שאָשאַ גופֿא מאַכט, האָבן אים נאָך מער ווי געטאָן און באַאומרויִקט, ווי די וויזיטן, וועלכע זי נעמט אויף. פֿרוי שאָשאַס פּריוואַט און פּערזענלעך לעבן, ווי אַזעלכעס, אומאָפּהענגיק פֿון דעם אינהאַלט, האָט שוין סיי־ווי אָנגעהייבן אים ווי צו טאָן און צו באַאומרויִקן. ווי פֿאַרשאַרפֿט זיינען געוואָרן דער ווייטאָג און די אומרו, בעת ר׳האָט אָנגעהייבן דערוויסן זיך פֿלערליי זאַכן וועגן דעם אינהאַלט פֿון אָט־דעם לעבן. ס׳איז אַפֿילו זייער מעגלעך, אַז די באַציִונגען פֿונם רוסישן גאַסט צו דער רוסין זיינען געווען גאַנץ ניכטערע און אומשולדיקע. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ איז זינט אַ צייט געווען גענייגט צו האַלטן ניכטערקייט און אומשולדיקייט פֿאַר אַ באָבע־מעשה. האָט ער טאַקע זיך נישט געקאָנט גובר זיין און לעבן מיט דער אַיינרעדעניש, אַז די מאָלעריי איז די איינציקע באַציִונג צווישן דעם פֿעסטן אַלמן און דער שמאָל־אויגיקער, קעצישער יונגער פֿרוי. דער געשמאַק, וועלכן דער הויפֿראַט האָט אַרויסגעוויזן ביים אויסקלייבן דעם מאָדעל, איז צו־ענלעך געווען צו זיין אייגענעם געשמאַק, ער זאָל אין דעם פֿאַל קאָנען גלייבן אין ניכטערקייט. דעם הויפֿראַטס בלויע באַקן און זיינע רויט־אָדעריקע אַפּערקוועלנדיקע אויגן האָבן נאָך מער אונטערגעגראָבן דעם גלייבן אין זיין ניכטערקייט.

אין אָט־די טעג האָט ער צופֿעליק און אויף אייגענער אַחריות באַמערקט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אויף אים געווירקט אין אַן אַנדער ריכטונג, כאָטש ס׳איז ווידער געגאַנגען וועגן דער באַשטעטיקונג פֿון זיין געשמאַק. ביי דעם טיש, וואָס שטייט אין דער בריט, און וואו ס׳זיצט פֿרוי סאַלאָמאָן און דער זולל־וסובאדיקער שילער מיט די ברילן, לינקס פֿון די קוזינען, לעבן דער ווייטיקער

גלאָז־טיר, זיצט איינער אַ קראַנקער, וואָס שטאַמט פון מאַנהיים, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהערט. ס'איז אַ מענטש פון אַ יאָר דרייסיק, מיט שיטערע האָר, פאַרפוילטע ציין און מוט אַ שוואַך לשון: דער אייגענער, וואָס שפּילט טיילמאָל אינאָווענט ביים צוטיפּקום אויף דעם פּיאַנאָ, ס'רוב — דעם חתונה־מאַרש פון „אַ חלום פון אַ זומער־נאַכט". מ'זאָגט, אַז ר'איז זייער אַ פרומער. דאָס איז, אַגב, גאָרנישט קיין זעלטנקייט צווישן די קראַנקע דאָ אויבן, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהערט זאָגן. מ'זאָגט, אַז ער גייט יעדן זונטאָג אין קירך אַריין אונטן אין „פּלאַץ" און אַז ער לייענט בעת דער ליג־קוראַציע פרומע ביכער, ביכער מיט אַ קעלך אָדער מיט אַ פּאַל־מען־צווייג אויף די טעוולעך. אָט־דער — האָט האַנס קאַסטאָרפּ איינמאָל באַמערקט — קוקט אויך כסדר אַהין דאָרטן, וואו ער. זיין בליק הענגט אין מאַדאַם שאָשאַס ביגעוודיקער פיגור און דערביי אַזוי פחדנותדיק און צודרינגלעך, אַז ס'דערגייט צו הינטישקייט. נאָכ־דעם, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס איינמאָל באַמערקט, האָט ער זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און יעדעס מאָל איבערגעצייגט זיך דערין איבערניי. ער פלעגט אים זען שטיין אינאָווענט צווישן די געסט אין שפּיל־צימער, אומעטיק און פאַרלוירן קוקן אויף דער ליבער אָבער קרענקלעכער פרוי, וואָס איז אין קליינעם סאַלאָן געזעסן אויף דער סאָפע און גערעדט מיט דער וואָלהאָריקער מאַמאַראַ (אַזוי האָט געהייסן דאָס הומאָריסטישע מיידל), מיט ד"ר בלומענקאָל און מיט דעם שכן פון איר טיש, וואָס האָט איינגעפאַלענע באַקן און נאָכהענגענדיקע אַקסלען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזען, ווי יענער דרייט אַוועק דעם קאָפּ, באַהאַלט זיך אויס, דערנאָך נעמט ער פּאַמעלעך ווידער קוקן אויף הינטערווײַלעכץ מיט זייטיקע אויגן־אַפּלען און נע־בעכדיק־פאַרצויגענער אייבערשטער ליפּ. בעת די גלעזערנע טיר פלעגט צופאַלן און פרוי שאָשאַ האָט זיך צוגעשאַרט צום טיש, פלעגט יע־נער בלאַס ווערן און זיך נישט אומקוקן. באַלד אָבער פלעגט ער זיך אומקוקן און נעמען גלאָצן גיריק. אַ סך מאָל האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזען, ווי דער אומגליקלעכער שטעלט זיך נאָך דער מאָל־צייט אַוועק צווישן גוטן רוסן־טיש און דעם אַרויסגאַנג, כדי פרוי שאָשאַ זאָל פאַרבייגיין לעבן אים. פרוי שאָשאַ פלעגט דורכגיין אין

אים נישט באמערקן. בעת זי איז געווען נאענט לעבן אים, פלעגט ער אויך איר אנשטעלן א פאר דארשטיקע אויגן, וואס זיינען דורך-און-דורך פול געווען מיט טרויער.

אויך די דאזיקע אנטדעקונג האט גאנץ שטארק געווירקט אויף דעם יונגן האנס קאסטארפ, כאטש דעם מאנהיימערס נעבעכדיקער יצר-הרע צו קוקן אויף דער פרוי האט אים נישט געקאנט באאומרויקן אויף דעם זעלבן אופן, ווי די פריוואטע שייכות צווישן קלאודיא שאשא און דעם הויפראט בערענס, א מענטש, וואס שטייגט אים איבער סיי אין יארן, סיי מיט דער פערזענלעכקייט און מיט דער שטעלונג אין לעבן. קלאודיא האט זיך פון דעם מאנהיימער גארנישט געמאכט. ווען זי וואלט געהאט צו אים דעם מינדסטן אינטערעס, וואלט עס האנס קאסטארפ מיט זיין אינעדלעכער פארשארפטקייט תיכף באמערקט. נישט דער דארן פון אייפערזוכט האט, הייסט עס, אין דעם פאל געפייניקט האנס קאסטארפס נשמה. ר׳האט איצט פארזוכט אלע טעמים פון ליידנשאפט און באדישטקייט, בעת זיי דערזעען זיך אליין אין עמעצן אנדערש. עס איז א מאדנע געמיש פון עקל און רחמנות. ס׳איז אוממעגלעך דא אין אלץ אריינצו-דרינגען און אלץ צו אנאליזירן, אויב מיר ווילן נישט בלייבן שטיין אויף איין ארט. דאס, וואס ער האט באמערקט ביים מאנהיימער, איז אלנפאלס געווען איבער די כוחות פון ארעמען האנס קאסטארפ.

אזוי-ארום זיינען אוועק אכט טעג ביז האנס קאסטארפס דורכ-לייכטונג. ער האט אליין נישט געוואוסט, אז ס׳האט געדויערט אזויפיל, אבער אין איינעם א פרימארגן האט ער ביים פרישטיק באקומען א באפעל פון דער אייבערין (זי האט שוין א נייעם גערשטן. ס׳איז שוין גאנץ זיכער געווען א נייער. דער דאזיקער אומשולדיקער אבער מיאוסער פעלער איז, אפנים, געווען ביי איר אן איינגעבוירענע זאך), ער זאל נאכמיטאג אוועק אין דער לאבאראטאריע. דערפון האט ער פארשטאנען, אז ס׳איז אוועק א וואך. האנס קאסטארפ דארף זיך צושטעלן צוזאמען מיט זיין קוזין, א האלבע שעה פאר דער טיי. ווייל ביי דער געלעגנהייט וועט מען אויך ביי יאכימען מאכן א רענטגען-אויפנאמע. די לעצטע מוז שוין זיין פארעלטערט.

זיי האָבן היינט די גרויסע נאָכמיטאָגדיקע ליג־קוראַציע פאַר־
קירצט אויף דרייסיק מינוט, זיינען אַקוראַט האַלב פיר „אַ־אָפּ״ מיט
די שטיינערנע טרעפּ אין כלומרשטן קעלער אַריין און האָבן זיך
ביידע אַוועקגעזעצט אין קליינעם אָפּוואַרט־צימער, וואָס ליגט צווישן
דעם אָרדינאַציע־צימער און צווישן דער דורכלויכטונגס־לאַבאָראַטאָריע.
פאַר יאָאַכימען איז עס נישט געווען קיין נייעס. ער איז דערפאַר
געזעסן אינגאַנצן רויק. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען אַ ביסל גע־
שפּאַנט, ווייל ביז איצט האָט מען נאָך קיינמאָל נישט אַריינגע־
קוקט אין זיין אינערלעך־אָרגאַניש לעבן. זיי זיינען נישט געווען
אַליין. ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין צימער, זיינען שוין גע־
זעסן נאָך אַ סך געסט מיט צעריסענע אילוסטרירטע צייטונגען אויף
די קניען און האָבן אויך געוואַרט. ס׳איז דאָ געווען אַ ריזיקער
יונגער שוועד, וואָס זיצט אין עס־זאַל ביי סעטעמבריניס טיש און
וועגן וועלכן מ׳דערציילט, אַז בעת ר׳איז אָנגעקומען, אין אַפּריל, איז
ער געווען אַזוי קראַנק, אַז מ׳האָט אים קוים געוואָלט אויפנעמען.
איצט האָט ער שוין געהאַט צוגענומען אַכציק פונט און ס׳האָט שוין
געהאַלטן דערביי, מ׳זאָל אים אַהיימשיקן אינגאַנצן אַן אויסגעהיילטן.
ס׳איז דאָרטן געווען אַ פרוי פון „שלעכטן רוסן־טיש״, אַן אויסגע־
צערטע מיט איר נאָך אויסגעצערטערן, לאַנג־נאָזיקן און מיאוסן יינגל
סאַשאַ. יענע האָבן שוין געוואַרט נאָך פאַר די קוזינען. זיי האָט
מען, מסתמא, באַשטעלט אויף אַ פריערדיקער שעה; מ׳האָט זיך,
אפנים, מיט עפּעס פאַרשפּעטיקט אינם דורכלויכטונגס־צימער. מ׳וועט
שוין צוליב דעם האָבן קאַלטע טיי.

אין דער לאַבאָראַטאָריע האָט מען זיך געפּאָרעט. מ׳האָט גע־
הערט דעם הויפּראַטס קול געבן אָנווייזונגען. ס׳איז שוין געווען
האַלב פיר אַ זייגער אָדער נאָך אַ ביסל שפּעטער, בעת די טיר
האָט זיך געעפנט. עס האָט זי געעפנט אַ טעכנישער אַסיסטענט,
וואָס האָט דאָ געאַרבעט. איצט האָט מען אַריינגעלאָזט דעם שווע־
דישן ריז און בר־מזל. דעם פריערדיקן האָט מען, ווייזט אויס, אַרויס־
געלאָזן דורך אַן אַנדער אַרויסגאַנג. איצט איז אַלץ צוגעגאַנגען גי־
כער. אין צען מינוט אַרום האָט מען שוין געהערט אין קאָרידאָר די
שטאַרקע טריט פון דעם אַוועקגייענדיקן אינגאַנצן אויסגעהיילטן סקאַנ־

דינאַמער, די גייענדיקע רעקלאַמע פון דעם אָרט און פון דער סאַנאַטאָריע. באַלד נאָך אים האָט מען אַריינגעלאָזט די רוסישע מוטער מיט סאַשען. סיי בעת דער שוועד איז אַריינגעגאַנגען, סיי איצט האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַמערקט, אַז אין דורכלויכטונגס-צימער איז האַלב-טונקל, דאָס הייסט, — מ'האָט דאָרטן געמאַכט אַ קינסטלעך האַלב-ליכט, אַקוראַט ווי אין ד"ר קראָקאָווסקיס אַנאַליטישן קאַבינעט. די פענסטער זיינען פאַרהאַנגען, די ליכט פון טאָג — פאַרשטעלט און ס'ברענען דאָרטן עטלעכע עלעקטרישע לאָמפּן. בעת מ'האָט אַריינגעלאָזט סאַשען מיט דער מוטער און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיי נאָכגעקוקט — אַקוראַט דעמאָלט האָט זיך געעפנט די טיר פון קאָרידאָר און ס'איז אַריינגעקומען דער פּאַציענט, וואָס איז באַשטעלט געוואָרן נאָך זיי. צוליב דער פאַרשפּעטיקונג, איז עס געווען צו-פרי. ס'איז געווען מאַדאַם שאָשאַ.

יאָ, קלאַוודיאַ שאָשאַ איז פּלוצלונג אַריינגעפאַלן אַהער אין דעם צימערל. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זי דערקענט מיט אויפגעריסענע אויגן. דערביי האָט ער בולט געפילט, ווי דאָס בלוט איז אים אַרויס פון פּנים און זיין אונטערשטער קין איז אויף איינמאָל געוואָרן אַזוי שוואַך, אַז דאָס מויל האָט זיך שיר נישט געעפנט. זי איז אַריינגעקומען אַזוי אומגעריכט, קלאַוודיאַ שאָשאַ, איידער מ'האָט זיך אומגעקוקט. פּלוצלונג האָט זי זיך געפונען אין דעם קליינעם צימערל צוזאַמען מיט די קוזינען, ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל. יאָאַכים האָט איגנעריך אַ קוק געטאָן אויף האַנס קאַסטאָרפּן און האָט גיך בלויז אַראָפּגעלאָזט די אויגן, נאָר אַפילו גענומען פון טיש דאָס אילוסטרירטע בלאַט, וואָס ר'האָט שוין געהאַט אַוועקגעלייגט, און דערמיט פאַרשטעלט דאָס פּנים. האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט געהאַט גענוג אַנטשלאָסנקייט אים נאָכצוטאָן. באַלד נאָכדעם, ווי ר'איז בלאַס געוואָרן, האָט אים דאָס בלוט צוריק אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין און זיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּן, ווי מיט האַמערס.

פרוי שאָשאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער טיר פון דער לאַבאָראַטאָריע אויף אַ קיילעכיק קליין שטולכל מיט קורצע אָנלענס, ווי געמאַכט סתם אויף אַ זכר, האָט זיך אָנגעשפּאַרט, לייכט פאַרלייגט איין פוס איבערן אַנדערן און געקוקט פאַר זיך. צוליב דעם

באַוואוסטזיין, אַז מ'קוקט אויף זיי, האָבן זיך אירע פּריביסלאַוו־אויגן נערוועז אָפּגעקערט אין אַ זייט אין דערפאַר אויסגעזען אַ ביסל שיקל־דיק. זי האָט געטראָגן אַ ווייסן סוועטער, אַ בלוי קלייד און האָט געהאַלטן אויף דער שויס אַ בוך, אַפּנים — אַ באַנד פון דער ליי־ביבליאָטעק. דערביי האָט זי שטיל צוגעקלאַפּט מיט דער זויל פון איר שוך.

אין אַן אָנדערטהאַלבן מינוט האָט זי געביטן איר פּאָזיציע, זיך אומגעקוקט, איז אויפגעשטאַנען מיט אַ מינע, גלייך זי זאָל נישט וויסן, וואָס דאָ טוט זיך און צו וועמען זי דאַרף זיך ווענדן, און — האָט אָנגעהויבן ריידן. זי האָט עפּעס געפרעגט ביי יאָאַכי־מען, כאָטש יענער איז געווען פאַרטיפט אין דער אילוסטרירטער צייטונג, און האַנס קאַסטאָרפּ איז געזעסן ליידיק. זי האָט אַרויסגע־לאָזט ווערטער פון מויל און דאָס קול איז געקומען פון ווייטן האַלז. ס'איז געווען דאָס נישט־טיפע, אָנגענעם־צעדרושעטע, כאָטש אַ ביסל שאַרפע קול, וואָס האַנס קאַסטאָרפּ האָט גוט געקאָנט — געקאָנט זינט לאַנג און איינמאָל עס אַפילו געהערט פון דער נאָענט און דירעקט. ס'איז געווען דעמאָלט, בעת מ'האָט מ'טן אייגענעם קול צו אים אַליין אַ זאָג געטאָן: „אַדרבא, אָבער דו זאָלסט זי מיר זיכער צוריקגעבן אין אַ שעה אַרום". יענע ווערטער זיינען אָבער אַרויס־געזאָגט געוואָרן פליסיקער און זיכערער. איצט האָט ער געהערט אַרויסזאָגן די אייגענע ווערטער פּאַמעלעכער און געבראָכן, גלייך ווי זי וואָלט נישט געהאַט קיין נאַטירלעכע רעכט צו די ווערטער, נאָר זיי בלויז אויסגעבאָרגט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס שוין פריער נישט איינמאָל געטראַכט מיט אַ געוויסן שטאָלץ, כאָטש ר'האָט גלייכצייטיק געפילט אַ הכנעהדיקע אַנטציקונג. מיט איין האַנט אין דער קעשענע פון איר וואָלענעם סוועטער און מיט דער אַנדערער אונטערן גרעק — האָט פרוי שאָשאַ אַ פרעג געטאָן:

— אַנטשולדיקט, אויף ווען האָט מען אייך באַשטעלט?

יאָאַכים האָט אינדערגיך אַ קוק געטאָן אויף זיין קוזין און צוזאַמענרוקנדיק די קנאַפּלען, האָט ער זיצנדיקערהייט געענטפערט:

— אויף האַלב פיר.

זי האָט ווייטער געזאָגט:

— מיך אויף דריי פערטל אויף פיר. וואָס איז געשען? ס'איז שוין באַלד פיר אַ זייגער. ס'זיינען נאָך דאָרטן אַריין מענטשן, נישט?

— יאָ, צוויי — ענטפערט יאָאַכים. זיי זיינען געווען פאַר אונז אין דער ריי. די אויפנאַמעס האָבן זיך פאַרשפעטיקט. דאַכט זיך, אַז מיט אַ האַלבער שעה.

— דאָס איז אומאָנגענעם! — זאָגט מאַדאַם שאָשאַ און באַטאַפט נערוועז אירע האָר.

— נישקשה — ענטפערט יאָאַכים. — מ'ר וואַרטן אויך שוין כמעט אַ האַלבע שעה.

אַזוי האָבן זיי געשמועסט צווישן זיך און האַנס קאַסטאָרפ האָט זיך צוגעהערט, ווי אין חלום. דאָס, וואָס יאָאַכים רעדט מיט פרוי שאָשאַ, איז פאַר אים געווען כמעט דאָס אייגענע, גלייך ווי ער אַליין וואָלט מיט איר גערעדט, כאָטש, צוריקגעשמועסט, איז עס געווען גאָר עפּעס אַנדערש. דער „נישקשה" האָט האַנס קאַסטאָרפן פשוט באַליידיקט, דאָס וואָרט האָט אים אין דעם פאַל אויסגעוויזן חוצפהדיק און אַלנפאַלס באַליידיקנדיק. אָבער יאָאַכים האָט געמעגט אַזוי ריידן — ער האָט בכלל געמעגט ריידן מיט איר. ס'קאָן אפשר זיין, אַז ר'האָט זיך פאַר קאַסטאָרפן אויסגענומען מיט זיין חוצפהדיקן „נישקשה" — אַקוראַט ווי ער אַליין האָט זיך געבריהט פאַר יאָאַכים און סעטעמברִיני, און אויף יענעמס פראַגע, ווי לאַנג ער האָט דאָ בדעה צו בלייבן, געענטפערט בקיצור: דריי וואָכן. כאָטש יאָאַכים האָט געהאַלטן די צייטונג פאַרן פנים, האָט זי זיך געווענדט צו אים, אַוודאי דערפאַר, ווייל ער איז דאָ מער תושב און זי קאָן אים לענגער פון זען. אָבער זי האָט עס געטאָן אויך צוליב דעם, ווייל זי האָט מיט אים געקאָנט ריידן לייטיש און העפלעך און ס'איז צווישן זיי נישט געווען עפעס ווילדס, טיפס, שרעקלעכס און סודותדיקס. ווען דאָ וואָלט געוואַרט עמעץ מיט ברוינע אויגן, מיט אַ רובין און מיט אַ ריח פון פאָמעראַנצן-פערפום, וואָלט ער, האַנס קאַסטאָרפ, געווען דער, וואָס וואָלט גערעדט און זיך פאַרגונען צו זאָגן „נישקשה" — ווייל ר'איז בנוגע איר ריין און אומאָפּהענגיק. אַוודאי אומאָנגע-

נעם, פריילין — וואָלט ער געזאָגט און אפשר דערביי וואוילע׳ריש אַרויסגעכאַפּט זיין נאָז־טיכל, כּדי אַריינצושנייצן. — איר מוזט האָבן געדולד. מיר וואַרטן אויך — יאָאַכים וואָלט דעמאָלט געשטוינט, ווי לייכט ער פּטרט עס אָפּ, כאָטש ער וואָלט, מסתּמא, נישט געוואָלט זיין אויף זיין אָרט. ניין, אויך האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט מקנא געווען יאָאַכימען איז דעם פאַל, כאָטש ער האָט גערעדט מיט פרוי שאָשאַ. ער איז צופרידן געווען, וואָס זי האָט זיך געווענדט צו יאָאַכימען. זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון דערפון, וואָס זי גייט טאָן און דערמיט אַליין באַוויזן, אַז זי ווייסט, וואָס ס׳טוט זיך... זיין האַרץ האָט געקלאַפּט, ווי מיט האַמערס.

יאָ, יאָאַכים האָט די פרוי שאָשאַ באַהאַנדלט קיל. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַפילו אַרויסגעפילט מצד דעם וואוילן יאָאַכימען עפּעס אַזוינס, ווי אַ מין שנאה צו איר. פון דער דאָזיקער שנאה האָט האַנס קאַסטאָרפּ געמוזט שמייכלען, כאָטש ר׳איז געווען אַזוי אויפגערעגט. באַלד דערנאָך האָט „קלאַוודיאַ“ געפּרוווט אַ גיי טאָן איבערן צימער. אָבער ס׳איז געווען צו־ווייניק אָרט דערויף. באַין ברירה האָט זי אויך גענומען אַן אילוסטרירטע העפט פונם טיש און זיך דערמיט צוריק אַוועקגעזעצט אויף דער שטול מיט די סימנים פון אָנלענס. האַנס קאַסטאָרפּ איז געזעסן און זי אָנגעקוקט, דערביי האָט ער אָנגעלענט די גאָמבע, ווי דער זיידע און טאַקע לעכערלעך ענלעך געוואָרן צו דעם אַלטן. פרוי שאָשאַ האָט ווידער פאַרלייגט איין פוס איבערן צווייטן און איר קני, אייגנטלעך, די גאַנצע שלאַנקע ליניע פון איר פוס, איז בולט געוואָרן הינטערן בלויען קלייד. זי איז געווען מיטל־וואוקסיק, אַ וואוקס, וואָס איז אין האַנס קאַסטאָרפּס אויגן די אָנגענעמסטע און די ריכטיקסטע. אָבער זי האָט געהאַט פּראָפּאָרציאָנעל הויכע פיס און נישט קיין ברייטע היפטן. זי איז נישט געזעסן אָנגעלענט, נאָר איינגעבויגן פאָרויס, די געקרייצטע הענט האָט זי אָנגעשפּאַרט אויף דעם אייבער־שענקל פון דעם אַריבערגעוואָרפענעם פוס. איר רוקן איז געווען פאַרקיילעכדיקט, די אַקסלען — אַיינגעקאָרטשעט, אַזוי, אַז מ׳האָט אַרויסגעזען דאָס נאַקן־ביינדל. אונטער דעם געפּאַסטן סוועטער האָט מען

אַפילו אָנגעזען די גאַנצע שדרה און אויך איר ברוסט, וואָס איז נישט געווען אַזוי הויך און פול, ווי ביי מאַרושיאַ, נאָר קליין און מיידלעריש, פון ביידע זייטן צוזאַמענגעפרעסט. פלוצלונג האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ דערמאָנט, אַז זי זיצט דאָ אויך און וואַרט, ביז מ'וועט זי דורכלויכטן. דער הויפראַט מאָלט זי. מיט אייל און פאַרב נעמט ער אַראָפּ איר צורה אויף לייוונט. אָבער איצט וועט ער אין דער טונקלקייט קאָנצענטרירן אויף איר אַזעלכע שטראַלן, וואָס וועלן אַנטפּלעקן דאָס אינעווייניקסטע פון איר קערפּער. בשעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס געטראַכט, האָט ער אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ אין אַ זייט מיט אַ בכבודיק פינסטערער מינע — ס'איז געווען אַן אויסדרוק פון דיסקרעציע און מאָראַלישקייט און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז צוגעפּאַסט צו אָט־די רעיונות זיינע.

דאָס צוזאַמען־זיין זאַלבעדריט אין דעם וואַרט־צימער האָט נישט געדויערט לאַנג. מיט סאַשען און מיט זיין מוטער האָט מען דאָרטן נישט געמאַכט קיין גרויסע שהיות. מ'איילט זיך צוריק אויס־צוגלייכן די פאַרשפּעטיקונג. איצט האָט דער טעכניקער מיטן ווייסן קיטל ווידער געעפנט די טיר. יאָאַכים איז אויפגעשטאַנען, אַוועק־געוואָרפן זיין צייטונג אויפן טיש און האַנס קאַסטאָרפּ איז אים נאָכגעגאַנגען צו דער טיר, כאָטש מיט אַ געוויסער קווענקלעניש. ס'איז אים איינגעפאַלן אַ ריטערלעכער געדאַנק, ער זאָל פאָרט זיך איינשטעלן אויף אַ פיינעם אופן עפּעס ריידן צו פראַו שאָשאַ און איר פאָרלייגן אַריינצוגיין פריער. אפשר אַפילו אויף פראַנצייזיש, ווען ס'זאָל זיך לאָזן. ער האָט האַסטיק געזוכט ווערטער, כדי צונויפצושטעלן אַ זאַץ. ער האָט אָבער נישט געוואוסט, צי ס'זיינען דאָ אָנגענומען אַזעלכע העפלעכקייטן, צי די באַשטימטע ריי שטייט נישט אַמאָל איבער יעדער ריטערלעכקייט. יאָאַכים מוז דאָס וויסן. ער האָט אָבער, ווי מ'זעט, נישט בדעה אַריינצולאָזן די דאַמע פריער, כאָטש האַנס קאַסטאָרפּ קוקט אים אָן געריִרט און דרינגלעך. ממילא גייט ער אים נאָך. בשעת ער גייט פאַרביי מאַדאַם שאָשאַ, גיט זי בלויז אינדערגיך אַ קוק אַרויף און כאַפּט אַ בליק דורך דער טיר אין דער לאַבאָראַטאָריע.

ר'איז געווען צופיל דורכגענומען פון דעם, וואָס ר'האָט גע=
לאָזט הינטער זיך, פון די געשעענישן אין די לעצטע צען מינוט,
ער זאָל געווען קאָנען ביים אַריבערטרעטן די שוועל פון דער לאַ=
באָראַטאָריע תיכּף איבערבייטן זיין אינעווייניקסטן מצב. אין דעם קינסט=
לעכן האַלב=ליכט האָט ער גאָרנישט געזען, אָדער געזען בלויז
דאָס אַלגעמיינע. ער האָט נאָך אַליין געהערט פרויי שאָשאַס אָנ=
גענעם מאַט קול, ווי זי האָט געזאָגט: „וואָס איז געשען... ס'זיי=
נען נאָך אַריין מענטשן?... דאָס איז אומאָנגענעם...“ דער קלאַנג
פונם דאָזיקן קול איז אים אַריבער איבערן רוקן, ווי אַ זיסער
שוידער. ר'האָט געזען, ווי איר קני צייכנט זיך אָפּ אונטערן קלייד,
האָט געזען דעם נאַקן=ביינדל אונטער איר געבויגענעם קאַרק, אי=
בער וועלכן אירע קורצע רויטלעכע האָר הענגען צעפלאָסענע און
נישט פאַרפלאָכטענע אינם גרעק. און אַ צווייט מאָל איז אים דורכ=
געלאָפן דער שוידער. הויפראַט בערענס איז דאָ געשטאַנען אויסגע=
דרייט פון דער טיר, פאַר אַ שאַנק אָדער פאָליצע און האָט באַ=
טראַכט אַ שוואַרצלעכע קלישע, וועלכע ר'האָט געהאַלטן מיט אַן
אויסגעשטרעקטער האַנט קעגן דער מאַטער שיין פון סופיט. זיי זיי=
נען אים פאַרבייגעגאַנגען, אַריין טיפער אין צימער און דער גע=
הילף האָט זיך גענומען גרייטן צו דער אויפנאַמע. ס'האָט זיך דאָ
געשפירט אַ מאָדנער ריח. די לופט איז פול געווען מיט אַ מין
אָפּגעשטאַנענעם אָזאָן*. צווישן ביידע שוואַרץ=פאַרהאַנגענע פענס=
טער האָט אַ ווענטל אָפּגעטיילט די לאַבאָראַטאָריע אויף צוויי נישט
גלייכע העלפטן. ס'זיינען דאָ געווען פיזיקאַלישע אַפּאַראַטן, רערלעך,
אַ רעגוליר=טאָוול, אַרויסשטאַרצנדיקע מעסט=אינסטרומענטן און אויך
אַ קאַסטן, אַ מין קאַמעראַ, אויפגעשטעלט אויף אַ געשטעל מיט רעד=
לעך. ס'זיינען דאָ אויך געווען גלעזערנע דיאַפּאָזיטיוון, וואָס זיי=
נען געווען שורותווייז אַריינגעזעצט אין דער וואַנט. מ'האָט אַליין
נישט געוואוסט, צי געפינט מען זיך אין אַ פאָטאָגראַפישן אַטעליע,
אין אַ טונקל קאַמער, אָדער — אין אַ ערפינדערישן וואַרשטאַט און
אין אַ וואונדערלעכער לאַבאָראַטאָריע.

---

* אַ מאָדיפיקאַציע פון זויערשטאָף, וואָס אַנטשטייט בעת ס'שטראָמט
עלעקטריציטעט אין דער אַטמאָספערישער לופט און האָט אַ שטאַרקן ריח.

יאָאַכים האָט אָן שום קונצן זיך גענומען אויסטאָן ביז אין דער העלפט. דער געהילף אין ווייסן קיטל — אַ פעסטער, רויטבאַקיקער בחור פון דער היגער געגנט — האָט געהייסן האַנס קאַסטאָרפן אויך טאָן דאָס אייגענע. דאָס גייט=צו שנעל, באַלד וועט זיין די ריי אויף אים... בשעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויסגעטאָן דאָס וועסטל, איז בערענס אַרויסגעקומען פון דער קליינער אָפּטיילונג, וואו ר'איז געשטאַנען ביז איצט, און איז אַריין אין דער גרעסערער.

— האַללאָ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — אָט זיינען אונזערע דיאָסקורן! קאַסטאָרפּ און פּאָלוקס*... זענט אַזוי גוט, הערט אויף צו זיפצן! וואַרט נאָר צו, מ'וועט אייך תיכף ביידע דורכקוקן. איך מיין, אַז איר האָט מורא, קאַסטאָרפּ, צו עפענען פאַר אונז אייער אינעווייניקסטן קערפּער? זייט רויק, ס'גייט צו גאַנץ עסטעטיש. איר האָט שוין געזען מיין פּריוואַטע בילדער=גאַלעריע? דערביי האָט ער אָנגענומען קאַסטאָרפן ביי דער האַנט, אים צוגעפירט צו די שורות טונקעלע גלעזער און האָט הינטער זיי אויפגעדרייט די עלעקטרע. עס איז געוואָרן ליכטיק און אויף די גלעזער האָבן זיך באַוויזן בילדער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דערזען פאַר זיך פאַרשיידענע גלידער: הענט, פיס, קניען, אייבער= און אונטער=שענקלען, אָרעמס און בעקנס. אָבער די קיילעכיקע לעבנס=פאָרמען פון אָט די טיילן מענטשלעך לייב זיינען געווען סכעמאַטיש און מיט פאַרווישטע קאָנטורן. ווי אַ נעפּל און ווי אַ בלייכע שיין האָבן זיי אַרומגערינגלט זייער קלאָר און פּינקטלעך אָפּגעצייכנטן און בולטן קערן, דעם שקעלעט.

— זייער אינטערעסאַנטע, — האָט געזאָגט האַנס קאַסטאָרפּ.

— אַוודאי איז דאָס אינטערעסאַנט! — האָט געענטפערט דער הויפראַט. — דאָס איז אַ נוצלעכע אָנשוילעכע לערע פאַר יונגע לייט. ליכט=אַנאַטאָמיע, פאַרשטייט איר, דער נצחון פון דער נייער

* קאַסטאָר און פּאָלוקס—די נעמען פון די דיאָסקורן, ד. ז. מיטאָלאָגישע צווילינגען, זין פון זעוס און לעדאַ.

צייט. דאָס איז אַ פרויען־אָרעם. איר קאָנט עס דערקענען לויט דער געטאָקטקייט. דערמיט נעמען זיי אַרום אין דער הייסער מינוט, פאַרשטייט איר. און ער האָט זיך צעלאַכט. דערביי האָט זיך זיין אייבערשטע ליפּ מיט דער צוגעשווירענער וואָנצע קרומלעך פאַרהויבן. די בילדער זיינען פאַרלאָשן געוואָרן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך איינגעדרייט צו דער זייט, וואו מ'האָט צוגעגרייט יאָאַכימס אויפנאַמע.

ס'איז פאָרגעקומען פאַר יענעם ווענטל, הינטער וועלכן ס'איז איינגעהייב געשטאַנען דער הויפּראַט בערענס. יאָאַכים האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ מין שוסטער־בענקעלע הינטער אַ ברעט, צו וועלכן ער האָט צוגעדריקט די ברוסט. ער האָט עס אויך אַרומגענומען מיט די אָרעמס. דער געהילף האָט פאַרבעסערט זיין פּאָזיציע, אים געקנעטן, אַרויסגעקוועטשט זיינע אַקסלען פאָרויס און מאַסירט זיינע פּלייצעס. דערנאָך איז ער אַוועק הינטער דער קאַמעראַ און האָט, ווי יעדער פאָטאָגראַף, אויסגעשפּרייט די פיס, זיך איינגעבויגן, אויסגעפּרוווט די פּערספּעקטיוו. צום סוף האָט ער געזאָגט, אַז ס'איז גוט, איז אַוועק אין אַ זייט, דערמאָנט יאָאַכימען, ער זאָל טיף איינעטעמען און האַלטן אין זיך די לופט, ביז די אויפנאַמע וועט זיך ענדיקן. יאָאַכימס אויסגעבויגענער רוקן האָט זיך צעשפּאַרט און געבליבן פאַרגליווערט. אין דער רגע האָט דער געהילף געטאָן אַ דריי אויף דעם רעגוליר־טאָוול. צוויי סעקונדן לאַנג האָבן געווירקט די געוואַלדיקע קרעפטן, וואָס האָבן געדאַרפט דורכדרינגען דעם קערפּער, שטראָמען פון טויזנטער וואָלט, פון הונדערט טויזנט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט נאָך עפּעס געדענקט. גלייך נאָכדעם, ווי דער צוועק איז געווען דערגרייכט, האָבן די געוואַלדיקע כוחות זיך גענומען אַרויסרייסן אויף אַ זייטיקן וועג. אויסלאָדונגען האָבן גענומען קנאַלן, ווי שאָסן, אַרום מעסט־אַפּאַראַט האָט אַ שימער געטאָן אַ בלויי פייערל. לאַנגע בליצן זיינען דורכגעלאָפן מיט אַ קנאַקעריי לענגאויס די ווענט. ערגעץ האָט אויפגעשיינט אַ רויט פייערל, ענלעך צו אַן אויג, אַ שטילס און אַ דראָענדיקס. הינטער יאָאַכימס רוקן האָט זיך אַ בייכיק פלעשל מיט אַ לאַנגן האַלז אָנגעפילט מיט אַ גרינער פליסיקייט. דערנאָך איז אַלץ איינגעשטילט געוואָרן. די

ליכט-אויפשיינען האָבן אויפגעהערט און יאָאַכים האָט מיט אַ זיפץ אַרויסגעלאָזט דעם אָטעם. ס'איז געווען נאָך אַלעמען.

— דער צווייטער דעלינקווענט!* — האָט בערענס געזאָגט און האַנס קאַסטאָרפן אַ שטויס געטאָן מיטן עלנבויגן. — דער עיקר נישט מאַכן קיין אָנשטעל, אַז איר זענט אויסגעמאַטערט! איר וועט קריגן אַן עקזעמפלאַר בחינם, קאַסטאָרפ. דערנאָך וועט איר קאָנען פאַר קינדער און קינדס-קינדער פּראָיצירן אויף דער וואַנט די סודות פון אייער ברוסט.

יאָאַכים איז אָפּגעטרעטן. דער טעכניקער טווישט די קלישע. הויפראַט בערענס ווייזט פערזענלעך קאַסטאָרפן, ווי אַזוי ער דאַרף זיך זעצן און ווי אַזוי זיך צו האַלטן. אַרומנעמען! — זאָגט ער — אַרומגענומען דאָס ברעט! איר קאָנט אייך, מיינסטאַלבן, פאָרשטעלן, אַז איר נעמט אַרום עפּעס אַנדערש! און גוט צודריקן די ברוסט, גלייך מי-יודע, וואָס פאַר אַ תענוג דאָס איז. גוט אַזוי! איינ-אָטעמען! איינהאַלטן דעם אָטעם! — קאָמאַנדירט ער. — מאַכט אַ פריינדלעך פנים! האַנס קאַסטאָרפ בלינצלט מיט די אויגן און וואַרט, מיט אַ פולער לונג לופט. הינטער אים ברעכט אויס דער שטורעם, ס'קנאַקט, ס'זעצט, ס'קנאַלט און ס'ווערט שטיל. דער אָביעקטיוו האָט אים שוין געזען פון אינעווייניק.

האַנס קאַסטאָרפ האָט זיך אויפגעהויבן צעמישט און באַטויבט פון דעם, וואָס ס'איז געשען מיט אים, הגם ער האָט לחלוטין נישט געפילט די דורכרייסונג פון די שטראַלן. פיין — זאָגט דער הויפּ-ראַט — איצט וועלן מיר אַליין געבן אַ קוק. יאָאַכים — אַ באַ-האַוונטער — איז שוין געהאַט אַוועק ווייטער, נעענטער צו דער אַרויסגאַנג-טיר און זיך דאָרטן אַוועקגעשטעלט ביי אַ סטאַטיוו, מיטן רוקן צו דעם ברייטן, אויפגעשאָסענעם אַפּאַראַט. אויף אָט-דעם אַפּאַ-ראַט איז געשטאַנען אַ גלעזערנע קויל האַלב אָנגעגאָסן מיט וואַסער און פאַראייניקט מיט אַ אויסדאַמפונג-רער. פאַר אים, אין דער הויך פון דער ברוסט — אַן עקראַן אין אַ ראַם, וואָס הענגט אויף רעדלעך. לינקס, צווישן דעם רעגוליר-טאָוול און דעם אינסטרומענטאַריום אין

* פאַרברעכער, רשע.

געהאַנגען אַ רויטער לאָמפּ. דער הויפּראַט איז געזעסן רייטנדיק אויף אַ בענקל פאַר דעם הענגענדיקן עקראַן און האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. די שיין פון די סופיט-לאָמפּן איז פאַרלאָשן געוואָרן, בלויז דאָס רובין-ליכט האָט באַלויכטן די סצענע. דערנאָך האָט הויפּראַט בערענס אויך אָט-דאָס ליכט פאַרדרייט אינדערגיך און די לאַבאָראַטאָריע איז פול געוואָרן מיט געדיכטער פינסטערניש.

— איצט מוזן זיך די אויגן צוגעוויינען — האָט מען געהערט אין דער פינסטער זאָגן דעם הויפּראַט — מיר מוזן איצט קריגן גרויסע שוואַרצאַפּלען, ווי ביי קעץ, כדי צו דערזען דאָס, וואָס מיר דאַרפן אָנקוקן. איר פאַרשטייט, מסתמא, אַז מיר קאָנען עס נישט אָנקוקן גאַנץ פּשוט, מיט אונזערע געוויינלעכע אויגן פון אַ גאַנץ יאָר. צו דעם דאַרפן מיר קודם-כל זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דעם העלן טאָג מיט זיינע ליכטלעכע בילדער.

— פאַרשטייט זיך — האָט זיך אָנגערופן האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס איז געשטאַנען הינטער דעם הויפּראַטס אַקסלען. דערביי האָט ער פאַרמאַכט די אויגן, ווייל ס'איז סוף-כל-סוף אַלץ איינס געווען, צי מ'האַלט זיי אָפן אָדער נישט, אַזוי שוואַרץ איז געווען די חשכות. — קודם-כל דאַרפן מיר דורכשווענקען די אויגן מיט אַ ביסל פינסטערניש, כדי מ'זאָל קאָנען עפּעס אַזוינס דערזען. דאָס איז דאָך קלאָר. כ'האַלט אַפילו, אַז מיר טוען גוט און ריכטיק, וואָס מיר שטייען איצט, אַזוי צו זאָגן, ווי בעת אַ שטילער תפילה. איך שטיי איצט און האַלט די אויגן צוגעמאַכט, כ'פיל אַ זיסע שלעפעריקייט. אָבער מיט וואָס שמעקט עס דאָ אַזוי?

— מיט זויער-שטאָף — זאָגט דער הויפּראַט. דאָס, וואָס איר שפירט איצט אין דער לופט, איז אָקסיגען. אַן אַטמאָספערישער פּראָדוקט פון אַ שטורעם אין שטוב, פאַרשטייט איר מיך...

עפענען די אויגן! — גיט ער אַ זאָג. — איצט הייבט זיך אָן דער כישוף! האַנס קאַסטאָרפּ טוט אינדערגיך, וואָס מ'הייסט אים. מ'הערט, ווי מ'לייגט-אום אַ שטאַנג. אַ מאָטאָר שפּרינגט אויף אינדערהויך און נעמט זשומען מיט רוגזה. באַלד אָבער ווערט ער מיט אַ דריי געצוימט. דער דיל נעמט ציטערן. דאָס רויטע ליכטל, אַ לענגלעכס און אַ גלייכס, קוקט אַהער מיט אַ שטילער דראָענִיש.

ערגעץ גיט אַ קנאַק אַ בליץ. פון דער טונקלקייט טרעט־אַרויס דער בלייכער קוואַדראַט פון עקראַן, פאַמעלעך, מיט אַ מילכיקער שיין, ווי אַ פענסטער, וואָס לייכט־אויף. לעבן דעם עקראַן זיצט דער הויפּראַט בערענס, רייטנדיק אויף דעם שוסטער־בענקל, די פיס ברייט צעשטעלט, אָנגעשפּאַרט מיט די פויסטן, די טעמפּע נאָז איז געווען האַרט צוגערוקט צו דער שויב, דורך וועלכער מ'האָט געזען דאָס אָרגאַנישע אינעווייניקסטע פון אַ מענטש.

— איר זעט, בחורל? — האָט ער געפרעגט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך איבערגעבויגן איבער זיין אַקסל, אָבער דערביי האָט ער נאָך איין מאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אַהין, וואו ס'האָבן זיך, לויט זיין השערה, געפונען יאָאַכימס אויגן, וועלכע קוקן אַוודאי מילד און טרויעריק, ווי דעמאָלט בעת דער אונטערזוכונג. ער האָט געפרעגט:

— וועסט דאָך דערלויבן?

— אַדרבא — האָט יאָאַכים אָפּגעענטפערט העפלעך פון דער חשכות. און ביי דער ציטערניש פון דיל, ביים קנאַקן און טומלען פון די צעשפּילטע כוחות, האָט יאָאַכים זיך צוגעבויגן צום בלייכן פענסטער און אַיינגעקוקט זיך אין האַנס קאַסטאָרפּס שקעלעט. דער ברוסט־ביין מיט דער שדרה האָבן געוויזן אויפן עקראַן איין טונקעלן, ביינדלדיקן זייל. די פאָדערשטע ריפּן זיינען דורכגעשניטן געהען דורך די הינטערשטע, וואָס זיינען בלויז געווען בלאַסערע. אין ביידע זייטן האָבן זיך אָפּגעצווייגט ביידע שליסל־ביינער און אין דעם ווייכן ליכט־נעפּל פון פלייש זיינען אַרויסגעטרעטן שאַרף און בולט די אַקסל־ביינער און די אָנהייבן פון יאָאַכימס אָרעם־ביינער. אין דער ברוסט איז געווען העל, אָבער מ'האָט פונדעסטוועגן געזען צייכנס, טונקעלע פלעקן, אַ שוואַרצלעך געקרייזל.

— אַ קלאָר בילד — האָט דער הויפּראַט געזאָגט — דאָס איז די אָנשטענדיקע מאָגערקייט, די מיליטערישע יוגנט. איך האָב שוין דאָ געהאַט גרויסע ביינער — אומדורכדרינגלעכע, כמעט נישט צום דערקענען. די שטראַלן, וואָס גייען דורך, דורך אַזעלכע שיכטן פעטס, דאַרף מען ערשט אַנטדעקן... אָבער דאָ האָט מען אַ ריין

שטיקל אַרבעט. איר זעט די דיאַפראַגמע?* — זאָגט ער און ווייזט מיט דעם פינגער אויף דעם טונקעלן בויגן, וואָס הייבט זיך אין פּאַלט צוריק אַראָפּ אונטן אויפן עקראַן... איר זעט די האָרבן דאָ לינקס, די בערגלעך? דאָס איז די אַנטצינדונג פון דער ריפּן־הויט, וועלכע ער האָט געהאַט צו פופצן יאָר. טיף אָטעמען! — קאָמאַנדעוועט ער — טיפער! איך זאָג — טיף! און יאָאַכימס דיאַפראַגמע נעמט זיך הייבן, ציטערנדיק אַזוי הויך, ווי די קאָן נאָר. אין די אייבערשטע לונגען־טיילן ווערט העלער, אָבער דער הויפראַט איז, אַפּנים, נישט צופרידן. צו־ווייניק! — זאָגט ער. — איר זעט די הילוס־דריזן? איר זעט די פאַרוואַקסונגען? איר זעט דאָ די קאַווערנעס? פונדאַנען קומען די גיפטן, וואָס פאַרסמען אים. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך דערווייל פאַרקוקט אויף עפּעס אַ מין זעקל, עפּעס חיהש־אומגעלומפּערטס, וואָס האָט זיך געזען, ווי אַ טונקעלער פלעק הינטער דעם מיטל־שטאַם; ס'רוב דערפון איז געווען אין דער רעכטער זייט פונם צוקוקער. עס האָט זיך כסדר אויסגעצויגן און צוריק אַיינגעקאָרטשעט, אַ ביסל אַזוי, ווי אַ שווימענדיקע מעדוזע**.

— איר זעט זיין האַרץ? — האָט געפרעגט דער הויפראַט, ווידער אַראָפּנעמענדיק זיין ריזיקע האַנט פון שענקל און ווייזנדיק מיט זיין וויַז־פינגער אויף דעם פולסירנדיקן שאָטן... גרויסער גאָט, דאָס, וואָס האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזען, איז געווען דאָס האַרץ, יאָאַכימס וואויל האַרץ.

— איך זע דיין האַרץ — האָט ער געזאָגט מיט אַ צונױהושעט קול.

— אַדרבא — האָט יאָאַכים ווידער געענטפערט און ר'האָט, מסתמא, דערביי צוגעשמייכלט אין דער פינסטער. אָבער דער הויפראַט האָט זיי געהייסן שווייגן און נישט ריידן וועגן זייערע אַיינדרוקן. ער האָט שטודירט די פלעקן און ליניעס, דאָס שוואַרצע

---

* די דיקע הויט, וואָס איז געשפּאַנט צווישן לונגען און בויך.

** אַ באַשעפעניש אין אַ שדרה, ביי וועלכן די גלידער זיינען פונאַנדערגעטיילט אַרום אַ צענטראַלער אַקס.

געקרייזל אינם ברוסט־קאַסטן. דערביי איז קאַסטאָרפּ נישט מיד געוואָרן און אַלץ כּסדר באַטראַכט יאָאַכימס ביינער און דעם שקעלעט, אָט די הוילע עצמות און דעם טרוקענעם מעמענטאָ*. ר'איז פול געוואָרן מיט פרומקייט און שרעק. — יאָ, יאָ, איך זע — האָט ער כּסדר איבערגעחזרט. — מיין גאָט, איך זע! ער האָט אַמאָל געהערט וועגן אַ פרוי, אַ לאַנג געשטאָרבענע קרובה פון טינאַפּעלס צד. מ'האָט וועגן איר דערציילט, אַז זי איז באַשאָנקען געווען אָדער באַשטראָפט געווען מיט אַ מ׳ראדקער פעיקייט צו זען מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן נאָענט צום שטאַרבן, ווי שקעלעטן. זי האָט דעם דאָזיקן גורל געטראָגן מיט הכנעה. אַקוראַט אַזוי האָט איצט האַנס קאַסטאָרפּ געזען יאָאַכימען, כאָטש מיט דער הילף און צוגרייטונג פון דער פיזיקאַליש־אָפּטישער וויסנשאַפט, אַזוי, אַז דאָס האָט נישט געהאַט קיין שום שלעכטן באַטייט. אַלץ איז אין דעם פאַל צוגעגאַנגען אינגאַנצן ריין. ער האָט אַפילו פריער זיך אָנגעפרעגט ביי יאָאַכימען. פונדעסטוועגן האָט ער צוליב דעם אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די מרה־שחורה פון יענער זעערישער מומען. ר'איז געווען אַזוי שטאַרק דורכגענומען דערפון, וואָס ער זעט, אָדער, אייגנטלעך, דערפון, וואָס ער זעט דאָס, אַז ר'האָט דערשפירט, ווי זיין געמיט ווערט באַפאַלן פון סודותדיקע ספקות: צי טוען זיך דאָ אָפּ ריינע זאַכן? צי מעג ער אַריינקוקן אין דער צעהווישעטער, קנאַקנדיקער חשכות? דער יצר־הרע צו זען פאַרבאָרגענע זאַכן האָט זיך אין זיין ברוסט אויסגעמישט מיט געפילן פון גערעכטיקייט און פרומקייט.

אָבער אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער אַליין געשטאַנען אונטערן „שאַנד־סלופּ" און אַרום אים האָט געשטורעמט. יאָאַכים האָט זיך דערביי אָנגעטאָן און זיין גוף איז שוין צוריק געווען פאַרשלאָסן. איצט האָט דער הויפראַט ווידער זיך איינגעקוקט אין דער מילכיקער שויב, דאָסמאָל האָט ער געזען קאַסטאָרפּס אינעווייניקסטס. פון דעם הויפראַטס האַלב־הויכע אויסדריקן, פון זיינע אָפּגעריסענע זידלערייען און געמרוקעטע דיבורים האָט מען געקאָנט אַרויסדרינגען,

---

* מעמענטאָ מאָרי (לאַטייניש) — דערמאָנונג אָן טויט.

אַז אַלץ ווייזט אַזוי, ווי ר'האָט פאָראויסגעזאָגט. ער איז אַפילו געווען איך אַזוי ווייט העפלעך און דערלויבט, אַז קאַסטאָרפ זאָל אָנקוקן זיין אייגענע האַנט אויפן עקראַן. קאַסטאָרפ האָט שטאַרק געבעטן דערויף. און האַנס קאַסטאָרפ האָט געזען דאָס, וואָס ר'האָט זיך געדאַרפט ריכטן צו זען, כאָטש בדרך=הטבע קאָן עס דער מענטש קיינמאָל נישט זען און ס'איז אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז ס'וועט אים באַשערט זיין דאָס צו זען: ר'האָט געזען זיינע אייגענע עצמות. די צעפאַלונג, וואָס דאַרף ערשט געשען אַמאָל, האָט ער געזען שוין איצט פאָרויס, דורך דער קראַפט פון ליכט: דאָס לייב, וואָס ער טראָגט אויף זיך, איז צעפאַלן, צעשטערט, צערונען אין אַ נישטיקן נעפל און אינעווייניק האָט געשטעקט דער קליינער, גוטאָקטער שקעלעט פון זיין רעכטער האַנט. אַרום דעם אייבערשטן גליד פון זיין רינג=פינגער איז שוואַרץ און לויז אַרומגעשוואומען דער תּתימה=רינג, וואָס ר'האָט געירשנט פון זיידן: אַ האַרטע זאַך פון דער=וועלט, מיט וועלכן דער מענטש באַצירט זיין לייב. דאָס דאָזיקע לייב וועט אָבער מיט דער צייט צערונען און דער רינג גייט איבער אויף אַ שטיקל צייט צו אַן אַנדער לייב. מיט די דורכנעמענדיקע, פאָראויסזעענדיקע אויגן פון יענער מומע מצד די טינאַפעלס האָט ער דערזען אַ באַקאַנטן טייל פון זיין קערפער און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן טיף דערפילט, אַז ער וועט שטאַרבן. אַ מינע האָט ער דערביי געמאַכט, ווי בעת ער פלעגט הערן מוזיק — אַ נאַרישעוואַטע, שלעפעריק און פרום פּנים, דאָס מויל האַלב געעפנט און דער קאָפּ אויסגעבויגן צום אַקסל צו. דער הויפראַט האָט געזאָגט:

— געשפּענסטיש, וואָס? יאָ, ס'לאָזט זיך נישט אָפּלייקענען, עפּעס געשפּענסטישס איז דאָ פאַראַן.

באַלד דערנאָך האָט ער אַ פאַרהאַלט געטאָן די צווישעטע פּנחות. דער דיל האָט אויפגעהערט ציטערן, די ליכט=אויפשיינען זיינען פאַרשוואונדן, דאָס מאַגישע פענסטער איז ווידער פאַרטונקלט געוואָרן. די לאָמפּן אויפן סופיט זיינען אָנגעצונדן געוואָרן.. בשעת האַנס קאַסטאָרפ האָט זיך אינדערגיך אָנגעטאָן, האָט בערענס איבערגעגעבן די יונגעלייט אַ טייל פון זיינע באַאָבאַכטונגען, געדענקענ=

דיק דערביי, אַז זיי זיינען אין די ענינים נישט קיין פּאַכמענער. וואָס ס'איז נוגע האַנס קאַסטאָרפּן ספּעציעל, באַשטעטיקן די אָפּטיי־שע רעזולטאַטן אַזוי גענוי די אַקוסטישע, אַז ס'איז באמת אַ כּבוד פאַר דער ווינשאַפט. מ'האָט געזען סיי די אַלטע ערטער, סיי די פרישע, פון די בראָנכיעס האָבן זיך אויסגעצויגן „שנירלעך" ווייט אין די לונגען אַריין. „שטענגלעך מיט קניפּלעך". האַנס קאַסטאָרפּ וועט עס קאָנען אַליין קאָנטראָלירן אויף דעם דיאַפּאָזאַטיוו־בילדל, פון וועלכן ער וועט קריגן, ווי מ'האָט שוין געזאָגט, אַן עקזעמפּלאַר. דער עיקר — רו, געדולד, דיסציפּלין, מעסטן, עסן, ליגן, אָפּוואַרטן און טרינקען טיי. ער דרייט זיך צו זיי אויס מיטן רוקן. זיי גייען אַרויס. האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס גייט הינטער יאָאַכימען, דרייט אויס דעם קאָפּ אויף הינטן. דער טעכניקער עפנט די טיר און אין דער לאַבאָראַטאָריע גייט אַריין פרוי שאָשאַ.

---

פּ ר י י ה י י ט

זי האָט עס, אייגנטלעך, אויסגעוויזן דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ? צי בערך אַזוי, גלייך די זיבן וואָכן, וועלכע ער האָט שוין פּאַקטיש און אָן שום ספק פאַרבראַכט דאָ אויבן, וואָלטן נאָר גע־ווען זיבן טעג? אָדער ס'האָט זיך אים, להיפּוך, אויסגעדאַכט, אַז ער לעבט שוין דאָ אויף דעם אָרט אַ סך לענגער, וויפל ער איז פּאַקטיש דאָ געווען? ער האָט זיך עס אַליין געפרעגט, אינעווייניק ביי זיך, ר'האָט עס אויך געפרעגט יאָאַכימען, ר'האָט אָבער נישט געקאָנט קומען צו קיין קלאָרער תשובה. פּאַקטיש זיינען ביידע פאַלן געווען אמת: ווען ער האָט גענומען צוריקקוקן אויף דער צייט, וואָס ער האָט דאָ פאַרבראַכט, האָט זי אים אויסגעוויזן אי נישט געוויינ־לעך קורץ, אין נישט־געוויינלעך לאַנג. זי האָט אים בלויז נישט אויסגעזען אַזוי, ווי זי איז פּאַקטיש געווען. דערביי דאַרף מען אָנ־נעמען, אַז צייט איז נאַטור בכלל און אַז מ'קאָן פאַרבינדן מיטן באַ־גריף פון צייט דעם באַגריף פון ווירקלעכקייט.

אַלנפאַלס איז שוין דער אָקטאָבער געשטאַנען אויף דער שוועל, יעדן טאָג האָט ער געקאָנט אַריינקומען. האַנס קאַסטאָרפּן איז

גאַנץ לייכט געווען דאָס אויסצורעכענען. אַחוץ דעם האָבן אים דע־
רין דערמאָנט די שמועסן פון פּאַציענטן, צו וועלכע ער האָט זיך
צוגעהערט. — ווייסט איר, אַז אין פינף טעג אַרום וועט ווידער
זיין דער ערשטער? — האָט ער געהערט הערמינע קלעפעלד זאָגן
צו צוויי יונגעלייט פון איר געזעלשאַפט, צום סטודענט ראַזמוסען און
צו יענעם בחור מיט די אַרויסגעזעצטע ליפּן, וואָס האָט געהייסן
גענזער. נאָכמיטאָג איז מען געשטאַנען רעדלעכווייז צווישן די טישן
און מ׳האָט געשמועסט, אָן חשק צו גיין מאַכן ליג־קוראַציע. —
ס׳וועט זיין דער ערשטער אָקטאָבער. כ׳האָב עס געזען אין דער
פאַרוואַלטונג אויפן קאַלענדאַר. דאָס איז שוין דער צווייטער אָק־
טאָבער דאָ אויף דער דאַטשע. פיין, דער זומער איז אַוועק, אויף
וויפל ר׳איז בכלל געווען. ער נאַרט דאָ אָפּ, פונקט ווי דאָס לעבן
נאַרט דאָ, בכלל און איז אַלעמען. — דערביי האָט זי אַ זיפץ גע־
טאָן פון איר האַלבער לונג און אַ קוק געטאָן מיט אירע נאַרי־
שעוואַטע־פאַרנעפּלטע אויגן אויפן סופיט. — פריילעך, ראַזמוסען —
האָט זי באַלד דערנאָך אַ זאָג געטאָן און אַ קלאַפּ געטאָן איר
חבר אין די אַראָפּהענגענדיקע אַקסלען. — דערציילט עפּעס אַ
פּאָר וויצן! — כ׳קאָן בלויז עטלעכע — האָט ראַזמוסען געענטפערט
און געלאָזט הענגען די הענט איבער דער ברוסט, ווי פלוספעדערן.—
— כ׳קאָן זיי אָבער נישט אַרויסברענגען, כ׳בין שטענדיק אַזוי מיד. —
אַפילו אַ הונט — זאָגט גענזער הינטער די ציין — וואָלט אויך נישט
געוואָלט לענגער פירן אַזאַ אָדער אַן ענלעך לעבן. און זיי האָבן
זיך צעלאַכט מיט פאַרצויגענע אַקסלען.

נישט ווייט פון זיי איז, אָבער, אויך געשטאַנען סעטעמבריני,
מיטן צאָן־שטעכער צווישן די ליפּן. אַרויסגייענדיק האָט ער געזאָגט
צו האַנס קאַסטאָרפּן:

— איר זאָלט זי נישט גלויבן, איגזשעניער, איר זאָלט קיינ־
מאָל נישט גלויבן, ווען זיי בייזערן זיך. דאָס טוען דאָ אַלע, אָן
אויסנאַם, כאָטש זיי פילן זיך זייער היימיש. זיי פירן אַ צעלאָזן
לעבן און וואָלטן נאָך וועלן דערוועקן רחמנות, האַלטן זיך פאַר
באַרעכטיקט צו זיין פאַרביטערט, איראָניש, ציניש! „אויף דעם פאַר־
ווײַלונגס־אָרט“. אפשר איז עס נישט קיין פאַרווײַלונגס־אָרט? איך

האַלט, אַז ס'איז טאַקע אַ פאַרוויילונגס־אָרט און דערצו נאָך אין דעם צווייפלהאַפטיקסטן באַטייט פון וואָרט! „אָפּגענאַרט“, זאָגט אָט־די פרוי, „אויף דער דאַטשע נאַרט דאָס לעבן אָפּ“. פרווט זי נאָר אַרויסלאָזן אויפן פלאַכלאַנד, וועט זי אָן שום ספק אַלץ טאָן דערצו, זי זאָל וואָס גיכער קאָנען צוריק אַרויפקומען אַהער. אַך יאָ, די איראָניע! היט אייך פאַר דער איראָניע, וואָס וואַקסט אַרויס פון־דאַנען, אינזשעניער! היט אייך בכלל פון אָט־דעם גייסטיקן מצב! דאָרטן, וואו די איראָניע איז נישט קיין דירעקט און קלאַסיש מיטל פון דער רעטאָריק, און ממילא אויף קיין איין רגע גישט אומ־פאַרשטענדלעך פאַר געזונטן חוש — דאָרטן ווערט זי צעלאָזן, ווערט אַ מניעה פאַר דער ציוויליזאַציע, אַ נישט־ריינער פלירט מיט דער אָפּגעשטאַנענקייט, מיט דער גייסטלאָזיקייט און מיט די שלעכטע מידות. היות די אַטמאָספער, אין וועלכן מיר לעבן, איז, אַפּנים, שטאַרק פאַסיק פאַר דעם אויפבליען פון אָט־דעם בלאָטע־געוויקס, — קאָן איך האָפן, אָדער בעסער געזאָגט: מורא האָבן, אַז איר פאַר־שטייט מיך.

דעם איטאַליענערס ווערטער זיינען באמת געווען אַזעלכע, וואָס וואָלטן האַנס קאַסטאָרפן ערשט מיט זיבן וואָכן צוריק, אונטן, אוים־געוויזן זיך פאַר הוילע רייד. איצט אָבער, נאָך די זיבן וואָכן, דאָ אויבן, איז האַנס קאַסטאָרפ גייסטיק שוין בכוח געווען זיי „אויפ־צונעמען“. מיר זאָגן „אויפנעמען“ אין זין פון אינטעלעקטועלן פאַר־שטיין; נישט אין זין פון סימפּאַטיע. אָט דאָס איז אַ סך מער. ווייל כאָטש ר'איז אין תוך פון זיין נשמה צופרידן געווען, וואָס סעטעמבריני רעדט ווייטער צו אים, נישט געקוקט אויף אַלעמען, וואָס ס'איז געשען, לערנט אים, וואָרנט אים און פרווט אים באַ־אײַנפלוסן, — האָט ער פונדעסטוועגן אַזוי ווייט פאַרשטאַנען דעם ענין, אַז ער האָט קריטיקירט זיינע ווערטער און זיך נישט געאײַלט מסכים צו זיין אויף זיי; אַלנפאַלס, ביז צו אַ געוויסער מאָס גיט נאָר אַ קוק, — האָט ער געטראַכט — ער רעדט וועגן איראָניע, אַקוראַט, ווי וועגן מוזיק. ס'פעלט בלויז, ער זאָל זי אָנרופן „פּאָ־ליטיש פאַרדעכטיק“, דאָס הייסט — פון דעם מאָמענט אָן, ווען זי הערט־אויף צו זיין „אַ פשוט און קלאַסיש לערן־מיטל“. אָבער אַן

אירָאָניע, וואָס איז „קיין איין רגע נישט אומפאַרשטענדלעך“, — וואָס פאַר אַן אירָאָניע וועט דאָס זיין, גאָט אין הימל, פרעגט זיך, אויב איך מעג דאָ נעמען אַ וואָרט? זי וואָלט געווען טרוקן און מלמדיש. — אַזוי אומדאַנקבאַר איז די יוגנט, וואָס בילדעט זיך. זי נעמט צו די מתנות און איז זיי דערנאָך מבזה.

ער זאָל אָבער פּרווון סעטעמברינין איבערשפּאַרן אין ווער־טער — דאָס האָט האַנס קאַסטאָרפּן נאָך אַלץ אויסגעזעהן פאַר צו אַוואַנטוריסטיש. ער האָט זיך באַגרענעצט דערמיט, וואָס ער האָט נישט מסכים געווען מיט סעטעמברינים מיינונג וועגן הערמינע קלע־פעלד. ער האָט די מיינונג געהאַלטן פאַר אומגערעכט, אָדער צו־ליב באַשטימטע סיבות האָט זי זיך אים אויסגעוויזן פאַר אַזעל־כער.

— אָבער די פריילין איז דאָך קראַנק — האָט ער געזאָגט. — זי איז מיטן גאַנצן אמת שווער קראַנק און האָט אַלע סיבות צו זיין פאַרצווייפלט! וואָס, אייגנטלעך, ווילט איר פון איר?

— קראַנקהייט און פאַרצווייפלונג — זאָגט סעטעמבריני — זיינען אויך גאַנץ אָפט בלויז פאָרמען פון צעלאָזנקייט.

און לעאָפּאַרדי — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אַ טראַכט געטאָן — וואָס האָט אַפילו געצווייפלט אין וויסנשאַפט און אין פּראָגרעס? און ער אַליין, דער חשובער לערער? ער איז דאָך אויך קראַנק, האַלט אין איין צוריק אַרויפקומען אַהער און קאַרדוטשי וואָלט פון אים געהאַט ווייניק נחת. אָבער הייך געזאָגט האָט ער בלויז:

— שיין געדרשנט! די פריילין קאָן יעדן טאָג גיין שלאָפן און איר רופט עס גאָר צעלאָזנקייט! אין דעם פאַל מוזט איר שוין בעסער געבן צו פאַרשטיין, וואָס איר מיינט. ווען איר וואָלט מיר געווען געזאָגט, אַז קראַנקהייט איז טיילמאָל אַ רעזולטאַט פון צעלאָזנקייט, וואָלט עס מיר אַיינגעגאַנגען פאַר גלייך...

— זייער גלייך — כאַפּט אונטער סעטעמבריני. — כ'לעבן, עס וואָלט אים געווען ניחא, ווען איך וואָלט זיך באַנוגנט מיט אַזאַ פעסטשטעלונג?

—אָדער ווען איר וואָלט געזאָגט: קראַנקהייט דינט טיילמאָל דער צעלאָזנקייט פאַר אַן אויסרייד — אויך דאָס וואָלט איך נאָך פאַרשטאַנען.

— גראַציע טאַנטאָ*!

— אָבער קראַנקהייט זאָל זיין אַ פאָרם פון צעלאָזנקייט? דאָס הייסט: נישט אַז זי אַנטשטייט פון צעלאָזנקייט, נאָר אַז זי גופא איז צעלאָזנקייט? דאָס איז דאָך שוין אַ פּאַראַדאָקס!

— אַך, זייט מוחל, אינזשעניער, רוקט מיר נאָר נישט אונטער קיין פּאַראַדאָקסן! איך פיל אַ ביטול צו פּאַראַדאָקסן, איך האָב זיי פיינט! אַלץ, וואָס כ'האָב אייך געזאָגט וועגן דער איראָניע, קאָנט איר אַרויפלייגן אויך אויפן פּאַראַדאָקס, איר קאָנט נאָך אַהילו צולייגן: דער פּאַראַדאָקס איז דאָס גיפטיקע בליעכץ פון קוויעטיזם, דאָס שימערירן פון פוילנדיקן גייסט, די גרעסטע צעלאָזנקייט, וואָס קאָן נאָר זיין! אַגב, שטעל איך פעסט, אַז איר ווילט ווידער באַשיצן די קראַנקהייט...

— ניין, דאָס, וואָס איר זאָגט, אינטערעסירט מיך. ס'דערמאָנט מיך אין טייל געדאַנקען, וועלכע ד"ר קראָקאָווסקי האָט אַרויסגעזאָגט אין זיינע מאָנטאָגס. ער האָט אויך דערקלערט די אָרגאַנישע קראַנקהייט פאַר אַ שפּעטערדיקער דערשיינונג.

— ער איז אַ נישט אינגאַנצן־ריינער אידעאַליסט.

— וואָס האָט איר צו אים?

— טאַקע דאָס.

—איר האַלט נישט פון דעם אַנאַליז?

— נישט אַלעמאָל. טיילמאָל האַלט איך פון אים שטאַרק, טייל־מאָל אינגאַנצן נישט. טיילמאָל אַזוי און טיילמאָל אַזוי, אינזשע־ניער.

— ווי אַזוי זאָל איך דאָס פאַרשטיין?

— דער אַנאַליז איז גוט, ווי אַ געצייג פון אויפקלערונג און ציוויליזאַציע, ער איז גוט, אויף וויפל ער טרייסלט אויף נאַרישע איבערצייגונגען, צעשטערט נאַטירלעכע פאָראורטיילן און גראָבט אונ־

* אַ גרויסן דאַנק (איטאַל.).

טער די אויטאָריטעט. אַנדערש גערעדט: ער איז גוט דעמאָלט, ווען ער באַפרייט, פאַרפּיינערט, פאַרמענטשלעכט און מאַכט קענצ־צייטיק צו פרייהייט. שלעכט איז דער אַנאַליז, זייער שלעכט, אויף וויפל ער האַלט־אויף די טעטיקייט און שעדיקט דאָס לעבן ביים סאַמע שורש, אויף וויפל ער איז נישט פעיִק צו זיין בויעריש. דער אַנאַליז קאָן זיין זייער אַ נישט־געשמאַקע זאַך, נישט־געשמאַק, ווי דער טויט, צו וועלכן ער איז אייגנטלעך געגליכן. ער האָט אַ קרובה־שאַפט מיטן קבר און מיט זיין פאַסקודנער אַנאַטאָמיע...

— שיין געדרשנט — קאָן זיך האַנס קאַסטאָרפּ נישט איינ־האַלטן אַ טראַכט צו טאָן, ווי אַלעמאָל, בעת סעטעמברי'ני זאָגט אַרויס עפּעס פּעדאַגאָגישס. זאָגן זאָגט ער בלויז:

— מיט ליכט־אַנאַטאָמיע האָבן מיר דאָ נישט לאַנג געהאַט צו טאָן אין אונזער פּאַרטער־קעלער. בערענס האָט אַזוי אָנגערופן די דורכלויכטונג.

— אַ, אַזוי וויים האַלט איר שוין. נו, וואָס?

— כ'האָב געזען דעם שקעלעט פון מיין האַנט — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ און שטרענגט זיך אָן צו דערמאָנען אין די גע־פילן, וועלכע ער האָט דורכגעלעבט אין יענעם מאָמענט — איר האָט אויך אַמאָל געזען אייערן?

— ניין, איך אינטערעסיר מיך לחלוטין נישט מיט מיין שקעלעט. וואָס איז, אַגב, דער רעזולטאַט?

— ער האָט געזען שנירלעך, שנירלעך מיט קניפּלעך.

— אַ רוח.

— איר האָט שוין אַמאָל אַזוי אָנגערופן דעם הויפּראַט בע־רענס. וואָס מיינט איר דערמיט?

— זייט זיכער, אַז דאָס איז זייער אַן אײדעלע באַצייכע־נונג.

— ניין, איר זענט אומגערעכט, הער סעטעמבריני! איך בין מודה, אַז דער מענטש האָט זיינע שוואַכקייטן. זיין אופן פון ריידן איז מיר אַליין אויך נישט אָנגענעם אויף שטענדיק. זיין ריידן האָט אין זיך עפּעס געצוואונגענס, דער עיקר, ווען מ'געדענקט, אַז דער מענטש האָט דאָ איבערגעלעבט אַ גרויסע צרה און געפּטר'ט

די פרוי. אָבער ביי אַלעמען, וואָס פאַר אַ וויכטיקער און בכבודיקער מענטש ער איז! אַ העלפער פאַר ליידנדיקע מענטשן! נישט לאַנג האָב איך אים געטראָפן צוריקגיין פון אַן אָפּעראַציע פון אַ ריפן־רעסעקציע, אַן ענין, ביי וועלכן ס׳גייט אין סכנת־נפשות. בעת כ׳האָב אים געזען אָנקומען פון דער שווערער און נוצלעכער אַר־בעט, וועלכע ער קאָן אַזוי גוט, האָט עס געמאַכט אויף מיר אַ גרויסן איינדרוק. ער איז נאָך געווען אינגאַנצן דערהיצט און האָט זיך פאַר אַ באַלוינונג — פאַררויכערט אַ ציגאַר. איך האָב אים מקנא געווען.

— דאָס איז געווען שיין פון אייער זייט. אויף ווי לאַנג האָט ער אייך פאַרמשפּט?

— ער האָט מיר נישט געגעבן קיין באַשטימטע צייט.

— אייך נישט שלעכט. מילא, לאָמיר זיך גיין ליגן, אינזשע־ניער, לאָמיר פאַרנעמען אונזערע פּאָזיציעס.

זיי געזעגענען זיך פאַר דער טיר נומער 34.

— איצט גייט איר אַרויס אויף אייער דאַך, הער סעטעמ־בריני. ס׳מוז זיין פריילעכער צו ליגן צווישן מענטשן, ווי אַליין. איר ווייסט אייך כאָטש? ס׳זיינען אינטערעסאַנטע מענטשן יענע, וואָס ליגן אין שכנות?

— אַך, דאָס זיינען לויטעכס פאַרטער און סקיטן*.

—איר מיינט רוסן?

— און רוסינס — זאָגט סעטעמבריני און זיין מויל־ווינקל פאַר־ציט זיך. — אַדיע, אינזשענער!

דאָס איז געזאָגט געוואָרן באַדייטונגספול, אָן שום ספק. האַנס קאַסטאָרפּ איז אַריין אין זיין צימער אַ צעטומלטער. זאָל סעטעמ־בריני וויסן פון זיינע געפילן? מסתמא האָט ער אים מעשה־ערציער נאָכגעקוקט און געכאַפּט זיך, וואודיז ער האַלט אין איין קוקן. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען אין כעס אי אויף דעם איטאַליענער און אי אויף זיך אַליין, פאַרוואָס ער האָט אומפאָרזיכטיק אַרויסגערופן דאָס

* אַזוי האָבן די גריכן אין אַלטערטום אָנגערופן די באַרבאַרישע וואַנ־דער־פעלקער פון מיטל־אַזיע און דרום־אייראָפּע.

שטאָכוואָרט. בשעת ער האָט צוזאַמענגענומען זיין שרייב־געצייג, כדי עס מיטצונעמען אויף זיין ליג־קוראַציע — ווייל איצט האָט מען מער נישט געקאָנט אָפּלייגן, מ'האָט שוין געמוזט אָנשרייבן דעם בריוו אַהיים, דעם דריטן בריוו, — האָט ער געהאַלטן אין איין עסן זיך, האָט צו זיך אַליין עפּעס געמורמלט אויפן חשבון פון דעם פּלוט און רעזאָנער, וואָס מישט זיך אין פרעמדע עסקים, אין דער צייט, וואָס ער אַליין פּאַרטשעפּעט מיידלעך אויף די גאַסן. דערביי האָט ער זיך לחלוטין נישט געפילט אויפגעלייגט צו זעצן זיך שרייבן. אָט־דער קאַטערינאַזש האָט אים מיט זיינע אָנצוהערענישן איננאַנצן קאַליע געמאַכט דעם חשק דערצו. אָבער אַזוי צי אַזוי — ווינטער־מלבושים מוז ער האָבן, דאָס אייגענע אויך מיט — געלט, וועש, שוכוואַרג, בקיצור, אַלץ, וואָס ער וואָלט געווען מיטגענומען, ווען ער זאָל געווען וויסן, אַז ער קומט צו פאָרן נישט אויף דריי זומער־וואָכן, נאָר... נאָר אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, וואָס וועט אַלנפאַלס גרייכן אַ שטיק אין ווינטער אַריין. יאָ, לויט די היגע באַגריפן און צייט־פאַרהעלטענישן קאָן עס אַפילו דויערן אַ גאַנצן ווינטער. וועגן דעם, אַלנפאַלס וועגן אַזאַ מעגלעכקייט, האָט מען געדאַרפט שרייבן אַהיים. מ'האָט דעמאָלט געדאַרפט אָפּטאָן די גאַנצע אַרבעט, זיי דאָרטן אונטן צו זאָגן קלאָרע דיבורים און מער נישט נאַרן נישט זיך, נישט זיי דאָרט.

דאָס טאַקע איז געווען דער אינהאַלט פון זיין בריוו. ער האָט געהאַט אַ סך מאָל צוגעזען, ווי יאָאַכים שרייבט און אים נאָכגעטאָן. ער האָט עס געטאָן אויף דער ליג־שטול, מיט דער איי־ביקער פעדער. אויף די הויך־אָנגעשטעלטע קני האָט ער אונטערגעלייגט די רייזע־טעקע. ער האָט געשריבן אויף אַ בלאַנק פון דער סאַנאַטאָריע. אינם שופלעדל פונם טיש איז געלעגן אַ גאַנץ פּעקל אַזעלכע. דער בריוו איז געווען צו זשעמס טינאַפּעל, וועלכער איז אים געווען אַמנאָענטסטן פון אַלע דריי פעטערס. קאַסטאָרפּ האָט אים געבעטן, ער זאָל געבן צו וויסן וועגן דעם קאָנסול. ער האָט געשריבן וועגן אַן אומאָנגענעמען צופאַל, וועגן אַ מורא, וואָס איז מקוים געוואָרן, וועגן דער דערקלערונג פון דאָקטאָר, אַז ער מוז דאָ אויבן פאַרברענגען אַ טייל פון ווינטער, אָדער אפשר גאָר

דעם גאַנצן. ווייל אַזעלכע פאַלן, ווי זיינער, זיינען זייער אָפט עקשנותדיקער, ווי דאָרטן, וואו עס ברעכט אויס מיט דער גאַנצער פּאָמפּע. איצט קאָן מען עס נאָך פאַרכאַפּן און באַצייטנס איין־מאָל־פאַר־אַלעמאָל אויסהיילן. צוליב דעם, האַלט ער, האָט זיך אַפילו גוט און גליקלעך געטראָפן, וואָס ער איז צופעליק אַהער אַרויפ־געקומען און זיך געלאָזט אונטערזוכן. ווען נישט, וואָלט ער נאָך גאַנץ לאַנג געקאָנט נישט וויסן וועגן זיין געזונט־צושטאַנד און ער וואָלט עס אפשר שפּעטער דערפילט אַ סך שאַרפער. וואָס ס׳איז נוגע דער פאָראויסגעזעענער צייט פון דער קוראַציע — זאָל מען זיך גאָרנישט וואונדערן, וואָס ער וועט מוזן, אַפּנים, פאַרטאָן אַ ווינ־טער און קומען אַהיים נישט אַ סך פריער פון יאָאַכימען. ווייל די צייט־באַגריפן זיינען דאָ גאַנץ אַנדערע, ווי געוויינלעך ביי נסיעות אין בעדער און קוראַציעס. דער חודש איז דאָ, אַזוי צו זאָגן, די קלענסטע צייט־מאָס און איין חודש שפּילט גאָר קיין ראָל נישט...

ס׳איז געווען קיל. ער האָט געשריבן אינם פאַלטאָ, איינגעהילט אין אַ דעקע, מיט רויטע הענט פון קעלט. טיילמאָל האָט ער אויפ־געהויבן דעם קאָפּ פון דעם בריוו, וואָס איז אַלץ פולער געוואָרן מיט שכלדיקע און איבערצייגנדיקע זאַצן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער לאַנדשאַפט, וועלכע איז אים שוין געווען אַזוי באַקאַנט, אַז ער האָט זי כמעט שוין נישט געזען. ס׳איז געווען דאָס ברייטע טאָל מיט די — היינט — גלאָזיק־בלייכע צעפּלאַטשטע שפּיצן ביים ברעג, טאָל, דער גרונד פול מיט ווייסע הייזלעך, וואָס פלעגט טייל־מאָל אויפשיינען זוניק און פון די זייטן די שיפועים, פון וועלכע אַ טייל איז געווען וואַלדיק־רוי, דער אַנדערער — באַדעקט מיט לאָנקעס און ס׳האָבן זיך פון דאָרט געהערט די גלעקלעך אויף קיִשע העלזער. ער האָט געשריבן אַלץ מיט מער לייכטקייט און האָט איצט מער נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי ער האָט פריער געקאָנט מורא האָבן פאַר דעם בריוו. ביים שרייבן האָט ער אַליין ערשט רעכט פאַרשטאַנען, אַז קיין זאַך קאָן נישט מער אויפקלערן דעם ענין, ווי זיין איצטיקער בריוו, און אַז אין דער היים וועט מען אָן שום ספק פולשטענדיק מסכים זיין דערמיט. אַ יונגערמאַן פון זיין

ספּערע און אין זיינע פּאַרהעלטענישן האָט עפּעס געטאָן פאַר זיך אַ נוצלעכע זאַך, ער האָט זיך באַנוצט מיט די באַקוועמלעכקייטן, וועלכע שטייען אָפן פאַר אַ מענטשן פון זיינסגלייכן. אַזוי דאַרף צו זיין. ווען ער וואָלט איצט געווען אַהיימגעפאָרן, וואָלט מען אים זיכער געווען צוריקגעשיקט אַהער, ווען ער וואָלט דערציילט, ווי ס'האַלט מיט אים. ער בעט, מ'זאָל אים צושיקן אַלץ, וואָס ער דאַרף צו האָבן. צום סוף האָט ער אויך געבעטן, מ'זאָל אים צושיקן רעגולער דאָס נייטיקע געלט. מיט אַכט הונדערט מאַרק אַ חודש וועט אַלץ זיין געדעקט.

ער האָט זיך אונטערגעשריבן. ס'איז געווען אָפּגעטאָן. דער דאָזיקער דריטער בריוו אַהיים איז געווען אַ היפּשער, ער איז געשריבן געווען נישט לויט די צייט־באַגריפן פון אונטן, נאָר לויט די צייט־באַגריפן, וואָס הערשן דאָ איבן. ער האָט באַפעסטיקט האַנס קאַסטאָרפּס פרייהייט. דאָס איז געווען דאָס וואָרט, וואָס ער האָט באַנוצט פאַר זיין מצב, אמת, נישט בולט, ער האָט דאָס וואָרט אַפילו נישט געזאָגט זיך אַליין, אָבער ער האָט געפילט דעם ברייטסטן זין פון אָט־דעם וואָרט. ער האָט זיך עס אויסגעלערנט פילן אין משך פון דער צייט, וואָס ר'איז דאָ. דער זין פון דעם וואָרט האָט גאַנץ ווייניק געהאַט אַ שייכות מיט יענעם זין, וואָס סעטעמבריני האָט אַריינגעלייגט אין דעם אייגענעם וואָרט. אַ באַקאַנטע כוואַליע פון שרעק און אויפרעגונג האָט אים דורכגענומען. ער האָט אַ זיפץ געטאָן און זיין ברוסט האָט אַזש אויפגעציטערט.

פון שרייבן האָט אים דאָס בלוט געשלאָגן אין קאָפּ אַריין. זיינע באַקן האָבן אים געברענט. ער האָט אַראָפּגענומען מערקורן פון לאָמפּ־טישל און זיך געמאָסטן די היץ, ווי ס'וואָלט נאָר געגאַנגען דערין, ער זאָל קאָנען אויסנוצן די געלעגנהייט. מערקור האָט געוויזן 37,8.

— איר זעט שוין! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אַ טראַכט געטאָן און האָט צוגעגעבן אַ פּאָסט־סקריפּטום: „דער בריוו האָט מיך אָנגעשטרענגט. דער טערמאָמעטער ווייזט איצט 37,8. איך זע, אַז לעת־עתה דאַרף איך מיך האַלטן זייער רויק. אַנטשולדיקט, וואָס איך

שרייב אַזוי זעלטן". דערנאָך האָט ער זיך צוריק אויסגעצויגן און האָט אויפגעהויבן די האַנט צום הימל, מיט דער פלאַך אַרויף, ווי בעת ער האָט זי געהאַלטן הינטער דעם עקראַן אין דער לאַבאָראַטאָריע. אָבער די ליכטיקייט פון הימל האָט נישט דורכגעדרונגען דורך דער לעבעדיקער האַנט, קעגן אָט־דער העלקייט איז די האַנט אפילו געוואָרן נאָך טונקעלער און אומדורכזעבאַרער. בלויז אירע איינסנווייניקסטע קאָנטורן זיינען רויטלעך דורכגעליכטן געוואָרן. ס'איז געווען די לעבעדיקע האַנט, וועלכע ער איז געוווינט געווען צו זען, צו וואַשן, און מיט איר צו טאָן, נישט יענער שקעלעט, וועלכן ער האָט געזען אויפן עקראַן. די אַנאַליטישע גרוב, וועלכע ער האָט דעמאָלט געזען אָפן, איז איצט ווידער געווען פאַרמאַכט.

---

## מערקורס קאַפּריזן

דער אָקטאָבער האָט זיך אָנגעהויבן, ווי ס'הויבן זיך בכלל אָן נייע חדשים: פאַר זיך איז עס אַ פולשטענדיק באַשיידן און שטיל אָנהייבן זיך, אָן שום סימנים און צייכנס, אייגנטלעך, אַ מין שטיל אַריינגנבענען זיך. מ'קאָן עס גאַנץ לייכט אפילו פאַרזען, אויב מ'האַלט נישט קאָפּ. אין דער ווירקלעכקייט טיילט זיך די צייט נישט אויף קיין שום חלקים. ביים אָנהייב פון נייעם חודש אָדער פון אַ ניי יאָר קומען נישט פאָר קיין שום שטורמען און מען בלאָזט נישט מיט קיין שופרות. אַפילו ביים אָנהייב פון אַ נייעם יאָרהונדערט וואָלט גאָרנישט געשען, ווען נישט מיר מענטשן שיסן און קלינגען.

וואָס ס'איז נוגע דאַנס קאַטאַסטראָפן, איז דער ערשטער אָקטאָבער־טאָג געווען ווי אַ טראָפּן וואַסער ענלעך צום לעצטן סעפּטעמבער־טאָג. דער היינטיקער טאָג איז געווען אַקוראַט אַזאַ קאַלטער און טריבער, ווי דער נעכטיקער. די שפּעטערדיקע טעג — דאָסגלייכן. אויף דער ליג־קוראַציע האָט מען געמוזט מיטנעמען דעם פּאַלטאָ און ביידע דעקעס פון קעמל־האָר, נישט בלויז אינאָוונט, נאָר ביי טאָג אויך. די פינגער, מיט וועלכע מ'האַלט־צו אַ בוך, ווערן

פּיכט און פאַרשטייפּט, כאָטש די באַקן ברענען פון טרוקענער היץ. יאָאַכים האָט שטאַרק חשק געהאַט צו באַנוצן זיך מיטן פעלין־זאַק און ער האָט עס ניט געטאָן, בלויז דערפאַר, ער זאָל זיך נישט צו־פרי צוגעוווינען.

אָבער אין עטלעכע טעג שפּעטער — ס׳איז שוין באַלד געווען אינמיטן חודש — האָט זיך אַלץ ווידער געביטן און ס׳האָט זיך פלוצלונג אַוועקגעשטעלט אַ פאַרשפּעטיקטער זומער, אַזאַ פּרעכטי־קער, אַז מ׳האָט געשטוינט. נישט אומזיסט האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהערט רימען די אָקטאָבער־טעג אין אָט־די געגנטן. אין משך פון אַ דריטהאַלבן וואָכן האָט געהערשט אַ הימלישע שיינקייט איבער באַרג און טאָל. איין טאָג איז געווען בלויער און קלאָרער פונם אַנ־דערן און די זון האָט דערביי געברענט מיט אַזאַ כוח, אַז יעדער איינער האָט געמוזט אָנטאָן די זומער־מלבושים און אויפזוכן די מוסעלין־קליידער און לייוונטענע הויזן, וועלכע מ׳האָט שוין געהאַט ערגעץ פאַרוואָרפן. אַפילו די גרויסע שירמען פון זעגל־לייוונט, אָן הענטלעך, וועלכע מ׳האָט מיט אַ פיינעם קונצשטיק (אַ הורכגעלעכער־טער פלאָקן) צוגעבונדן צו די אָנלענס פון די ליג־שטולן, האָבן אין די מיטאָג־שעהן נישט געקאָנט גענוג פאַרשטעלן פון דער שרפענדיקער זון.

— זייער גוט, וואָס איך בין נאָך דאָ — האָט האַנס קאַס־טאָרפּ געזאָגט צו זיין קוזין — ס׳איז שוין דאָ געווען אַזוי מרה־שחורהדיק, ס׳זעט אויס אַקוראַט אַזוי, גלייך מיר וואָלטן שוין אי־בערגעקומען דעם ווינטער און איצט האָבן מיר ווידער די גוטע צייט.

ער איז גערעכט געווען. ס׳זיינען געווען ווייניק סימנים, וואָס האָבן געוויזן, ווי מ׳האַלט באמת מיט דער צייט. און אַפילו די סימנים זיינען אויך געווען ווייניק קענטיק. אַחוץ עטלעכע געפּלאַנצטע קלאָנעס אונטן אין „פלאַץ", וואָס האָבן נאָך קוים געלעבט און זייערע בלעטער זיינען הכנעהדיק אַראָפּגעפאַלן — זיינען נישט געווען קיין שום בלעטער־ביימער, וואָס זאָלן ליגן אַהאַרבסטיקן חותם אויף דער לאַנדשאַפט. בלויז די אָלכע, וואָס האָט ווייכע נאָדלען און טוישט זיי, ווי בלעטער, איז געווען האַרבסטיק אויסגעקראָכן. די איבעריקע ביימער פון דער געגנט, סיי די גלייכע סיי די אַיינגעבויגענע,

זיינען געווען באַוואַקסן מיט אייביק־גרינע נאָדלען און אויסהאַל־
טעוודיק פאַרן ווינטער, וואָס האָט נישט קיין באַשטימטע גרעניץ
און צעשיט דערפאַר זיינע שנייען אין מיטן פון גאַנצן יאָר. בלויז
אַ רייך־ניואַנסירטער, זשאַווער־רויטלעכער טאָן איבער דעם וואַלד האָט
געלאָזט דערקענען דעם סוף פון יאָר, כאָטש אין הימל האָט
אַזוי שטאַרק געבריענט די זון. אוודאי, ווען מ׳וואָלט זיך נענטער
צוגעקוקט, וואָלט מען געזען אויך די לאָנקע־בלומען, וואָס האָבן
שטילערהייט געזאָגט דאָס זייעריקע. ס׳האָבן שוין געפעלט די צוויי־
בלעטערדיקע פעלד־אָרכידעען און די קוסטפאָרמיקע וואַסערזאַמלער,
וועלכע האָבן נאָך בעת קאַסטאָרפס אָנקומען באַצירט די שיפועים.
ס׳זיינען אויך מער נישט געווען די ווילדע נעגעלעך. מ׳האָט בלויז
נאָך געזען דעם ענציאַן און די קורץ־שטענגלדיקע האַרבסט־בלום,
וואָס דערציילן וועגן אַ מין אינעווייניקסטער שאַרפקייט פון דער איי־
בערפלאַך־אָנגעהיצטער אַטמאָספער און פון אַ קילקייט, וואָס קאָן
דורכגיין איבער אַ ליגנדיקן, כמעט פאַרברענטן מענטש ביז צום מאַרך
פון די ביינער, ווי אַ שוידער פון אַ היץ־קראַנקן.

האַנס קאַסטאָרפ האָט, הייסט עס, אינעווייניק נישט אָפגעגע־
פירט יענע אָרדענונג, דורך וועלכער אַ מענטש, וואָס לעבט מיט
צייט, היט־אָפ איר אָפלויף, טיילט־אָפ, ציילט און רעכנט אויס אירע
מאָסן. ער האָט גאָרנישט באַמערקט דעם שטילן אָנהייב פון צענטן
חודש. ער האָט בלויז געפילט דאָס ממשותדיקע, די היץ פון טאָג
און דעם סודותדיקן שוידער, וואָס איז געלעגן אין און אונטער
איר. ס׳איז געווען אַ געפיל, וואָס איז אים אין דער מדרגה געווען
ניי און אים אָנגערעגט צו אַ קולינאַרישן פאַרגלייך*. ווי ער האָט
זיך אַמאָל אויסגעדריקט פאַר יאָאַכימען, האָט אים דאָס וועטער
דערמאָנט אָן אַן „אָמלעט אַן סורפריז" מיט געפרירנס אונטער
דעם הייסן אייער־שוים. ער פלעגט גאַנץ אָפט זאָגן אַזעלכע זאַכן,
האָט זיי אַרויסגעזאָגט גיך, פלינק און מיט אַ געררירטן קול, ווי
ס׳רעדט אַ מענטש, וואָס איז דערהיצט און ס׳שוידערט אים איינ־
ציטיק. ער איז, אוודאי, גאַנץ אָפט געווען אויך שווייגנדיק שיר

* פאַרגלייך מיט אַ מאכל.

נישט פאַרזונקען אין זיך. ווייל זיין אויפמערקזאַמקייט איז געווען געווענדט אַרויס, אָבער בלויז אויף איין פּונקט. דאָס איבעריקע, סיי מענטשן, סיי זאַכן, זיינען צעגאַנגען ווי אין נעפּל, אין אַ נעפּל, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין האַנס קאַסטאָרפּס מוח. הויפראַט בערענס און ד"ר קראָקאָווסקי וואָלטן אָן שום ספק געווען גע־זאָגט, אַז אָט דער נעפּל איז אַ פּראָדוקט פון צעלאָזענע גיפטן. דאָס אייגענע האָט זיך אויך געזאָגט דער פאַרנעפּלטער האַנס קאַס־טאָרפּ אַליין, כאָטש דאָס האָט אים ניט געגעבן דעם כוח און אפילו נישט דעם מינדסטן ווילן פּטור צו ווערן פון אָט־דער שיכּרות.

ווייל דאָס איז אַ פאַרשיכּורטקייט, וואָס לעבט זיך אויס אין זיך אַליין און קיין שום זאַך זעט איר נישט אויס אַזוי אומגעוואונטשן און מיאוס, ווי דאָס ניכטער־ווערן. ער היט זיך אויך פאַר מיושבֿ־דיקע איינדריקן, ער האָט זיי נישט צוגעלאָזט צו זיך, כּדי צו בלייבן אין אָט דעם מצבֿ. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געוואוסט און געהערט אפילו דערמאָנט וועגן דעם, אַז פרוי שאָשאַ זעט נישט אויס באַ־זונדערס גוט אין פּראָפיל, אַ ביסל פאַרשאַרפט, נישט אַזוי יונג. דער רעזולטאַט? ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אויף איר אין פּראָפיל און האָט ממש צוגעמאַכט די אויגן יעדעס מאָל, ווען ס'איז אים אויסגעקומען פונדערווייטנס אָדער פון דער נאָענט זי צו זען אַזוי־אַרום. עס האָט אים וויי געטאָן. פאַרוואָס? דער שכל וואָלט געדאַרפט מיט פרייד זיך אָנצוכאַפּן אין אָט דער געלעגנהייט, כּדי אַרויסצוווייזן, וואָס ער קאָן. אָבער וואָס וויל מען פון אים... ער איז בלאַס געוואָרן פון אַנטציקונג, בעת קלאַוודיאַ האָט אין די דאָזיקע פּרעכטיקע טעג זיך ווידער אַמאָל באַוויזן צום צווייטן פרישטיק אין איר ווייסער שפּיצן־מאַטינע, וועלכע זי פלעגט טראָגן אין וואַ־רעמע טעג און אין וועלכער זי איז געווען אַזוי רייצנדיק שיין. זי איז אָנגעקומען אַ פאַרשפּעטיקטע, האָט פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר מיט אַ זעץ און געשמייכלט. זי האָט לייכט אויפגעהויבן די הענט אין אַ נישט־גלייכער הייך און זיך אויסגעדרייט צום זאַל, כּדי זיך צו פּרעזענטירן. אָבער אַנטציקט איז ער געווען נישט אַזוי ווייט דורך דעם, ווייל זי האָט אויסגעזען אַזוי שיין, נאָר דערפאַר, וואָס ס'איז אַזוי געווען. ווייל דאָס האָט פאַרשטאַרקט דעם זיסן

נעפל אין זיין קאָפּ, די שיכּרות, צו וועלכער ער האָט זיך אַליין געריסן. האָט ער טאַקע געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט, אַז זי זאָל באַרעכטיקט און פאַרשטאַרקט ווערן.

אַן עקספּערט, וואָס וואָלט אַזוי געטראַכט ווי לאָדאָוויקאַ סעטעמבריני, וואָלט בײַ אַזאַ מאַנגל אין גוטן ווילן געקאָנט ריידן פּשוט וועגן צעלאָזנקייט, וועגן „אַ פאָרם פון צעלאָזנקייט". האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך טיילמאָל דערמאָנט אין די שריפטשטעלערישע מיינונגען, וועלכע יענער האָט אַרויסגעזאָגט וועגן „קראַנקהייט און פאַרצווייפלונג" און וועלכע ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אפשר על־כּל־פּנים געמאַכט זיך, אַז ער פאַרשטייט נישט. ער האָט אָנגעקוקט קלאַוודיאַ שאָשאַ, די אָפּגעלאָזנקייט פון איר רוקן, איר אײַנגעבויגענעם קאָפּ. ער האָט זי שטענדיק געזען קומען צום טיש אַ שמאַרק פאַרשפּעטיקטע, אָן אַ שום סיבה, פאַר וועלכער מ'וואָלט איר געקאָנט מוחל זיין, פּשוט צוליב אומאָרדענונג און נישט קולטיווירטער ענערגיע. טאַקע צוליב דעם, האָט ער געוואוסט, פאַרקלאַפּט זי הינטער זיך מיט אַ זעץ יעדע טיר, דורך וועלכער זי גייט אַריין אָדער אַרויס, דרייט זי ברויט־קייקעלעך און בייסט פון צייט צו צייט די נעגל פון אירע פינגער. אין אים איז אויפגעגאַנגען אַ מאָדנע אַנונג: אויב זי איז קראַנק — און זי איז עס מסתּמא טאַקע געווען, כּמעט אָן אַ האָפענונג קראַנק, ווען נישט וואָלט זי דאָך נישט אַזוי לאַנג געלעבט דאָ אויבן און נישט אַזוי אָפט אַהערגעקומען — טראָגט איר קראַנקהייט, אויב נישט אינגאַנצן, איז כאָטש אין אַ גרויסן טייל, אַ מאָראַלישן כאַראַקטער. טאַקע ווי סעטעמבריני האָט געזאָגט, די קרענק איז נישט די סיבה אָדער דער רעזולטאַט פון איר „אָפּגעלאָזנקייט", נאָר ביידע זיינען איינס און דאָס זעלבע. ער האָט זיך אויך דערמאָנט אין דעם ביטולדיקן זשעסט, מיט וועלכן דער הומאַניסט האָט גערעדט וועגן די „פּאַרטער און סקיטן", וואָס מיט זיי נאָר מוז ער צוזאַמען מאַכן ליג־קוראַציע. עס איז געווען אַ זשעסט פון נאַטירלעכער און אוממיטלבאַרער גרינגשעצונג און ביטול, וואָס דאַרף נישט קיין שום באַגרינדונגען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זייער גוט געקאָנט אָט דעם ביטול נאָך פון דער צייט, ווען ער, וואָס האָט זיך געהאַלטן זייער פּשוט בײַם טיש, האָט פיינט געהאַט דאָס קנאַקן

מיט די טירן פון גאַנצן האַרצן און ס'איז אים אַפילו קיינמאָל נישט אײַנגעפאַלן צו בייסן די פינגער (שוין צוליב דעם, וואָס ער האָט געקאָנט בייסן זיינע ציגאַרן מאַריאַ מאַנציני). ער האָט עס געדענקט פון יענער צייט, בעת ער איז שטאַרק ברוגז געווען אויף פרוי שאָשאַס שלעכטע מידות און נישט געקאָנט פּטור ווערן פון אַ געווייסן שטאָלץ יעדעס מאָל, וואָס ער האָט געהערט, ווי די פרעמדע שמאָל־אויגיקע פרוי פרווט ריידן אויף זיין מוטער־שפראַך.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך איצט כמעט אינגאַנצן אַרויסגעלאָזט פון אַזעלכע געפילן צוליב זיין אינעווייניקסטן מצב און עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס דער איטאַליענער האָט גאַוודיק גערעדט וועגן „פאַרטער און סקיטן“. דערביי האָט ער מסתמא נישט געמיינט בלויז די פאַרשווינען פון „שלעכטן רוסן־טיש“, דאָרטן, וואו ס'זיינען געזעסן די באַוואַקסענע סטודענטן, ביי וועלכע מ'האָט נישט אַרויסגעזען קיין פיצל וועש. זיי האָבן אָן־אויפהער געהאַלטן אין איין דיספּוטירן אויף זייער פרעמדער שפראַך. קיין שום אַנדער לשון האָבן זיי, אַפנים, נישט געקאָנט. דער אָן־ביינערדיקער, ווייכער כאַראַקטער פון אָט דער שפראַך האָט דערמאָנט אין אַ טאָראַקס* אָן ריפּן, פון וועלכן הויפראַט בערענס האָט נישט לאַנג גערעדט. ס'איז געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך, הלמאי די אויפפירונג פון אָט־די מענטשן האָט געקאָנט דערוועקן אין אַ הומאַניסט אַ שטאַרק געפיל פון דיסטאַנץ. זיי האָבן געגעסן מיט די מעסערס און האָבן אויף אַ שרעקלעכן אופן פאַרפלעקט די מלבושים. סעטעמבריני האָט דערציילט, אַז איינער פון זיי, אַ מעדיצינער פון די העכערע סעמעסטערס, האָט אַרויסגעוויזן אַ פולשטענדיקע עם־הארצות אין לאַטיין. ער האָט, צום ביישפיל, נישט געוואוסט, וואָס איז אַזוינס אַ vacuum **. לויט האַנס קאַסטאָרפּס טאָג־טעגלעכע ערפאַרונגען, האָט פרוי שטער גאָרנישט געזאָגט קיין ליגן, בעת זי האָט דערציילט ביים טיש, אַז דאָס פאָר פאָלק פון נומער 32 האָט אינדערפרי אויפגענומען דעם באָד־מייסטער, וואָס איז געקומען מאַכן איינרייבונגען, ליגנדיק צוזאַמען אין איין בעט.

* ברוסט־קאַסטן.

** ליידיקער שטח.

אויף וויפל דאָס אַלץ שטימט מיטן אמת, קומט אויס, אַז די באַשיימפּערלעכע אַײנטיילונג אויף „גוט“ און „שלעכט“ בנוגע די רוסן־טישן איז גאָרנישט קיין אומזיסטע. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אַליין פאַרזיכערט, אַז ער קאָן בלויז אַוועקמאַכן מיט דער האַנט יענעם פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער רעפּובליק און פון שיינעם סטיל, וואָס רופט אָן מיט גאווה און מיט ניכטערקייט (דער עיקר איז ער ניכטער, כאָטש ער אַליין האָט אויך היץ און איז אַ ביסל שיכּורלעך) די רוסן פון ביידע טישן „פּאַרטער און סקיטן“. דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ האָט גענומען פאַרשטיין דעם מיין זייער ברייט, ער האָט אַפילו אָנגעהויבן זיך פונאַנדערצוקלייבן אויף דער שייכות צווישן פרוי שאָשאַס קראַנקהייט מיט איר „אָפּגעלאָזנקייט“. אָבער די לאַגע איז געווען אַזעלכע, ווי ער אַליין האָט זי אין איינעם אַ טאָג אָפּגעשילדערט פאַר יאָאַכימען: מ׳הייבט אָן מיט פאַרדראָס און מיט דיסטאַנץ־געפילן, אָבער אויף איינמאָל כאַפּט זיך אַריין עפּעס גאַנץ אַנדערש, וואָס האָט מיט מיינונגען גאָרנישט קיין שום שייכות. די מאָראַלישע שטרענגקייט טרעט אָפּ. די פּעדאַגאָגישע אַיינפלוסן מיט זייערע רעפּובליקאַנישע דרשות הערן אויף צו ווירקן. אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס, לאָמיר פרעגן — אַפילו אויך לויט לאָדאָוויקאָ סעטעמבריניס קוק אויף דער זאַך — פון וואַנען נעמט זיך טאַקע אָט דאָס משונהדיקע, וואָס כאַפּט זיך אַריין אינמיטן, פּאַראַליזירט און שטעלט אָפּ אַלע מיינונגען פון מענטש, נעמט אים אַפילו צו די רעכט צו האָבן אַ מיינונג, אָדער בעסער געזאָגט: איז גורם, אַז דער מענטש זאָל זיך אָפּזאָגן פון אָט־די רעכט מיט דער אומזיניקסטער אַנטציקונג? מיר פרעגן נישט, וואָס פאַר אַ נאָמען אָט־דאָס האָט. דעם נאָמען קען יעדער איינער. מיר ווילן נאָר וויסן זיין מאָראַלישן מהות, און זיינען מודה גאַנץ אָפן, אַז מיר ריכטן זיך נישט אויף קיין זייער געהיבענעם ענטפער. וואָס ס׳איז נוגע האַנס קאַסטאָרפּן, איז אָט דער מהות דערגאַנגען ביי אים צו אַזאַ מדרגה, אַז ער האָט נישט בלויז אויפגעהערט צו האָבן וועלכע ס׳איז מיינונג, נאָר ער האָט אַפילו אָנגעהויבן צו מאַכן עקספּערימענטן מיט יענער לעבנספאָרם, וועלכע האָט אים אָנגעטאָן צרות. ער האָט געפּרוווט זען, ווי מ׳פילט זיך, ווען מ׳זיצט ביים טיש אַיינגעקאָרטשעט מיט אַן אַיינגעבויגענעם רוקן, און

ר'האָט אײַנגעפֿונען, אַז די בעקן־מוסקולן ווערן צוליב דעם אַ סך ווייניקער אָנגעשטרענגט. ער האָט אַפֿילו געפּרוּווט נישט צו פֿאַרמאַכן פֿאַמעלעך הינטער זיך די טיר, דורך וועלכער ער איז אַרײַנגעגאַנגען, נאָר זי לאָזן צופֿאַלן. אויך דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר באַקוועם און ווי אָנגעמאָסטן. עס האָט געהאַט אין זיך עפּעס ענלעכס צו יאָאַכימס צוקן מיט די אַקסלען, בעת ער האָט זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט אים דאָס ערשטע מאָל אויפֿן וואָקזאַל. שפּעטער האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזען די זעלבע באַוועגונג ביי אַ סך מענטשן דאָ אויבן.

פּשוט גערעדט; איז אונזער גאַסט געווען פֿאַרליבט אין קלאַוודיאַ שאָשאַ איבער די אויערן. מיר באַנוצן זיך נאָרמאַל מיט דעם וואָרט דערפֿאַר, ווייל מיר זיינען זיכער, אַז מיר האָבן זיך שוין גענוג באַוואָרנט פֿאַר אַ מיספֿאַרשטייעניש, וואָס דאָס וואָרט קאָן דערוועקן. קיין ליבלעך־שטימונגספֿולע טרויעריקייט פֿון יענעם לידל איז דער מהות פֿון זיין ליבע נישט געווען. ס'איז גיכער געווען אַ היפּיש־ריזיקאַלישער און אומהיימלעכער ניואַנס פֿון דער באַרוישטקייט, געמישט פֿון קעלט און היץ, ווי דאָס פֿילט זיך פֿון אַ היץ־קראַנקן אָדער ווי אַן אָקטאָבער־טעג אין די בערג. געפֿעלט האָט דאָ טאַקע עפּעס געמיטלעכס, וואָס וואָלט געקאָנט פֿאַרבינדן די עקסטרעמע עלעמענטן. אָט די באַרוישטקייט האָט זיך פֿון איין זייט באַצויגן (מיט אַן אומיטלבאַרקייט, פֿון וועלכער דער יונגערמאַן פֿלעגט אַזש בלאַס ווערן און זיין פּנים האָט זיך פֿאַרקרימט) צו פֿרוי שאָשאַס קני און צו דער ליניע פֿון אירע פֿיס, צו איר רוקן, צו איר נאַקן־ביינדל און צו די אָרעמס, דורך וועלכע די קליינע ברוסט איז צונויפֿגעפּרעסט געוואָרן; בקיצור— צו איר קערפּער, צו איר אָפּגעלאָזענעם און בולט־געוואָרענעם קערפּער, וואָס איז דורך דער קראַנקהייט געוואָרן געוואַלדיק אונטערגעשטראָכן און נאָך מער קערפּער, ווי אַלעמאָל. פֿון דער צווייטער זייט איז אָט־די באַרוישטקייט געווען עפּעס, וואָס איז שטאַרק צעשוואומען און אויסגעצויגן, אַ רעיון, ניין, אַ חלום, דער שרעקנדיקער און אומענדלעך־צוציענדיקער חלום פֿון אַ יונגנמאַן, וועלכן מ'האָט אויף אַ באַשטימטער, כאָטש אומבאַוואוסטזיניק־געשטעלטער פֿראַגע געענטפֿערט מיט אַ הויל שטילשווייגעניש. ווי יעדער איינער, נוצן מיר אויס דאָס רעכט, דערציילנדיק דאָ די געשיכטע, אַרויסצוזאָגן אונזער פּריוואַטע מיינונג און מיר שטעלן

אַחוץ די השערה, אַז האַנס קאַסטאָרפּ וואָלט דאָ אַפילו נישט געזעסן לענגער פון דריי וואָכן, וועלכע ער האָט זיך לכתחילה באַשטימט, ווען זיין פּשוטע נשמה וואָלט געווען געקריגן כאָטש וועלכן ס׳איז באַפרידיקנדיקן ענטפער פון דער צייט וועגן דעם זין און צוועק פון לעבן.

אַחוץ אַלע זאַכן, האָט אים זיין פּאַרליבטקייט באַשאָנקען מיט די אַלע ליידן און פריידן, וועלכע אָט דער מצב ברענגט מיט זיך אומעטום און אין אַלע פאַלן. דער וויטאָג גנעמט אַדורך. ער אַנטהאַלט אין זיך עפּעס אומכּבודיקס, ווי יעדער וויטאָג, און צערודערט אַזוי זיינע נערוון, אַז ס׳פאַרכאַפּט דעם אָטעם און איז גורם, אַז אַ דער־וואַקסענער מענטש זאָל פאַרגיסן ביטערע טרערן. מ׳דאַרף אויך נישט פאַרגעסן אין די פריידן. עס זיינען געווען אויך אַ סך פריידן און כאָטש זיי זיינען אַנטשטאַנען צוליב נישט־אָנזעעוודיקע סיבות, זיינען זיי געווען פונקט אַזוי שטאַרק ווי די ליידן. כמעט יעדער רגע לעבן דאָ אין „בערגהאָף“ האָט געקאָנט ברענגען מיט זיך איינע פון די פריידן. למשל: האַנס קאַסטאָרפּ גרייט זיך אַריינצוגיין אין עס־זאַל. אין דער רגע באַמערקט ער הינטער זיך דעם אָביעקט פון זיינע חלומות. דער רעזולטאַט איז אים פאָראויס קלאָר און זייער פּשוט, אָבער אינערלעך אַנטציקט עס אים ביז טרערן. זייערע אויגן באַגעגענען זיך נאָענט, זיינע און אירע גרוי־גרינע אויגן, וואָס זייער לייכט־אַזיאַטישע איינשטעלונג און שניט פאַרכישופן אים ביז מאַרך פון די ביינער. ער ווייסט נישט, וואָס ס׳טוט זיך מיט אים, אָבער פונדעסטוועגן טרעט ער אָפּ אין אַ זייט, כדי זי אַריינצולאָזן פריער. אויף זיין גע־ווינלעכער העפלעכקייט ענטפערט זי מיט אַ האַלבן שמייכל און מיט אַ שטילן „מערסי*“. דערנאָך גייט זי אים פאַרביי און אַריין. ער בלייבט שטיין נאָך איר, אַזש פאַרנאַרישט פון גליק צוליב דער באַגעגעניש און אויך צוליב דעם, וואָס אַ וואָרט פון איר מויל איז געווען באַשטימט דירעקט און פּערזענלעך פאַר אים, טאַקע דאָס וואָרט „מערסי“. ער גייט נאָך, גייט וואַקלדיק צו צו זיין אָרט ביים טיש. בשעת ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף זיין שטול, דערזעט ער, ווי „קלאַוודיאַ“ זעצט

* א דאנק (פראנצויזיש).

זיך אויך אַוועק אויף איר אָרט און קוקט זיך אום צו אים. זי זעט אויס, ווי זי וואָלט זיך אַריינגעטראַכט אין דעם, וואָס איז ערשט פאָרגעקומען ביי דער טיר. אַזוי דוכט זיך אים. אָ, וואָס פאַר אַן אומגעריכט געשעעניש! אָ, יובל, ניצחון און אומענדלעכע פרייד! ניין, צו אַזאַ שיכּרות און פאַנטאַסטישער באַפרידיקונג וואָלט האַנס קאַסטאָרפּ קיינמאָל נישט דערגאַנגען צוליב אַ בליק פון עפּעס אַ געזונט גענזל אונטן אין פלאַכלאַנד, וועלכע ער וואָלט לעגאַל פרידלעך און צוזאָגנדיק „געשענקט זיין האַרץ‟, ווי עס זינגט זיך אין יענעם לידל. ער באַגריסט מיט היציקער איפגערומטקייט די לערערין, וועלכע האָט אַלץ צוגעזען און איר פּוכיק פּנים איז צוליב דעם אָנגערייטלט געוואָרן. באַלד דערנאָך נעמט ער ריידן אויף ענגליש צו דער מיס ראָבינזאָן אַזעלכע אומזיניקייטן, אַז די פריילין, וועלכע פאַרשטייט זיך נישט אויף התלהבות, נעמט זיך צוריקרוקן און מעסט אים אָפּ מיט בליקן פול שרעק.

אַן אַנדערש מאָל טרעפט זיך, אַז ביים אָונט-עסן פאַלן די שטראַלן פון דער קלאָר-אונטערגייענדיקער זון אויף דעם „גוטן רוסן-טיש‟. מ'האָט, וואָס אמת, פאַרצויגן די פאָרהאַנגען פון די וועראַנדע-טירן און פון די פענסטער, אָבער ערגעץ איז נאָך געבליבן אַ שפּאַלט. דורך אָט דעם שפּאַלט כאַפּט זיך אַריין די רויטע שיין — אַ קילע, אָבער בלענדנדיקע און פאַלט אַקוראַט אויף פרוי שאָשאַס קאָפּ. יענע רעדט גראָד מיט דעם אויסגעצערטן רוס, וואָס זיצט רעכטס פון איר, און זי מוז זיך פאַרשטעלן מיט דער האַנט. דאָס איז אַ טירחה, אָבער נישט קיין שווערע. קיינעם גייט עס נישט אָן. אַפילו פרוי שאָשאַ אַליין פילט אויך נישט רעכט די אומבאַקוועמלעכקייט. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ דערזעט עס פון יענער זייט זאַל — אויך ער קוקט זיך אַ ווײַלע צו דערצו. ער נעמט אַדורך דעם ענין, קוקט נאָך, פון וואַנען דער שטראַל קומט, דערגייט גענוי דאָס אָרט, דורך וועלכן דער שטראַל רייסט זיך אַדורך. עס איז דאָס בויגן-פענסטער דאָרט הינטן רעכטס, אין ווינקל, צווישן אַ וועראַנדע-טיר און דעם „שלעכטן רוסן-טיש‟, ווייט פון פרוי שאָשאַ און כמעט אַקוראַט אַזוי ווייט פון האַנס קאַסטאָרפּ. פונדעסטוועגן אַנטשליסט ער זיך. אָן אַ וואָרט שטייט ער אויף, גייט אַדורך מיטן סערוועט אין דער האַנט דעם זאַל

אינדערקרים צווישן די טישן, ווארפט־איבער די קרעם־קאלירטע פאר־האנגען איינעם איבערן אנדערן, קוקט זיך אום הינטערהויילעכץ און זעט, צי פרוי שאשאט קאפּ איז מער נישט פארבלענדט פון דער שיין. דערנאך גייט ער צוריק און מאכט דערביי זייער א גלייבגילטיקע מינע. פשוט, א העפלעכער יונגערמאן, וואס טוט דאס, וואס מ׳דארף, דערפאר ווייל ס׳איז קיינעם נישט איינגעפאלן דאס צו טאן. ס׳האט כמעט קיינער נישט באמערקט, וואס ער האט אפגעטאן, אבער פרוי שאשא האט דאס תיכף דערשפירט און האט זיך אומגעקוקט. אין דער פאזיציע איז זי געבליבן, ביז האנס קאסטארפּ האט זיך צוריק אוועקגעזעצט אויף זיין ארט און צו איר א קוק געגעבן. דעמאלט האט זי געדאנקט מיט א פריינדלעך דערשטוינט שמייכעלע, דאס הייסט: זי האט מער ארויסגערוקט דעם קאפּ, ווי זיך פארנייגט. ער פון זיין זייט האט זיך פארבויגן. זיין הארץ איז אזש שטיין געבליבן, מ׳האט בכלל ווי אויפגעהערט קלאפּן. ערשט שפּעטער, נאכדעם ווי אלץ איז אדורך, האט עס אנגעהויבן האמערן. ערשט דעמאלט האט ער באמערקט, אז יאאכים האט שטיל געהאלטן אראפּגעלאזט די אויגן אויף זיין טעלער. שפּעטער האט ער זיך אויך געכאפּט, אז פרוי שטער האט דעם ד״ר בלומענקאל א שטויס געטאן אין דער זייט אריין און זיך אומגעקוקט מיט איינגעהאלטן געלעכטער סיי ביים אייגענעם טיש סיי ביי אנדערע טישן, צי נאך עמעצער זעט...

מיר שילדערן טאג־טעגלעכע זאכן, אבער דאס טאג־טעגלעכע הייבט אן ווערן משונהדיק, ווען עס וואקסט אויס אויף א משונה־דיקן באדן. ס׳זיינען צווישן זיי פארגעקומען שפּאנונגען און אנ־געגענעמע אויסלאזונגען. אויב אפילו נישט „צווישן זיי" (ווייל אויף ווי ווייט דאס האט אנגערירט מאדאם שאשא, דאס גייט אונז דא נישט אן), איז — על־כל־פּנים — פאר האנס קאסטארפּס פאנ־טאזיע און געפיל. נאכמיטאג פלעגט אין יענע שיינע טעג דער גרעב־טער טייל פון עולם ארויסגיין אויף דער ווער־אנדע, וואס ליגט פארן עס־זאל, כדי צו פארברענגען א פערטל שעה גרופּנווייז אויף דער זון. עס האט זיך דא גערודערט און ס׳האט אויסגעזען, ווי אין דעם זונטאג, ווען ס׳שפּילט די מוזיק. דאס יונגוואַרג — אבסאלוט פוסטע קעפּ, צופיל אנגעגעסן מיט פלייש און זיסקייטן, דערצו

נאָך אַלע מיט לייכטער היץ — האָט געשמועסט, געפּלױדערט, געמאַכט אײגלעך. פראַו סאַלאָמאָן פון אַמסטערדאַם האָט ליב געהאַט צו זיצן בײַ דער באַלוסטראַדע, די קניען האַרט צונויפגעקוועטשט צווישן גענזער מיט די אַרויסגעזעצטע ליפּן פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט — צווישן שוועדישן ריז, וואָס איז שוין געווען פולשטענדיק געזונט און איז דאָ ווייטער געזעסן בלויז, כּדי זיך נאָך אַ ביסל אויסצורוען. פראַו אילטיס איז, אַפּנים, געווען אַן אַלמנה, ווייל זי האָט לעצטנס אָנגעהויבן אַרומדרייען זיך מיט אַ „חתן", וואָס האָט, אַגב, אויסגעזען אי מרה־שחורהדיק אי נעבעכדיק. דאָס האָט איר פונדעסטוועגן נישט געשטערט צו פאַרברענגען מיט דעם הויפּטמאַן מיקלאָזיך, וואָס האָט זיך צו איר געשאַרט. ס'איז געווען אַ מענטש מיט אַן אָדלער־נאָז, געפּאַרבטע וואָנצעס, מיט אַ בכּבודיק־אויפגעהויבענער ברוסט און דראָענדיקע אויגן. ס'זיינען דאָ געווען די מיידלעך פון די ליג־האַלעס, פון פאַרשיידענע פעלקער, צווישן זיי אויך נייע פיגורן, וואָס זיינען צוגעקומען אַהער ערשט פון 1טן אָקטאָבער אָן און האַנס קאַסטאָרפּ האָט קוים געוואוסט, ווער זיי זיינען. ס'זיינען דאָ אויך געווען קאַוואַליערן, מערוויניקער פון דעם מין, וואָס אַלבין. זיבעצניעריקע בחורים מיט מאָנאָקלען, אַ באַברילטער יונגער האָלענדער מיט אַ ראָזן פּנים און מיט אַ מאָנאָמאַנישער ליידנשאַפט צו זאַמלען און טוישן פּאָסט־מאַרקעס, כּלערליי גריכן, פּאָמאַדירטע און מיט מאַנדל־אויגן געניינגט עובר צו זיין אויף די טיש־מאַניערן. ס'זיינען דאָ אויך געווען צוויי פראַנצעלעך, וואָס האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען. מ'האָט זיי גערופן „מאַקס און מאָריץ" און מ'האָט זיי געהאַלטן פאַר גרויסע בעלנים אויף דאָרף־מיידלעך... דער מעקסיקאַנישער הויקער, וואָס האָט נישט געקאָנט קיין שום אייראָפּעיִשע שפּראַך און דערפאַר געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ טויבן, האָט כּסדר געמאַכט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס. ער האָט אַרומגעשלעפּט זיין סטאַטיוו מיט אַ קאָמישער פלינקייט פון איין ווינקל טעראַסע צום אַנדערן. דער הויפראַט פלעגט טיילמאָל אַרויסקומען אַהער און ווייזן דעם עולם די קונץ מיט די שנורוואַדלעס. צווישן גאַנצן עולם האָט זיך אויך ערגעץ געשטופּט דער מאַנהיימער פרומער פּאַציענט. זיינע אויגן, וואָס זיינען טרוי־

ערך געווען ביזן סאַמע גרונט, האָבן געקוקט בגנבה, אין אַ גע־וויסער זייט און דערוועקט אין האַנס קאַסטאָרפּן עקל.

כּדי מיט דער הילף פון דעם אָדער יענעם ביישפּיל אומצו־קערן זיך צו יענע „שפּאַנונגען און אויסלאָדונגען", לאָמיר אָננעמען אַזאַ פאַל: האַנס קאַסטאָרפּ זיצט אויף אַ לאַקירטער גאָרטן־שטול ביי דער וואַנט פון סאַנאַטאָריע און שמועסט מיט יאָאַכימען, וועל־כער האָט לכתחילה נישט געוואָלט אַרויסגיין, נאָר האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים געצוואונגען. פאַר אים שטייט די פרוי שאָשאַ צוזאַמען מיט אירע שכנים פון טיש, אָנגעשפּאַרט אין דער באַריערע און הי־כערט אַ פּאַפּיראָס. ער רעדט ספּעציעל הויך, כּדי זי זאָל אים דערהערן, נאָר זי שטייט אויסגעדרייט מיטן רוקן... אָט האָבן מיר, הייסט עס, פאַר זיך אַ באַשטימטן פאַל. דער שמועס מיטן קו־זין קלעקט נישט פאַר זיין אַפעקטירטער באַרעדעוודיקייט, צוליב דעם האָט ער זיך בכיוון באַקאַנט מיט נאָך עמעצן. ווער איז דאָס? דאָס איז הערמינע קלעפעלד. ער האָט מיר־נישט־דיר־נישט אָנגעהויבן ריידן צו דער יונגער דאַמע, האָט זיך אַליין פאָרגעשטעלט פאַר איר, דערנאָך יאָאַכימען און איר צום סוף צוגערוקט אַ לאַקירטע שטול, כּדי צו קאָנען זאַלבעדריט ברייטער זיך פונאַנדעררעדן. צי געדענקט זי נאָך, פרעגט ער, ווי שטאַרק זי האָט אים דערשראָקן ביי זייער ערשטער באַגעגעניש אויפן פרימאָרגן־שפּאַציר? יאָ, דאָס איז ער טאַקע געווען; צו אים האָט זי דאָס דעמאָלט אַזוי פריילעך אַ פייף געטאָן אויף ברוך־הבא! און זי האָט דערגרייכט איר צוועק, דאָס איז ער אָפן מודה. ער האָט זיך דערשפּירט, ווי מ'וואָלט אים דערלאַנגט מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. זי מעג פרעגן זיין קוזין. האַ, האַ, פייפן מיט אַ פּנעומאָטאָראַקס און איבערשרעקן אומשול־דיקע דורכגייער! דאָס איז אַ שלעכטע שפּיל, דאָס איז אַ רישעות־דיקער מיסברויך — טענהט ער אין גערעכטן צאָרן.... יאָאַכים זיצט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן פול מיטן באַוואוסטזיין, אַז ער איז דאָ בלויז אַ מיטל צום צוועק. אויך די קלעפעלד הייבט ביסלעכווייז אָן פון האַנס קאַסטאָרפּס בלינדע און אַוועקקוקנדיקע בליקן צו קריגן דאָס באַליידיקנדיקע געפיל, אַז ער מיינט נישט זי. אָבער האַנס קאַס־טאָרפּ אַרבעט מעשים, חנדלט זיך, שיט מיט מליצות, באַמיט זיך

צו ריידן מיט אַ קלינגענדיקער שטים און דערגרייכט סוף־כל־סוף דער־צו, אַז זיין ריידן ווערט אויפפאַלנדיק דער פרוי שאָשאַ. זי דרייט זיך אויס און גיט אים אַ קוק אין פנים אַריין — אָבער בלויז אויף איין רגע. ווייל ס׳קומט אַרויס אַזוי, אַז אירע פריביסלאַוו־אויגן גיבן אַ קוק אויף אים, ווי ער זיצט מיט פאַרלייגטע פיס. דער בליק גליטשט זיך גיך אַראָפּ און בלייבט אַ ווײַלע הענגען אויף זיין געלן שטיוול מיט אַזאַ בפירושדיקער גלייכגילטיקייט, אַז ס׳דערגייט אַזש ביז ביטול, יאָ, ממש ביטול. באַלד דערנאָך קערן זיך אירע אויגן צוריק אָפּ פלעגמאַטיש און אַפילו מיט אַ פאַרבאַהאַלטענעם שמייכל.

אַ שווער, שווער אומגליק! האַנס קאַסטאָרפּ רעדט נאָך אַ ווײַלע היציק. דערנאָך, ווען ער גיט זיך סוף־כל־סוף אינערלעך אָפּ אַ דין־וחשבון פון יענעם קוק אויף זיין שטיוול, האַקט ער כמעט אָפּ אינמיטן וואָרט און פאַלט אַריין אין מרה־שחורה. די קלעפּעלד איז פאַרנידעט און באַליידיקט און זי גייט אַוועק. יאָאַכים פרוּווט זאָגן מיט אַ ביסל אַ צערייצט קול, אַז מ׳דאַרף זיך נעמען מאַכן ליג־קוראַציע. האַנס קאַסטאָרפּ ענטפערט אים אַ דערשלאָגענער און מיט ווייסע ליפּן, אַז מ׳קאָן עס טאָן.

פון דעם דאָזיקן געשעעניש האָט האַנס קאַסטאָרפּ מוראדיק געליטן גאַנצע צוויי טעג. ווייל אין משך פון דער צייט איז גאָר־נישט געשען אַזוינס, וואָס וואָלט געקאָנט אויסהיילן זיין ברענענ־דיקע וואונד. פאַרוואָס עפּעס אַזאַ בליק? פאַרוואָס, רבונו־של־עולם, אַזאַ ביטול? צי האָט זי אים אָנגעקוקט, ווי אַ געזונטן בחורעץ פון אונטן, וואָס האָט חשק בלויז צו פשוטער פלאַפּלעריי? ממש ווי אויף אַ תמימות־דיקן בחור פון פלאַכלאַנד, אַזוי צו זאָגן, ווי אויף אַ געוויינלעכן חברה־מאַן, וואָס גייט אַרום, לאַכט, פּאַשעט זיך אויס אַ בויך און פאַרדינט געלט — ווי אויף אַ געניטן לעבּ־יונג, וואָס קאָן זיך אויף קיין זאַך נישט, אויסער אויף די לאַנגווייליקע מעלות פון בירגער־לעכן לעבן? ער איז דען נאָך אַ צופעליקער גאַסט אויף דריי וואָכן, וואָס האָט נישט קיין שייכות צו איר ספערע? צי איז ער דען נישט געוואָרן אַ תושב צוליב אַ פייכט אָרט אין די לונגען? ער

איז דען נישט אַרייַן אין די רייען און געוואָרן אַ היגער, אַן אייגענער מענטש, אײַנגעזאַלצן אויף גוטע צוויי חדשים? איז דען מער־קוריוס ערשט נאָך נעכטן נישט אַרויף ביז ‎37,8‏?... אָבער דאָס איז עס דאָך טאַקע, צוליב דעם האָט ער טאַקע אַזעלכע צרות! מערקוריוב האָט אויפגעהערט הייבן זיך! די מוראדיקע נידערגעשלאָגנקייט פון יע־נע טעג האָט אַריינגעבּרענגט אין האַנס קאַסטאָרפּס נאַטור אַ קעלט, אַ ניכטערקייט און אַן צעפּגעלאָזנקייט. צו זיין גרויסער בושה האָט זיך עס אויסגעדריקט אין זייער אַ נידעריקער טעמפּעראַטור, וואָס איז כמעט נישט איבערגעשטיגן די נאָרמאַלע וואַרעמקייט. שרעקלעך איז פאַר אים געווען דער פאַקט, אַז זיין פּעס אין צרות האָבן אים בלויז נאָך מער דערווייטערט פון קלאַוודיאַס עקסיטענץ און מהות.

ערשט דער דריטער טאָג האָט געבּרענגט אַ גוטע אויסלייזונג באַלד אינדערפרי. ס'איז געווען אַ הערלעכער האַרבסטיקער פרימאָרגן, אַ זוניקער און אַ פרישער, מיט גרוי־זילבערדיק באַהויכטע לאָנקעס. די זון און די בלייך־געוואָרענע לבנה זיינען ביידע געשטאַנען צוזאַ־מען הויך אינם קלאָרן הימל. די קוזינען זיינען אויפגעשטאַנען פריער ווי געוויינלעך, כדי לכבוד דעם שיינעם טאָג אַ ביסל צו פאַר־לענגערן דעם פרימאָרגן־שפּאַציר מער וויפל ס'דערלויבט דער רעגו־לאַמין און גיין ווייטער מיטן וואַלד־וועג, ווי ביז צו דער באַנק ביים טייכל. יאָאַכימס דיאַגראַמע איז אויך גראָד געהאַט אַראָפּ־געפאַלן אויף אַ דערפרייענדיקן אופן. צוליב דעם האָט ער טאַקע פאָרגעלייגט, מ'זאָל מאַכן היינט אַן אויסנאַם און האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויך נישט געזאָגט ניין. — מיר זיינען אויסגעהיילטע מענטשן — האָט ער געזאָגט. — מיר זיינען פּטור געוואָרן אי פון דער היץ, אי פונם גיפט. כמעט שוין צייטיק צום פלאַכלאַנד. פאַר־וואָס־זשע זאָלן מיר טאַקע נישט אַ בריקע טאָן? האָבן זיי זיך טאַקע אַרויסגעלאָזט מיט שטעקנס און אָן די היטלען. ווייל זינט האַנס קאַסטאָרפּ איז געוואָרן איינער פון די גאַסט, האָט ער זיך צוגעפּאַסט צום היגן מנהג צו גיין אָנעם היטל, כאָטש ערשט נישט לאַנג איז ער געווען קעגן דעם און זיך אַזוי פעסט געהאַלטן ביי זיין אַלטן שטייגער. זיי זיינען אָבער נאָך נישט געהאַט דורכגעגאַנגען דעם

באַרג־אַרויף פונם רויטלעכן וועג, זיי זײַנען ערשט געווען בערך דאָרטן, וואו די פנעומאַטישע גרופּע האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט קאַס־טאָרפן. פּלוצלונג האָבן זיי דערזען פאַר זיך פרוי שאָשאַ. זי איז פאַמעלעך געגאַנגען באַרג־אַרויף, אָנגעטאָן אין ווייסן; אין אַ ווייסן סוועטער, אין אַ ווייס פלאַנעלן קלייד, און אַפילו אין ווייסע שיך. די רויטלעכע האָר זײַנען געווען באַלויכטן פון דער פרימאָרגן־זון. גענייער גערעדט וואָלט מען נעדאַרפט זאָגן, אַז — האַנס קאַס־טאָרפּ האָט זי דערקענט. יאָאַכים האָט זיך אָנגעשטויסן דערין ערשט צוליב דעם, ווייל ר'האָט דערפילט, אַז עפּעס נעמט זיך רייסן און ציען אין זיין זייט. ער האָט עס דערשפּירט אין האַנס קאַסטאָרפּס טריט, וואָס האָבן זיך גענומען קלאַמערן אויף איין אָרט, זיך כמעט אָפּגעשטעלט און אויף איינמאָל — געוואָרן גיכערע און לייכטערע. יאָאַכים האָט אַזאַ אײַלעניש נישט געקאָנט ליידן און עס האָט אים פאַרדראָסן. זיין אָטעם איז אינדערגיך געוואָרן אָפּגעהאַקט און ער האָט אָנגעהויבן אונטערהוסטן. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט ווײַ־טער געיאָגט זיך פאָרויס נאָך זיין ציל. זיין האַרץ האָט, ווײַזט אויס, גוט געאַרבעט און ער האָט זיך ווייניק געמאַכט פון יאָאַכימס מידקייט. יאָאַכים האָט אָבער תּיכּף דערשמעקט, וועגן וואָס ס'גייט, דערפאַר האָט ער בלויז שווייגנדיק פאַרצויגן די ברעמען און איז נאָכ־געגאַנגען, ווייל ער האָט דאָך נישט געקאָנט יענעם לאָזן אַליין לויפן.

דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ האָט דער שיינער פרימאָרגן אויפ־געפרישט. אין משך פון די צוויי טעג דערפרעס'ע האָבן זיך אויך זיינע גייסטיקע כּוחות שטילערהייט אויסגערוהט. אין זיין גייסט האָט איצט קלאָר אויפגעלויכטן די זיכערקייט, אַז ס'איז איצט געקומען די רגע, ס'זאָל אַראָפּגענומען ווערן פון אים די קללה, וואָס איז אויף אים געלעגן ביז איצט. ער האָט געמאַכט פיס, געשלעפּט מיט זיך דעם פאַרסאַפּעטן יאָאַכימען, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט. בײַם אויס־דריי פון וועג, וואָס פירט רעכטס אַרויף צום באַוואַלדיקטן בערגל, האָבן זיי זיך שיין כמעט ווי אויסגעגלייכט מיט מאַדאַם שאָשאַ. דאָ האָט האַנס קאַסטאָרפּ אויסניי אָנגעהויבן גיין פאַמעלעכער, כּדי זיך נישט צו באַגעגענען מיט איר אַן אויסגעמאַטערטער פון אָנגע־

שטרענגקייט. ערשט אין יענער צייט, אויפן אויסגעדרייטן וועג, צווישן תהום און שיפוע, צווישן די זשאַווער־רייטלעכע סאָסנעס, קעגן די זון־ליכטלעך, וואָס רייסן זיך אַדורך דורך די צווייגן, איז געשען און ס'האָט זיך געטראָפן די וואונדערלעכע באַגעגעניש: האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס איז געגאַנגען לינקס פון יאָאַכימען, איז סוף־כל־סוף פאַרבייגעגאַנגען מיט מענלעכע טריט די ליבלעכע פּאַציענטין און אין דער רגע, ווען ער איז געווען רעכטס פון איר, האָט ער זיך פאַרנייגט מיטן הוילן קאָפּ און מיט אַ האַלב קול איר אַ זאָג געטאָן „גוט־מאָרגן". ער האָט זי באַגריסט מיט כבוד (ס'הייסט טאַקע: מיט כבוד) און זי האָט אים געענטפערט. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פריינדלעך און גאָרנישט דערשטוינט. זי האָט אויך צוריקגעענטפערט אויף זיין שפּראַך „גוט־מאָרגן" און אירע אויגן האָבן דערביי געשמייכלט. דאָס אַלץ איז געווען אינגאַנצן עפּעס אַנדערש, עפּעס לחלוטין אַנדערש פון יענעם בליק אויף זיין שוך. ס'איז געווען אַ גליקלעכער פאַל און אַ ווענדונג צום גוטן און סאַמע בעסטן, עפּעס, וואָס האָט גאָר קיין גלייכן נישט און וואָס גייט איבער יעדע השגה. ס'איז געווען אַן איבערלייזונג.

ווי אויף פליגל — אַ פאַרבלענדטער פון אומזיניקער פרייד, באַרייכערט מיט דעם גרוס, מיטן וואָרט, מיטן שמייכל — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געאײַלט פאָרויס לעבן דעם אויסגענוצטן יאָאַכימען, וואָס איז געגאַנגען שווייגנדיקערהייט און אַוועקגעקוקט פון האַנס קאַסטאָרפּן אַראָפּ אין תהום. האַנס קאַסטאָרפּ האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דאָס איז אין יאָאַכימס אויגן געווען אַ שטיפעריי, אַ צעלאָזנקייט און אַפילו אַ שטיקל פאַרראַט און עבירה. דאָס איז אָבער פאָרט נישט געווען אַקוראַט אַזאַ זאַך, ווי ער וואָלט געפרוווט בעטן ביי אַ ווילד־פרעמדן מענטש אַ בלייפעדער. פאַרקערט, ס'וואָלט געווען אַפילו אַ שטיקל גראָבקייט פאַרבייצוגיין אָן אַ גוט־מאָרגן פאַר אַ דאַמע, מיט וועלכער מ'וואוינט זינט חדשים אונטער איין דאַך. און צי האָט דען נישט ערשט נישט לאַנג קלאַוודיאַ אין וואַרט־צימער פאַרפירט מיט זיי אַ שמועס? צוליב דעם טאַקע האָט יאָאַכים געמוזט שווייגן. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאַרשטאַנען, צוליב־וואָס נאָך דער וואַילער יאָאַכים שווייגט כסדר און דרייט

אַוועק דעם קאָפּ, אין דער צייט, ווען ער, האַנס קאַסטאָרפּ, איז אַזוי וואַילעריש און דורך־און־דורך גליקלעך צוליב זיין געראַטע־נער שטיפעריי. ס׳וועט קיינמאָל נישט זיין גליקלעכער עמעץ, וואָס האָט אונטן אין פלאַכלאַנד אויף אַ לעגאַלן, צוזאָגנדיקן און — אין גרונד גענומען — הנאהדיקן אופן „געשאָנקען זיין האַרץ" אַ געזונט געגנזל און האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. ניין, אַזוי גליקלעך, ווי ער איז צוליב דער קליינער הנאה, וועלכע ער האָט אַריינגעכאַפּט אין אַ גוטער שעה, קאָן קיינער נישט זיין... דערפאַר גיט ער זיין קוזין אַ פעסטן קלאַפּ איבער דער פּלייצע און זאָגט:

— האַלאָ, דו, וואָס איז מיט דיר? ס׳איז אַזאַ שיין וועטער! באַלד וועלן מיר אַראָפּ אין דער קאַסינאָ, מ׳שפּילט דאָרטן, מסתמא, מוזיק, דערמאָן דיך נאָר! אפשר וועלן זיי אויפשפּילן „דאָ ביים האַרצן טריי פאַרבאָרגן, אָט די בלום פון יענעם מאָרגן" פון „קאַרמען"? וואָס איז דיר געפלויגן איבער דער נאָז?

— גאָרנישט — זאָגט יאָאַכים. — אָבער זעסט אויס אַזוי דערהיצט. כ׳האָב מורא, אַז האָסט ווידער געקריגן וואַרעמקייט.

יאָ, ער האָט באמת געקראָגן היץ. האַנס קאַסטאָרפּס פאַרשעמטע געפאַלנדיקייט איז באַזיגט געוואָרן צוליב דעם „גוט־מאָרגן" צווישן אים און קלאַוודיאַ שאָשאַ. דאָס דאָזיקע באַוואוסטזיין האָט אים באמת געגעבן אַ סאַטיספאַקציע. יאָ, יאָאַכים איז גערעכט געווען: מערקוריוס איז ווידער געשטיגן. תיכף נאָכן שפּאַציר האָט האַנס קאַסטאָרפּ אים גענומען אין מויל אַריין און דאָס קוועקזילבער האָט זיך אויפגעהויבן ביז קיילעכדיקע 38.

---

ענציקלאָפּעדיע

כאָטש סעטעמברינים אָנצוהערענישן פלעגן האַנס קאַסטאָרפן פאַרדריסן, פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט געטאָרט וואונדערן צוליב דעם און נישט געהאַט קיין רעכט צו באַשולדיקן דעם הומאַניסט אין פעדאַגאָגישן שפּיאָנאַזש. אַ בלינדער האָלט אויך געוועןן דערקאָנט, ווי עס האַלט מיט אים אין דער וועלט. ער האָט אַפילו

גאָרנישט צוגעטאָן דערצו, כּדי צו מאַכן דערפון אַ סוד. אַ געווי־סער שטאָליץ און איידעלע פּשטות האָבן פּשוט נישט צוגעלאָזט, ער זאָל זיך אויסבאַהאַלטן דערמיט. דערמיט האָט ער זיך טאַקע אָפּ־געשיידט — מ׳קאָן אַפילו זאָגן: צום גוטן — פון דעם שיטער־האָריקן פּאַרליבטן פון מאַנהיים און פון זיין אויסגעהיטנקייט. מיר דער־מאָנען אין חזרן איבער, אַז דער מצב, אין וועלכן ער האָט זיך געפינען, האָט בטבע דעם דראַנג און דעם מוז צו עפענען דאָס האַרץ פאַר יענעם, אַ נייגונג זיך מתוודה צו זיין, אַ בלינדע פאַר־נומענקייט מיט זיך אַליין און אַ באַגער אויסצופילן די וועלט מיט זיך. וואָס ווייניקער זין, שכל אין האָפענונג ס׳איז דאָ אין דעם ענין, אַלץ משונהדיקער זעט עס אויס פאַר אונז, ניכטערע. ווי אַזוי אַזעלכע מענטשן הייבן זיך אָן פאַרראַטן, איז שווער צו זאָגן. זיי קאָנען, דאַכט זיך, נישט טאָן קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיי נישט פאַרראַטן. בפרט נאָך אין אַ געזעלשאַפט, וועגן וועלכער אַ קלוגער קאָפּ האָט זיך אויסגעדריקט, אַז מ׳האָט ביי איר אין זינען בלויז צוויי זאַכן: ערשטנס, די טעמפּעראַטור און צווייטנס — נאָכ־אַמאָל די טעמפּעראַטור, צום ביישפּיל די פראַגע, מיט וועמען די ווינער פרוי גענעראַל־קאָנסול וואורמבראַנד וועט זיך טרייסטן נאָך דעם פּלאַטער־קאָפּ קאַפּיטאַן מיקלאָזיך, צי מיט דעם פולשטענדיק אויסגעהיילטן שוועדישן ריז אָדער מיטן פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט פון דאָרטמונד, אָדער אַפילו — מיט ביידע צוזאַמען, ווייל ס׳איז געווען באַקאַנט און זיכער, אַז די פּעדים, וואָס האָבן אין משך פון אַ סך חדשים צונויפגעבונדן דעם פּראָקוראָר מיט פרוי סאַלאָמאָן פון אַמסטער־דאַם, זיינען איפגעבונדן געוואָרן נאָך אַ פרידלעכער פאַרשטענ־דיקונג. ס׳איז אויך זיכער געווען, אַז פרוי סאַלאָמאָן האָט, ווי ס׳איז דער שטייגער אין אירע יאָרן, זיך צוגעשאַרט צו דער יונגט און גענומען אונטער אירע פליגלען געגזערן מיט די אַרויס־געזעצטע ליפּן, וועלכער זיצט ביי פריילין קלעפּעלדס טיש. פרוי שטער האָט דאָס אויסגעדריקט אין אַ מין קאַנצעלאַריע־סטיל און נישט אָן בילד־לעכקייט: „אַריינגעקריגן". אַלנפאַלס האָט דער פּראָקוראָר געהאַט די ברירה: אָדער זיך אַרומשלאָגן מיטן שוועד צוליב דער פרוי גענעראַל־קאָנסול, אָדער זיך נישט ווינדיק צו מאַכן.

די דאָזיקע געשעענישן, וועלכע האָבן פּאַראינטערעסירט דעם עולם פון „בערגהאָף" און דער עיקר — די היציקע יוגנט, און פאַר וועלכע ס'זיינען זייער נוצלעך געווען די באַלקאָן-הורכגענג (פאַר די גלעזערנע ווענטלעך אין לענג-אויס די באַלוסטראַדע), האָט מען פּעכט אין זינען געהאַט. זיי זיינען געוואָרן דער עיקר פון דער היגער אַטמאָספערע. אַפילו די דאָזיקע ווערטער דריקן נאָך נישט אינגאַנצן אויס דאָס, וואָס ס'האָט זיך דאָ אָפּגעטאָן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט דעם מאָדנעם איינדרוק, אַז דער דאָזיקער ענין, וועלכן מ'האַלט אין דער גאַנצער וועלט פאַר גענוג וויכטיק, אַלץ-איינס צי מ'דריקט עס אויס ערנסט אָדער מיט אַ שפּאַס, באַקומט פונדעסטוועגן דאָ-די מער טאָן, ווערט אין באַטייט. מ'נעמט עס דאָ אַזוי שווער אין צוליב דעם אַזוי ניי, אַז דער ענין אַליין באַווייזט זיך צוליב דעם אין אַ ניי ליכט, וואָס איז אפשר נישט שרעקלעך, אָבער ס'דערשרעקט מיט דער נייקייט. בשעת מיר דערציילן דאָס, מאַכן מיר אַן אַנ-דערע מינע און מיר באַמערקן, אַז: איב מיר האָבן ביז איצט וועגן אָט-די אומקלאָרע באַציִונגען אפשר גערעדט מיט אַ לייכטן אין שפּאַסיקן טאָן, איז עס געשען צוליב די זעלבע אומבאַוואוסטע סיבות, צוליב וועלכע ס'געשעט אַלעמאָל. אַלנפאַלס, קאָן מען דערפון נישט דרינ-גען, אַז די זאַך אַליין איז אַ לייכטע אין אַ שפּאַסיקע. גראָד אין דער כּפערע, וואו מיר געפינען זיך איצט, וואָלט דאָס געווען נאָך ווייניקער אמת, ווי ערגעץ-אַנדערש. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַמאָל געמיינט, אַז ער איז אַ גאַנץ גוטער מבין אויף אָט-די ענינים, וועגן וועלכע מ'וויצלט זיך אַזוי גערן. ס'קאָן זיין, אַז ער איז אַפילו גע-רעכט געווען, וואָס ער האָט אַזוי געמיינט. איצט האָט ער איינ-געזען, אַז אין פלאַכלאַנד האָט ער די זאַכן פאַרשטאַנען זייער אייבערפלאַכלעך, ר'איז, אייגנטלעך, גאָר געווען אַן עם-הארץ אין די ענינים. ערשט דאָ האָט ער געקריגן פערזענלעכע דערפאַרונג, איף וועלכער מיר האָבן שוין נישט איינמאָל געגעבן אָנצוהערעניש. אין געוויסע מאָמענטן האָט ער צוליב דעם אַלעמען אַזש געמוזט אויסשרייען: „מיין גאָט!" אַדאַנק דעם האָט ער געקריגן די אינער-לעכע פעיִקייט צו באַגרייפן און צו פאַרשטיין דעם וואַקסנדיקן אַק-צענט פון יענעם אומדערהערטן, אַוואַנטוריסטיש-אָנגאָמענדיקן, וועל-

כער איז אַרייַנגעלייגט געוואָרן אין דעם ענין דאָ אויבן בײַ יעדן און בײַ אַלע. דאָס הייסט נישט, אַז דאָ האָט מען זיך נישט געוויצלט וועגן דעם. אָבער דער דאָזיקער מאַניער האָט דאָ, נאָך מער ווי אונטן, געטראָגן דעם חותם פון נישט־צונעפּאַסטקייט. דאָ האָט אָט־דער מאַניער געהאַט אין זיך עפּעס ציטערנדיקס און שווינדזיכטיקס. צוליב דעם איז דערפון געוואָרן אַ בולטער צודעק פאַר דעם אונטן־באַהאַלטענעם טראַגיזם, וואָס האָט זיך, אַגב, נישט געלאָזט באַהאַלטן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך דערמאָנט, ווי פלעקיקבלאַס יאָאַכים איז געוואָרן, בעת ער, האַנס קאַסטאָרפּ, האָט דאָס ערשטע און איינציקע מאָל אַרויפגעפירט אויף אַ שמועס וועגן מאַרושעס קערפּערלעכקייט און גערעדט וועגן דעם מיט דער אומשולדיקער שפּאַסיקייט, ווי ס׳איז דער שטייגער אונטן אין פלאַכלאַנד. ער האָט זיך אויך דערמאָנט אין דער קאַלטער בלאַסקייט, וואָס זײַן אייגן פּנים האָט אָנגענומען, בעת ער האָט פאַרשטעלט פרוי שאָשאַס פּנים פון די שקיעה־שטראַלן, וואָס זײַנען געפאַלן אויף איר. ר׳האָט זיך אויך דערמאָנט דערין, אַז די זעלבע בלאַסקייט האָט ער פריער און שפּעטער באַמערקט אויך אויף פרעמדע פּנימער בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן. כמעט אַלעמאָל אויף צוויי פּנימער איינצייטיק. צום־בײַשפּיל: אויף פרוי סאַלאָמאָנס און דעם יונגן געגוזערס פּנימער, בעת ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צווישן זיי דאָס, וועגן וואָס פרוי שטער האָט גערעדט אַזוי קונציק. ער האָט זיך דערמאָנט דערין, לאָמיר זאָגן, און אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז אין אַזעלכע פאַלן איז נישט בלויז שווער נישט צו „פאַרראַטן“ זיך, נאָר אַז די גאַנצע טירחה וואָלט אַפילו נישט געלוינט. מיט אַנדערע ווערטער: נישט בלויז צוליב שטאָלץ און ערלעכקייט האָט האַנס קאַסטאָרפּ זיך געגעבן ווייניק מי אונטערצודריקן זײַנע געפילן און צו מאַכן אַ סוד פון זײַן לאַגע. דערין איז שולדיק געווען אויך אין אַ געוויסער מאָס די אַטמאָספער.

ס׳איז געווען אַזוי, ווי יאָאַכים האָט תיכף פאָרויסגעזאָגט: ס׳איז דאָ שווער געווען צו מאַכן קאַנטשאַפט. די דאָזיקע שווערקייט קאָן מען אויסטייטשן דערמיט, וואָס ביידע קוזינען זײַנען געווען אין דער סאַנאַטאָריע אַ מין באַזונדערע פּאַרטיע און אַ מיניאַטורגרופּע. דערצו האָט נאָך דער מיליטערישער יאָאַכים געהאַט אין

זינען בלויז דאָס געזונט־ווערן און אַבסאָלוט נישט קיין חשק גע־האַט צו שטיין אין אַ נעענטערער באַריחונג און שייכות מיט די איבעריקע פּאַציענטן. ווען נישט דאָס אַליץ, וואָלט האַנס קאַס־טאָרפּ געווען געהאַט און געקריגן נאָך מער געלעגנהייט בריטהאַר־ציק און אומגעצוימט איבערצוגעבן זיינע געפילן אַנדערע. אין איינעם אַן אָוונט, בעת דעם צונויפקום אין סאַלאָן, האָט אים יאָאַכים גע־פּאַקט שטיין צוזאַמען מיט הערמינע קלעפעלד, אירע ביידע טיש־שכנים געגזער און ראַזומוססען, און אויך מיט דעם בחור, וואָס טראָגט אַ מאָנאָקל און האָט איין לאַנגן נאָגל. האַנס קאַסטאָרפּס אויגן האָבן געבלישטשעט ניט געוויינלעך און ער האָט מיט אַ געדירט קול געהאַלטן אַ גאַנצע דרשה וועגן פּר.י שאָשאַס אָריגינעלע און פּ־עמ־דע פּנים־שטריכן. זיינע צוהערער האָבן זיך דערביי איבערגעקוקט, געשטויסן זיך אין די זייטן און געכיכעט.

דאָס האָט יאָאַכימען זייער ווי געטאָן. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס האָט גורם געווען, מ'זאָל אים חוזק מאַכן, האָט נישט געשפּירט דעם שאָדן, וועלכן ער ברענגט זיך דערמיט, וואָס ער דעקט אויף זיין האַרץ. ער האָט מסתמא געמיינט, אַז זיין געפיל לעבט זיך נישט אויס, אויב ס'איז פאַרבאָרגן און קיינער ווייסט נישט דערפון. ער האָט געדאַרפט זיין פאַרזיכערט, אַז ס'איז דאָ אַן אַלגעמיינע פאַרשטענדעניש פאַר דעם. דערפאַר האָט ער זיך נישט וויסנדיק געמאַכט דערויף, וואָס דער עולם חוזקט. נישט בלויז פון זיין אייגענעם טיש, נאָר אַפילו פון אַנדערע, שכנותדיקע טישן האָט מען געקוקט צו אים, כדי צו זען, ווי ער ווערט בלייך און רויט אינאָנהייב פון יעדער מאָלצייט, בעת די טיר פאַלט צו מיט אַ קנאַק. אַפילו דערמיט איז ער אויך צופרידן געווען. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דערמיט, וואָס ער רופט אַרויס איפמערקזאַמ־קייט, ווערט זיין פאַרליבטקייט אויף אַ געוויסן אופן אָנערקענט און באַשטעטיקט פונדרויסן. דאָס קאָן אַמאָל נוצן דעם גאַנצן ענין און אַריינברענגען מוט אין די אומבאַשטימטע און אומזיניקע האָפּע־נונגען. דערפאַר האָט ער זיך אַפילו געשפּירט גליקלעך דערפון. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז מ'איז זיך ממש צונויפגעקומען צו זען זיין פאַרבלענדקייט. דאָס פלעגט געשען בערך נאָך אַ מאָלצייט

אויף דער טעראַסע אָדער זונטאָג נאָכמיטאָג, פאַר דער פּאָרטיער־לאָזשע, בעת די געסט פלעגן קומען אָפּנעמען די פּאָסט; ווייל זונטאָג פלעגט מען נישט אָפּטראָגן די פּאָסט אין די צימערן. כמעט אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז אַ שטאַרק פאַרקאָכטער יונגער־מאַן, וואָס האָט היץ און מ'קאָן אין אים אַלץ דערקענען. ס'פלעגן זיך אַוועקשטעלן פרוי שטער, פריילין ענגלהאַרט, די קלעפעלד צוזאַמען מיט איר חברטע, וואָס האָט אַ פּנים פון אַ טאַפּיר, דער אומהיילבאַרער אַלבין, דער יונגערמאַן מיטן גרויסן נאָגל און נאָך איינער אָדער אַ צווייטער פון דעם עולם פּאַציענטן. זיי פלעגן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע מויל־ווינקלען, כיכעי דורך דער נאָז און צוזען, ווי ער קוקט אין אַ באַשטימטער ריכטונג פאַרלוירן און ליידנשאַפטלעך־צעשמייכלט, מיט יענער היץ אויף די באַקן, וואָס איז אים באַפאַלן באַלד דעם ערשטן אָוונט, ווען ר'איז אָנגעקומען, מיט יענעם גלאַנץ אין די אויגן, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל דערהערט הוסטן דעם אַריסטאָקראַט....

אייגנטלעך, איז עס שיין געווען פון סעטעמברינים זייט, וואָס ער פלעגט אין אַזאַ לאַגע פונדעסטוועגן צוגיין צו האַנס קאַסטאָרפן, כדי אים אַריינצוציען אין אַ שמועס און כדי צו פרעגן, וואָס ער מאַכט. אָבער ס'איז אַ ספק, צי האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן ווי געהעריק די מענטשן־פריינדלעכע פאָראורטייללאָזיקייט, וואָס איז געלעגן דערין. ס'האָט זיך געקאָנט טרעפן אין פאַרהריז, זונטאָג נאָכמיטאָג. ביי דער לאָזשע פון פּאָרטיער האָבן זיך געשטופּט די געסט און אויסגעשטרעקט די האַנט אָפּצונעמען די פּאָסט. אויך יאָאַכים איז דאָרטן געווען פון די ערשטע. זיין קוזין איז געבליבן הינטן און אָפּגעוואַרט — ווי מיר האָבן עס שוין איבן געשילדערט — צו קאָנען כאַפּן אַ בליק אויף קלאַוודיאַ שאָשאַ, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט מיט אירע טיש־שכנים און אָפּגעוואַרט, ביז ס'וועט לייזער ווערן אַרום דער פּאָרטיער־לאָזשע. ס'איז געווען אַ שעה, ווען ס'מישן זיך צונויף אַלע געסט פון דער סאַנאַטאָריע, אַ שעה פון געלעגנהייטן און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זי צוליב דעם טאַקע ליב געהאַט און געבענקט נאָך איר. מיט אַכט טעג צוריק האָט ער זיך ביים פענסטערל צונויפגעטראָפן מיט מאַדאַם

שאָשאַ גאָר נאָענט, אַזוי, אַז זי האָט זיך אין אים לייכט אָנגעשטויסן און אינדערגיך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט: פּאַרדאָן. אַראַנק דער הייק, האָט זיך אין אים, צו זיין גרויסער פרייד, געפונען גענוג גייסטיקע קראַפט צו ענטפערן:

* — Pas de quoi, madame!

וואָס פאַר אַ גליקלעכער צופאַל — האָט ער געטראַכט — איז דאָס, וואָס יעדן זונטאָג נאָכמיטאָג ווערט אויף זיכער צעטיילט די פּאָסט אין פאָרהויז! מ'וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט קאָנסומירט די וואָך, וואַרטנדיק גאַנצע זיבן טעג, ביז ס'וועט אָנקומען אָט־די שעה. און וואַרטן הייסט: צויאָגן, שפּירן די צייט און די קעגנוואַרט, נישט ווי אַ מתּנה פון גאָט, נאָר ווי אַ מניעה, פאַרניינען און אָפּלייקענען איר ווערט און זי גייסטיק איבערהיפּערן. וואַרטן, זאָגט מען, איז לאַנגווייליק. ס'איז אָבער אַקוראַט־אַזוי, און אפשר דווקא — קורצווייליק, ווייל עס שלינגט איין מאַסן צייט, וועלכע ווערן נישט דורכגעלעבט און אויסגענוצט ווי אַזעלכע. מ'וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז דער, וואָס האָלט בלויז אין איין וואַרטן, איז געגליכן צו אַ פרעסער, וואָס זיין פאַרדייונגס־אַפּאַראַט לאָזט־דורך מאַסן שפּייז און צייט נישט קיין נוצן פון זייער דערנערנדיקן ווערט. מ'וואָלט אפילו געקאָנט גיין נאָך ווייטער און זאָגן: אַקוראַט ווי נישט־פאַרדייטע שפּייז מאַכט נישט שטאַרקער דעם עסער, פּונקט אַזוי מאַכט די צייט פון וואַרטן נישט עלטער. ס'טרעפט זיך אָבער נישט אין דער פּראַקטיק קיין ריין און אַבסאָלוט וואַרטן.

די וואָך איז, הייסט עס, איינגעשלונגען געוואָרן און ס'איז ווידער געקומען די זונטאָגדיקע נאָכמיטאָג־שעה, ווען מ'נעמט אָפּ די פּאָסט, עפּעס אַזוי, ווי ס'וואָלט נאָך אַלץ געווען די אייגענע שעה פון פאַר זיבן טעג. די דאָזיקע שעה האָט אויף דעם אויפרעגנדיקסטן אופן געוויזן איין געלעגנהייט נאָך דער אַנדערער. יעדע מינוט האָט זי געהאַט און געגעבן מעגלעכקייטן צו קומען מיט פרוי שאָשאַ אין געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען. פון די דאָזיקע מעגלעכקייטן האָט האַנס קאַסטאָרפּ האַרץ זיך צוגעפּגעפּרעסט און זיך

---

* נישטאָ פאַרוואָס, מאַדאַם.

געקלאפּט, פאַקטיש זיינען זיי קיינמאָל נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה פון פאַרווירקלעכונג. כ'זיינען צו דעם געווען מניעות אַ מיליטערישע, אַ ריין־ציווילע. אַ סך האָט, הייסט עס, געשטערט דער בכבודיקער יאָאַכים און אויך האַנס קאַסטאָרפּס אייגענע ערע־און פליכט־געפילן. אַנדערע מניעות זיינען געווען געשטיצט אויפן גע־פיל, אַז געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען בנוגע צו קלאַודיאַ שאָשאַ, לייטישע באַציִונגען, ביי וועלכע מ'זאָגט זיך „איר“, מ'פּאַרנייגט זיך און מ'רעדט ווי ווייט מעגלעך פראַנצויזיש, — אַז אַזעלכע באַ־ציִונגען זיינען נישט נייטיק, נישט געוואונטשן און נישט אויפן אָרט... ער איז געשטאַנען און געזען, ווי זי רעדט שמייכלענדיק, אַקוראַט ווי פּריבּיסלאַוו היפּפּע פלעגט אַמאָל ריידן און לאַכן אויפן הויף פון דער שול; איר מויל האָט זי דערביי געעפנט גאַנץ ברייט און אירע קרומלעכע גרוי־גרינע אויגן איבער די באַקן־ביינער האָבן זיך פאַרצויגן אין שמאָלע שפּעלטלעך. דאָס איז לחלוטין נישט געווען „שיין“. אָבער ס'איז געווען אַזוי ווי ס'איז און בעת מ'איז פאַרליבּט, האָט דער עסטעטישער מיין פון שכל צו זאָגן אַקוראַט אַזויפיל, וויפל דער מאָראַלישער. —

— איר וואַרט אויך אויף בריוו, אינזשעניער?

— אַזוי האָט אים עמעץ אַ זאָג געטאָן, עמעץ, וואָס האָט גע־שטערט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַזש אויפגעציטערט און זיך אויס־געדרייט צו סעטעמברינין, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אַ צע־שמייכלטער. ס'איז געווען דער פיינער און הומאַניסטישער שמייכל, מיט וועלכן ער האָט אַמאָל באַגריסט דעם ערשט־אָנגעקומענעם האַנס קאַסטאָרפּ — ביי דער באַנק לעבן טייכל. דערזעענדיק אים, האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ פאַרשעמט, אַקוראַט ווי דעמאָלט. אמת, אין חלום האָט ער אַזוי אָפט געפּרוווט אָפּשטופּן דעם „קאַטערינאַזש“ דער־פאַר, וויל ער „שטערט דאָ“, — אָבער דער מענטש איז וואַכנדיקערהייט בעסער, ווי אין חלום. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך נישט בלויז אויס־געניכטערט און פאַרשעמט פון דעם דאָזיקן שמייכעלע, נאָר ער האָט אויך דערפילט אַ דאַנקבאַרקייט, ווי צו אַ בעל־טובה. ער האָט גע־זאָגט:

— גאָט מיינער, בריוו גאָר, העֶר סעטעמבריני. איך בין דאָך נישט קיין אַמבאַסאַדאָר. אפשר איז דאָ אַ פּאָסט-קאַרטל פאַר איינעם פון אונז. מיין קוזין וואַרט שוין דאָרטן.

— מיר האָט שוין דער הינקענדיקער טייוול אָפּגעגעבן מיין קליינע קאָרעספּאָנדענץ — זאָגט סעטעמבריני און שטעקט אַריין די האַנט אין דער זייטיקער קעשענע פון דער אייביקער האָריקער מאַרינאַרקע.— אינטערעסאַנטע זאַכן, זאַכן פון ליטעראַרישע און סאָציאַלע פּער-ספּעקטיוון, איך לייקן עס נישט. ס'גייט וועגן אַן ענציקלאָפּעדיש ווערק, וואָס אַ הומאַניטאַרער אינסטיטוט גיט אַרויס און פאַרבעט מיך דאָרטן מיטצואַרבעטן... בקיצור, אַ שיינע אַרבעט. העֶר סע-טעמבריני האַקט אָפּ. — אָבער וואָס הערט זיך ביי אייך? — פרעגט ער. — ווי גייט עס? ווי ווייט איז, צום ביישפּיל, דערגאַנגען דער פּראָצעס פון אַקלימאַטיזאַציע? איר זענט סוף-כל-סוף נאָך נישט אַזוי לאַנג צווישן אונז, אַז די פראַגע זאָל נישט זיין אויפן אָרט.

— אַדאַנק, העֶר סעטעמבריני, ס'גייט נאָך אַלץ צו מיט געוויסע שוועריקייטן. מיר דאַכט זיך, אַז ס'קאָן זיך אַזוי ציען ביזן סאַמע סוף. טייל מענטשן געוויינען זיך קיינמאָל נישט צו — האָט מיר מיין קוזין געזאָגט תיכף, ווי כ'בין אָנגעקומען. אָבער מ'ווערט צו-געוויינט אויך צום געדאַנק, אַז מ'קאָן זיך נישט איינגעוויינען.

— אַ פאַרוויקלטער פּראָצעס — לאַכט דער איטאַליענער. — אַ מאָדנער אופן פון איינבירגערן זיך. פאַרשטייט זיך, די יוגנט איז פעיק צו אַלעמען. זי געוויינט זיך נישט, אָבער זי וואָרצלט זיך פונדעסטוועגן איין.

— סוף-כל-סוף איז עס דאָך נישט קיין סיבירער קאַטאָרגע.

— ניין. אָ, איר האָט ליב צו געבן מזרחדיקע פאַרגלייכן. זיי-ער פאַרשטענדלעך. אַזיע פאַרשלינגט אונז. וואו מ'קומט — אומעטום טאַטערישע פּנימער. — דערביי דרייט סעטעמבריני דיסקרעט אויס דעם קאָפּ הינטערוויילעכץ. „דזשינגיס-כאַן" — זאָגט ער — בלישטשענ-דיקע אויגן פון סטעפּ-וועלף, שניי און שנאַפּס, נאַהייקע, שליסל-בורג און קריסטנטום. מ'וואָלט געדאַרפט דאָ אין פאָרהויז אויפ-שטעלן אַ מזבח דער פּאַלאַס-אַטענע* — ווי אַ סימבאָל פון שוץ. איר

* גריכישע געטין.

זעט, דאָרטן האָט זיך צעקריגט אַן איוואַן איוואַנאָוויטש אָן ווייסער וועיט מיט דעם פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט. יעדער פון זיי האָט געוואָלט שטיין אין דער ריי פריער פאַרן צווייטן, ביים אָפּנעמען די פּאָסט. כ'ווייס נישט, ווער ס'איז גערעכט, אָבער דאַכט זיך, אַז דער פּראָקוראָר שטייט אונטער דער שוין פון דער געטין. וואָס אמת, אַן אייזל איז ער, אָבער ער פאַרשטייט כאָטש לאַטיין.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געלאַכט — סעטעמבריני האָט דאָס קיינמאָל נישט געטאָן. מ'וואָלט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי אַזוי ער זעט אויס לאַכנדיק פון גאַנצן האַרץ. ווייטער ווי צו דעם פיינעם און טרוקענעם שמייכעלע אין מויל־ווינקל איז ביי אים קיינמאָל נישט דערגאַנגען. ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי דער יונגערמאַן לאַכט און געפרעגט:

— אייער דיאַפּאָזיטיוו — איר האָט אים שוין געקריגן?

— כ'האָב אים שוין באַקומען — ענטפערט האַנס קאַסטאָרפּ מיט אַ וויכטיקער מינע — ערשט לעצטנס. אָט איז ער — און ער שטעקט אַריין די האַנט אין בוזים־קעשענע.

— אַ, איר טראָגט עס אין פּאָרטפעל — ווי אַ שיין, אַזוי צו זאָגן, ווי אַ פּאַס, אָדער מיטגליד־ביכל. זייער גוט, לאָזט נאָר געבן אַ קוק! — און סעטעמבריני הייבט אויף קעגן ליכט די קליינע גלעזערנע פּלאַטע, וואָס איז אַרומגערעמט מיט שוואַרץ פּאַפּיר, און האַלט זי צווישן גראָבן־און ווייזפינגער פון זיין לינקער האַנט. די דאָזיקע באַוועגונג איז מען דאָ געוויינט צו זען זייער אָפט. זיין פּנים מיט די שוואַרצע מאַנדל־אייגן פאַרקרימט זיך עטוואָס, בעת ער קוקט זיך איין מבינות־דיק אינם אַבלותדיקן ליכט־בילד, און ס'איז שווער געווען צו וויסן, צי טוט ער עס, כדי בעסער צו זען, אָדער צוליב אַנדערע סיבות.

— יאָ, יאָ, — זאָגט ער צום סוף. — דאָ האָט איר אייער לעגיטימאַציע, דעם בעסטן דאַנק. און ער דערלאַנגט די קלישע צוריק דעם אייגנטימער, דערלאַנגט זי אים זייטיק, עפּעס ווי איבער דער אייגענער האַנט און מיט אַן אַוועקגעדרייט פּנים.

— איר האָט געזען די שנירלעך? — פרעגט האַנס קאַסטאָרפּ — און די קניפּלעך?

— איר ווייסט דאָך — ענטפערט סעטעמבריני פּאַמעלעך — ווי אַזוי איך קוק אויף דעם ווערט פון דער דאָזיקער סחורה. איך מוזט אייך וויסן, אַז די פלעקן און די שאָטנס אָט־דאָ זיינען על־פּי־רוב ריין־פיזיאָלאָגישע. איך האָב שוין געזען הונדערט בילדער, וואָס האָבן מער־ווייניקער אויסגעזען, ווי אייערס, און די פראַגע, צי זיי קאָנען יאָ דינען פאַר אַ „שיין" אָדער נישט, איז אין אַ געוויסער מאָס אָפּהענגיק געווען פון דעם, וואָס האָט זיי אָנגעקוקט. איך רייד נישט ווי אַ פאַכמאַן, אָבער אַלנפאַלס, ווי אַ נישט־פאַכמאַן מיט אַ לאַנגיעריקער דערפאַרונג.

— און אייער אייגענע שיין זעט אויס ערגער?

— יאָ, אַ ביסל ערגער. אַגב, איז מיר באַקאַנט, אַז אויך אונזערע היגע באַלעבאַטים שטיצן נישט זייערע דיאַגנאָזעס בלויז אויף אָט־די שפּילעכלעך. און איר האָט טאַקע בדעה איבערצוווינטערן ביי אונז?

— יאָ, גאָט מיינער... כ'הייב מיך אָן איינצולעבן מיטן געדאַנק, אַז איך וועל אַהיימפאָרן ערשט צוזאַמען מיט מיין קוזין.

— דאָס הייסט, איר געוויינט זיך צו דערצו, איר זאָלט נישט... איר האָט דאָס פאָרמולירט זייער וויציק. איך האָף, אַז איר האָט דערהאַלטן די נייטיקע זאַכן — וואַרעמע מלבושים, גוטע שיך?

— אַליץ. אַליץ אין דער בעסטער אָרדענונג, הער סעטעמבריני. איך האָב געשריבן צו מיינע קרובים און אונזער הויז־פאַרוואַלטערין האָט מיר אַליץ צוגעשיקט מיט שנעל־פראַכט. כ'בין איצט פאַרזאָרגט.

— דאָס באַרויִקט מיך. אָבער וואַרט נאָך, איר דאַרפט האָבן אַ זאַק — אַ פעלץ־זאַק — ווי קאָן מען פאַרגעסן דערין! דער דאָזיקער שפּעט־זומער קאָן אָפּנאַרן. אַ ליאַדע שעה קאָן ווערן פעסטער ווינטער. איר וועט דאָ פאַרברענגען די קעלטסטע חדשים...

— יאָ, דער ליג־זאַק — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ — אָן אים גייט עס נישט. איך האָב שוין טאַקע אויך אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, אַז אין די נאָענטסטע טעג זאָלן מיר, מיין קוזין און איך, אַראָפּגיין אין שטעטל אַריין און קויפן אַ פעלץ־זאַק. אַזוי וועט

ער מיר קיינמאָל נישט צו-נוץ קומען, אָבער אויף פיר ביז זעקס חדשים לוינט עס אויך.

— עס לוינט, עס לוינט, אינזשעניער! — זאָגט סעטעמברינ' שטילערהייט און מאַכט אַ טריט נעענטער צום יונגנמאַן — איר ווייסט דען נישט, ס'איז אַ שרעק, ווי זיי וואַרפן זיך דאָ מיט די חדשים? שרעקלעך, ווייל ס'איז אומנאַטירלעך און אַייך פרעמד. עס שטיצט זיך בלויז אויף דער אויפנעמערישקייט, וואָס איז אייגן אַייערע יאָרן. אַך, די צו-גרויסע אויפנעמערישקייט פון דער יוגנט! — זי ברענגט אַריין אין פאַרצווייפלונג דעם דערציער. ווייל קודם-כל איז די יוגנט גרייט איבערצונעמען דאָס שלעכטע. רעדט נישט דאָס, מיט וואָס עס שמעקט דאָ אַרום, יונגער מענטש, נאָר דאָס, וואָס ס'פּאַסט פאַר אַייערע אייראָפּעישע לעבנס-פאָרמען! דאָ שמעקט קודם-כל אַ סך מיט אַזיע — נישט אומזיסט שווימלט דאָ און גריבלט מיט טיפּן פון דער מאָסקוויטיישער מאָנגאָליע! די דאָזיקע לייט — און סעטעמברינ' גיט אַ ווינק מיט דער גאָמבע אויף הינטערהיילעכץ — נעמט אַייך נישט אינערלעך אַדורך מיט זיי, לאָזט אַייך נישט אָנשטעקן מיט זייערע באַגריפן. שטעלט זיי ליבערשט אַקעגן אַייער מהות, אַייער העכערן מהות און האַלט הייליק דאָס, וואָס ס'איז לויט דער נאַטור און דער טראַדיציע הייליק אַייך, דעם מענטש פון מערב, פון געטלעכן מערב, דעם מענטש פון ציוויליזאַציע. צום ביישפּיל — די צייט! די דאָזיקע ברייטקייט, די דאָזיקע באַרבאַרישע מילדקייט בנוגע צייט געהער צום אַזיאַטישן סטיל. דאָס איז, מסתמא, די סיבה, הלמאַי ס'ציט אַזוי אַהער די מזרח-מענטשן. איר האָט עס נאָך נישט באַמערקט, אַז ווען אַ רוס זאָגט „פיר שעה", איז עס ביי אים נישט מער, ווי בעת אונזער איינער זאָגט „איין שעה"? מ'קאָן לייכט אַ קלער טאָן, אַז די נאָנשאַלאַנטקייט פון די דאָזיקע מענטשן לגבי צייט האָט אַ שייכות מיט די ווילדע, גרויסע שטחים פון זייער לאַנד. וואו ס'איז פאַראַן אַ סך שטח, דאָרטן איז דאָ אַ סך צייט. מ'זאָגט טאַקע, אַז זיי זיינען דאָס פאָלק, וואָס האָט צייט און קאָן וואַרטן. מיר, אייראָפּעער, מיר קאָנען עס נישט. מיר האָבן אַקוראַט אַזוי ווייניק צייט, ווי קליין ס'איז אונזער סובטעלע און שיין-אַיינגעטיילטע ערד-טייל. מיר מוזן גענוי באַלעבאַטעווען, סיי מיט צייט, סיי מיט שטח — אויסנוצן, אויס-

נוצן, אינזשעניער! נעמט אַלס סימבאָל אונזערע שטעט, די צענטרען און ברען־פּונקטן פון דער ציוויליזאַציע, די שמעלץ־קעסלען פון מענטשלעכן געדאַנק; אַקוראַט אין דער זעלבער מאָס, ווי ס'ווערט דאָרטן אַלץ טייערער דער באָדן און ס'ווערט אוממעג־לעך צו פירן זיך פאַרשווענדעריש מיט פּלאַץ, פּונקט אין דער זעלבער מאָס, נעמט אַייך אין זינען אַריין, ווערט דאָרטן אויך אַלץ טייערער די צייט! Carpe diem! * — אַזוי זינגט אַ גרויסשטאָטי־שער. די צייט איז גאָטס מתנה, געגעבן דעם מענטש, ער זאָל זי אויסנוצן — זי אויסנוצן, אינזשעניער, לטובת דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס דייטש־ריידן איז, מסתמא, גאַנץ שווער אָנגעקומען דער איטאַליענישער צונג, האָט ער פונדעסט־וועגן אויך אָט־די לעצטע ווערטער אַרויסגעזאָגט מיט הנאה, קלאָר, שיין־קלינגענדיק און אַפילו פּלאַסטיש, מעג מען זאָגן. האַנס קאַס־טאָרפּ האָט בלויז געענטפערט מיט אַ קורצער, שטייפער און פאַר־לעגענער פאַרבייגונג פון אַ שילער, וואָס האָט אויסגעהערט אַ ביסל מוסר. וואָס וואָלט ער געקאָנט ענטפערן? די דאָזיקע פּריוואַט־לעקציעס, וועלכע סעטעמבריני פלעגט אים האַלטן בסוד, מיטן רוקן צום איבעריקן עולם און כמעט שעפּטשענדיק, האָבן געהאַט אין זיך אַ צו־זאַכלעכן, צו־אומגעזעלשאַפטלעכן און אַ צו־ווייניק שמו־עסערישן כאַראַקטער, ס'זאָל אַפילו פּאַסן צו ענטפערן מיט אַ לויב־וואָרט. אַ לערער ענטפערט מען נישט: „דאָס האָט איר שיין גע־זאָגט". אַמאָל פלעגט עס האַנס קאַסטאָרפּ טאַקע טאָן, אין אַ געוויסער מאָס, כדי איינצוהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטעניש צווישן גלייכע מענטשן. אָבער אַזוי דורך־און־דורך דערציעריש, ווי איצט, האָט נאָך דער הומאַניסט קיינמאָל נישט גערעדט. ס'איז געבליבן בלויז: אויסצוהערן דעם מוסר מיט דער פאַרלעגנהייט פון אַ שול־יינגל.

מ'האָט, אגב, דערקאָנט אין סעטעמברינין, אַז זיין געדאַנק האָט ווייטער געאַרבעט אויך, בעת ער איז פאַרשוויגן געוואָרן. ער

* לאַטייניש: נוץ אויס דעם טאָג = חי געלעבט.

איז נאָך אַלץ געשטאַנען הארט לעבן האַנס קאַסטאָרפן, אַזוי, אַז יענער האָט זיך אַפילו אַ ביסל צוריקגעבויגן. סעטעמבריניס שוואַרצע אויגן האָבן געהאָנגען אויף דעם יונגנמאַנס פּנים בלינד־פאַרקלערט.

— איר ליידט, אינזשעניער — האָט ער ווייטער גערעדט — איר ליידט, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער, ווער דערקענט עס דען נישט אין אייך? אָבער אויך אייער באַציִונג צו ליידן דאַרף זיין אַן אייראָפּעישע, נישט קיין באַציִונג פון מזרח־מענטשן, וועלכע זיינען נישט־אויסהאַלטעוודיק און גענייגט צו קראַנקהייט — דערפאַר זיינען זיי דאָ אַזעלכע אָפטע געסט... רחמנות און געדולד אָן אַ שיעור — אַזוי־אַרום רעאַגירט ער אויף ליידן. אָבער אונזער, אייער באַציִונג טאָר נישט זיין אַזעלכע!... מיר האָבן גערעדט וועגן מיין פּאָסט... אָט, גיט אַ קוק... אָדער נאָך בעסער — קומט: ס'איז אוממעגלעך דאָ... לאָמיר זיך אַרייסרוקן פונדאַנען אין אַ ריינגיין דאָרט אינעוויי־ניק... איך וועל אייך אויסזאָגן עפּעס, וואָס... קומט! דערביי האָט ער זיך אויסגעדרייט און אַרויסגעצויגן האַנס קאַסטאָרפן פון פאָר־הויז אין דעם ערשטן געזעלשאַפטס־צימער, וואָס איז אַמנאָענטסטן צום פאָרטאַל. עס דינט פאַר אַ שרייב־און לייען־זאַל. איצט איז דאָרטן קיינער נישט געווען. די ווענט אונטער דער העלער וועלבונג זיינען געווען אַרומגעקלאַפּט מיט האָלץ, ס'זיינען דאָרטן געשטאַנען ביכער־שענק. אינמיטן איז געשטאַנען אַ טיש מיט שטולן. ר'איז געווען באַלייגט מיט צייטונגען אויף העלצלעך. אונטער די וועל־בונגען פון די פענסטער־פאַרטיפונגען זיינען געשטאַנען שרייב־טישלעך. סעטעמבריני איז צוגעגאַנגען ביז צו אַ פענסטער און האַנס קאַס־טאָרפ איז אים נאָכגעגאַנגען. די טיר איז געבליבן אָפן.

— די דאָזיקע פּאַפּירן — זאָגט דער איטאַליענער און נעמט אַרויס אינדערגיך פון זיין אַרויסגעזעצטער זייטיקער קעשענע אין זיין האַריקער מאַרינאַרקע אַ גרויסן, שוין־געעפנטן קאָנווערט. באַלד דערנאָך נעמט ער אַרויס פון אינעווייניק פאַרשיידענע דרוק־זאַכן און אַ בריוו. ער ווייזט זיי האַנס קאַסטאָרפן. — די דאָזיקע פּאַפּירן האָבן אין דער פראַנצויזישער שפּראַך דעם טיטל: „אינטערנאַציאָנאַלער בונד פאַר דער אָרגאַניזירונג פון פּראָגרעס“. מען האָט זיי מיר צו־

געשיקט פון ליגאַנאָ, וואו ס'איז פאַראַן אַ פיליע פון דער געזעלשאַפט. איר פרעגט מיך, וואָס פאַר אַ פּרינציפּן זי האָט, וואָס פאַר אַ צילן? איך קאָן עס אייך איבערגעבן אין צוויי ווערטער: די ליגע פאַר דער אָרגאַניזירונג פון פּראָגרעס פירט אַרויס פון דאַרווינס אַנטוויקלונגס-טעאָריע די פילאָסאָפישע באַנעמונג, אַז דער טיפסטער נאַטור-באַרוף פון דער מענטשהייט איז איר אַליין-פאַרפולקומונג. דערפון דרינגט זי ווייטער אַרויס, אַז דער חוב פון יעדן איינעם, וואָס וויל אויספילן זיין נאַטירלעכן באַרוף, איז — טעטיק צוצוהעלפן דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. אַ סך זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך דעם דעוויז פון אָט-דער געזעלשאַפט. די צאָל פון אירע מיטגלידער אין פראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע, טערקיי, און אַפילו אין דייטשלאַנד— איז אַ באַדייטנדיקע. אויך איך האָב דעם כבוד צו זיין פאַרשריבן אין רעגיסטער פון אָט-דעם בונד. עס איז דאָ אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ וויסנשאַפטלעך-באַגרינדעטער רעפאָרם-פּראָגראַם מיט אַ ברייטן פאַרנעם, וואָס נעמט אַרום אַלע איצטיקע מעגלעכקייטן צו פאַרפולקומען דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם. מ'שטודירט דאָס געזונט-פּראָבלעם פון אונזער ראַסע, מ'פּרוּווט אויס אַלע מעטאָדן צו באַקעמפן די דעגענעראַציע, וועלכע איז אָן שום ספק אַ טרויעריקע באַגלייט-דערשיינונג פון דער וואַקסנדיקער אינדוסטריאַליזירונג. ווייטער פאַרנעמט זיך דער בונד מיט אָרגאַניזירן פאָלקס-אוניווערסיטעטן, העלפט גובר-זיין די קלאַסן-קאַמפן דורך די אַלע סאָציאַלע פאַרבעסערונגען, וואָס נוצן פאַר דעם דאָזיקן צוועק. ער שטרעבט אויך צו באַזייטיקן די פעלקער-קאַמפן, די מלחמות דורך דער אַנטוויקלונג פון אינטערנאַציאָנאַלע געזעצן. ווי איר זעט, זיינען די אָנשטרענגונגען פון דער ליגע ברייטע און אַרומנעמענדיקע. אַ סך אינטערנאַציאָנאַלע צייטשריפטן זיינען עדות פון אָט-דער טעטיקייט — ס'זיינען חודש-זשורנאַלן, וואָס גיבן איבער זייער צוציענדיק אין דריי אָדער פיר וועלט-שפּראַכן באַריכטן וועגן דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון דער קולטור-מענטשהייט. אין פאַרשיידענע לענדער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אַ סך אָרטיקע אָפּטיילונגען, וואָס אָרדענען אַיין דיסקוסיע-אָוונטן, זונטאָג-פאַרזאַמלונגען, וואו זיי קלערן אויף און פּראָפּאַגירן דעם אידעאַל פון פּראָגרעס. קודם-כל באַמיט זיך שטאַרק

דער בונד צוצוהעלפן די פּאָליטישע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען פון אַלע לענדער מיט דעם מאַטעריאַל, וואָס ער האָט אָנגעקליבן... איר הערט זיך צו, אינזשעניער?

— אַבסאָלוט! — ענטפערט האַנס קאַסטאָרפּ אינדערגיך און זיך איבערייסנדיק. ער האָט בײַ די ווערטער דאָס געפיל פון אַ מענטש, וואָס האָט זיך געהאַלטן בײַ אויסגליטשן און זיך קוים צוריק דערכאַפּט.

סעטעמבריני זעט אויס צו זיין צופרידן.

— איך נעם אָן, אַז איר ווערט דאָ געוואָר פון נייע, איבעראַשנדיקע זאַכן?

— יאָ, כ'מוז אייך מודה זיין, אַז ס'איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס כ'הער וועגן אָט־די... די אָנשטרענגונגען.

— הלוואַי וואָלט איר — רופט אויס סעטעמברינו שטילערהייט — הלוואַי וואָלט איר פריער געוועזן געהערט וועגן דעם! אָבער אפשר הערט איר אויך איצט נישט צו־שפּעט דערפון. אָט, די דרוק־זאַכן... איר ווילט וויסן, וואָס זיי באַהאַנדלען... הערט אויס ווייטער! אין פרילינג האָט מען צונויפגערופן אַ פייערלעכן קאָנגרעס פון דעם בונד קיין באַרצעלאָנאַ. איר ווייסט דאָך, אַז די דאָזיקע שטאָט קאָן זיך רימען מיט באַזונדערס גוטע באַציִונגען צום אידעאַל פון פּראָגרעס. דער קאָנגרעס האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך און איז פול געווען מיטן באַנקעטן און פייערונגען. גרויסער גאָט, איך האָב געוואָלט אַהינפאָרן, איך האָב זיך געריסן מיט בענקשאַפט אָנטיילצונעמען אין די באַראַטונגען, אָבער דער דאָזיקער זשוליק, דער הויפראַט, האָט עס מיר פאַרווערט און מיך געסטראַשעט מיטן טויט. וואָס־זשע הילט איר, כ'האָב מורא געהאַט פאַרן טויט און בין נישט געפאָרן. איר קאָנט אייך פאָרשטעלן, אַז כ'בין געווען פאַרצווייפלט צוליב דעם שטיקל, וואָס מיין קראַנקהייט האָט מיר אָפּגעטאָן. קיין זאַך טוט נישט אַזוי וויי, ווי בעת דאָס אָרגאַנישע אין אונז, דאָס חיהשע שטערט אונז צו דינען דעם געבאָט פון שׂכל. דערפאַר טאַקע האָב איך אַזאַ באַפרידיקונג פון דער צושריפט פון דער ביוראָ אין לוגאַנאָ... איר זענט נייגעריק צו וויסן וואָס ס'שטייט דאָרטן? כ'פאַרשטיי עס גאַנץ גוט! אַ פּאָר בקיצור־

דיקע אינפאָרמאַציעס... דער „בונד צו אָרגאַניזירן דעם פּראָגרעס"
אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז זיין אויפגאַבע באַשטייט
דערין, צו דערנענטערן דאָס גליק פון דער מענטשהייט, מיט אַנ-
דערע ווערטער: דורך נוצלעכער סאָציאַלער אַרבעט צו באַקעמפן
די מענטשלעכע ליידן און זיי סוף-כל-סוף אינגאַנצן אויסצוראָטן;
ווייטער: אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, אַז די דאָזיקע העכסטע
אויפגאַבע קאָן נאָר אויסגעפירט ווערן מיט דער הילף פון דע-
סאָציאָלאָגישער וויסנשאַפט, וואָס שטעלט זיך פאַרן לעצטן ציל די
פּאָלקומע מלוכה, — האָט דער בונד אין באַרצעלאָנאַ באַשלאָסן
צונויפשטעלן אַ פיל-בענדיק ווערק אונטערן נאָמען „די סאָציאָלאָגיע
פון ליידן" און וואו ס'זאָלן גענוי און מיט אויסשעפּנדיקער סיסטע-
מאַטיק באַאַרבעט ווערן די מענטשלעכע ליידן אין אַלע קלאַסן און
מינים. אפשר וועט איר זאָגן: צו-וואָס טויגן קלאַסן, מינים, סיס-
טעמען? וועל איך אייך ענטפערן: אָפּקלייב און אָרדענונג זיינען
דער אָנהייב פון באַהערשונג. דער אמתדיק מוראדיקער שונא איז
דאָס אומבאַקאַנטע. מ'מוז אַרויספירן דאָס מענטשלעכע געשלעכט
פון דער פּרימיטיווער סטאַדיע פון מורא און געדולדיקער טעמפּקייט
און עס דערפירן צו דער פאַזע פון ציל-באַוואוסטזיניקער טעטיקייט.
מ'מוז דערפאַר די מענטשן קלאָר מאַכן, אַז מ'דאַרף קודם-כל דער-
קענען די סיבה און זי אויסראָטן, ממילא וועלן בטל ווערן אירע
רעזולטאַטן. מ'דאַרף אויך קלאָר מאַכן, אַז כמעט אַלע ליידן פון
יחיד זיינען קראַנקהייטן פונעם סאָציאַלן אָרגאַניזם. גוט! דערצו
שטרעבט טאַקע די „סאָציאָלאָגישע פּאַטאָלאָגיע". זי וועט, הייסט עס,
אין אַ צוואַנציק בענדער פון לעקסיקאָן-פאָרמאַט אויסגערעכנט
און באַהאַנדלט ווערן כלערליי מענטשלעכע ליידן, וועלכע מ'קאָן זיך
בכלל נישט פאָרשטעלן, אָנגעהויבן פון די פּערזענלעכסטע און אינ-
טימסטע ביז צו די גרויסע קאָנפליקטן פון גרופּעס, יענע ליידן,
וואָס וואַקסן אַרויס פון קלאַסן-שנאה און אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַ-
מענשטויסן. בקיצור, דאָס בוך וועט אָנווייזן אויף די כעמישע עלע-
מענטן, וואָס שטעלן צונויף אין פאַרשיידענע מישונגען און פאַר-
בינדונגען אַלע מענטשלעכע ליידן. הזות פאַר דער ריכט-ליניע פון
דער גאַנצער אַרבעט ווערט גענומען דער כבוד און דאָס גליק

פון דער מענטשהייט, וועט איז יעדן פאַל אָנגעוויזן ווערן אויף די מיטלען, וואָס פירן צום באַזייטיקן די סיבות פון די ליידן. באַרופענע פאַכמענער פון דער אייראָפּעישער וויכנשאַפט־וועלט, מעדיצינער, סאָציאָלאָגן און פסיכאָלאָגן וועלן זיך פונאַנדערטיילן ביים באַאַרבעטן אָט־די ענציקלאָפּעדיע פון ליידן. די ביוראָ פון דער גענעראַל־רעדאַקציע אין ליגאַנאָ וועט זיין דאָס אָרט, וואוהין ס'וועלן צושטראָמען די אַרטיקלען. איר פרעגט מיך מיט די אויגן, וואָס פאַר אַ ראָל איך וועל ביי אָט דעם אַלעמען האָבן? לאָזט מיך אויסריידן ביזן סוף! אויך דעם שיינעם גייסט וויל אָט־דאָס גרויסע ווערק נישט פאַרגעסן, אויף וויפיל ער האָט צו טאָן מיט די מענטשלעכע ליידן. צוליב דעם איז פאָראויסגעזען אַ ספּעציעלער באַנד, וואָס וועט צו דער טרייסט און באַלערונג פון די ליידנדיקע — אַנטהאַלטן אַ צוזאַמענשטעלונג און בקיצורדיקע אַנאַליזעס פון אַלע מייסטער־ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס האָבן אַ שייכות צו יעדן פון די באַהאַנדלטע קאָנפליקטן. דאָס איז די אויפגאַבע, וועלכע מ'האָט אָנפאַרטרויט אין דעם בריוו, וואָס איר זעט, אייער אונטערטעניקן דינער.

— וואָס איר רעדט, הער סעטעמברינין! אויב אַזוי, דערלויבט מיר אייך האַרציק צו גראַטולירן! דאָס איז אַ גרויסאַרטיקע אויפגאַבע און אינגאַנצן ווי אָנגעמאָסטן פאַר אייך, ווי ס'דאַכט זיך. ס'וואונדערט מיך לחלוטין נישט, וואָס די ליגע האָט געדענקט אין אייך. איר פרייט אייך, מסתמא, וואָס איר וועט קאָנען בייהילפיק זיין ביים אויסראָטן די מענטשלעכע ליידן.

— ס'איז אַ ריזיקע אַרבעט — זאָגט סעטעמברינין פאַרטראַכט — ביי וועלכער מ'דאַרף אַ סך אַרומקוקן זיך און אַ סך לייענען. בפרט נאָך — גיט ער צו און זיין בליק פאַרלירט זיך, דאַכט זיך, אין דער פאַרצווייגטקייט פון דער אַרבעט, וואָס איז אויף אים אַרויפגעליינט געוואָרן — בפרט נאָך, אַז דער שיינער גייסט נעמט כמעט אָן־אויסנאַם פאַר זיין אָביעקט די מענטשלעכע ליידן. אַפילו מייסטער־ווערק פון דער צווייטער און דריטער מדרגה באַשעפטיקן זיך דערמיט. פאַר־פאַלן, אָדער — נאָך בעסער! ווי אַרומנעמענדיק די אויפגאַבע זאָל נישט זיין, קאָן איך זי פונדעסטוועגן, באין־ברירה, אויספירן דאָ

אויף דעם פאַרשאָלטענעם אָרט, כאָטש כ'האָף, אַז כ'וועל נישט זיין געצוואונגען אויך דאָ צו פאַרענדיקן זי. דאָס זעלבע קאָן נישט — רעדט ער ווייטער, דערביי מאַכט ער אַ טריט נעענטער צו האַנס קאַסטאָרפּן און נעמט כמעט שעפּטשען — דאָס זעלבע קאָן נישט געזאָגט ווערן וועגן די פליכטן, וועלכע די נאַטור האָט אַרויפגעלייגט אויף אַ י ך, אינזשעניער! דאָס איז געווען מיין כוונה, דערין האָב איך אייך געוואָלט דערמאָנען. איר ווייסט, ווי ווייט איך באַוואונדער אייער באַרוף, אָבער אייער באַרוף איז אַ פּראַקטישער, נישט קיין גייסטיקער, ממילא קאָנט איר זיך פאַרנעמען מיט אים נאָר אונטן אין טאָל, נישט ווי איך. נאָר אין פלאַכלאַנד קאָנט איר זיין אַן איראָפּעער, באַקעמפן אַקטיוו אויף אייער שטייגער די ליידן, צוהעלפן דעם פּראָגרעס, אויסנוצן די צייט. איך האָב אייך דערציילט וועגן דער אויפגאַבע, וואָס מ'האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט, בלויז כדי אייך צו דערמאָנען, כדי איר זאָלט קומען צו זיך, כדי צו ברענגען אין אָרדענונג אייערע באַגריפן, וואָס הייבן אָן, צוליב אַטמאָספערישע איינפלוסן, פאַרטונקלט צו ווערן. איך בעט אייך רחמים: זייט פעסט אין זיך אַליין! זייט שטאָלץ און פאַרלירט אייך נישט אינם פרעמדן! מיידט-אויס דעם דאָזיקן זומפּ, דעם קירקע*-אינזל; איר זענט נישט אָדיסעוס, איר זאָלט קאָנען פונדאַנען אַרויס גאַנץ. איר וועט דאָ גיין אויף אַלע פיר. איר לאָזט אייך שוין אַראָפּ מיט די הענט צו דער ערד, באַלד וועט איר אָנהייבן כרוקען — היט אייך!

בעת דער הומאַניסט האָט אַזוי שטיל געוואָרנט, האָט ער שטאַרק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך איז ער פאַרשוויגן געוואָרן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און צוזאַמענגעצויגענע ברעמען. ס'איז אוממעגלעך געווען צו ענטפערן מיט אַ שפּאַס און אויסמיידנדיק, ווי האַנס קאַסטאָרפּ איז געוויינט געווען צו טאָן. אויך איצט האָט ער אויף אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן וועגן דער דאָזיקער מעגלעכקייט.

* לויט דער אָדיסעע האָט קירקע (צירצע) אויפגעהאַלטן ביי זיך לאַנג דעם בלאָנדזשענדיקן אָדיסעוס, פאַרוואַנדלענדיק אים און זיינע חברים אין חזירים.

איך זיינע וויעס זיינען געווען אראָפּגעלאָזט. דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן די אַקסלען און געזאָגט אַקוראַט אַזוי שטיל:

— וואָס זאָל איך טאָן?

— דאָס, וואָס כ׳האָב אייך געזאָגט.

— דאָס הייסט: אַוועקפאָרן?

סעטעמבריני האָט געשוויגן.

— איר מיינט צו זאָגן, אַז כ׳זאָל פאָרן אַהיים?

— דאָס האָב איך אייך געעצהט באַלד אין ערשטן אָוונט, אינזשעניער.

— יאָ, און דעמאָלט האָב איך געהאַט די ברירה עס צו־טאָן, כאָטש כ׳האָב געהאַלטן, אַז ס׳איז קעגן דעם שכל צו וואַרפן תיכף דעם גט צו די פיס, ווייל די היגע לופט שאַדט מיר אַ ביסל. אָבער זינט דעמאָלט האָט זיך דאָך די לאַגע געענדערט. זינט דע־מאָלט איז פאָרגעקומען די אונטערזוכונג, נאָך וועלכער הויפראַט בערענס האָט מיר געזאָגט מיט קלאָרע דיבורים, אַז ס׳לוינט נישט אַהיימצופאָרן, ווייל אין אַ קורצער צייט אַרום וואָלט איך געמוזט צוריקקומען און ווען כ׳וואָלט זיך אונטן אָפּגעלאָזט, וואָלט איך צווישן יאָ־און־ניין געקאָנט פטרן אַ גאַנצן לונגען־לאַפּ.

— כ׳ווייס, איצט האָט איר אייער שיין אין קעשענע.

— יאָ, איר זאָגט דאָס אידאָניש... מיט דער ריכטיקער אי־ראָניע, נאַטירלעך, וואָס איז קיין איין רגע נישט אומפאַרשטענד־לעך, נאָר אַ פשוט און קלאַסיש מיטל פון רעטאָריק. איר זעט, איך געדענק אייערע ווערטער. אָבער צי קאָנט איר נעמען אויף זיך די אַחריות, כ׳זאָל אַהיימפאָרן נישט געקוקט אויף דער פאָטאָ־גראַפיע, אויף דעם רעזולטאַט פון דער דורכלייכטונג און אויף דעם דיאַגנאָז פון הויפראַט?

סעטעמבריני האָט זיך אַ ווײַלע געקווענקלט. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעגלייכט, אויפגעעפנט די שוואַרצע אויגן, זיי פעסט אָנ־געהאַנגען אין האַנס קאַסטאָרפּ און געענטפערט מיט אַ טאָן, וואָס איז נישט ריין געווען פון אַ צומיש פון טעאַטראַלישקייט אין עפעקט.

— יאָ, אינזשעניער, אויף מיין אַחריות.

אָבער איצט האָט אויך האַנס קאַסטאָרפּ זיך אויסגעגלייכט. ער האָט צונויפגערוקט די קנאַפּלען און אָנגעקוקט סעטעמבּרינין גלייך, פּונקט ווי יענער. דאָסמאָל איז עס שוין געווען אַ קאַמף. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געהאַלטן פעסט. ס'האָבן אים „געשטאַרקט" איינפלוסן פון דער נאָענט. דאָ האָט ער געהאַט פאַר זיך אַ פּעדאַגאָג און אינדרויסן — אַ שמאָל־אויגיקע פרוי. ער האָט זיך אַפילו נישט אַנטשולדיקט דערפאַר, וואָס ער האָט געזאָגט. ער האָט אַפילו נישט צוגעגעבן: האָט נישט קיין פאַראיבּל אויף מיר. ער האָט בלויז געענטפערט:

— איבּ אַזוי, זיינט איר פּאָרזיכטיקער לגבי זיך, ווי בנוגע אַנדערע מענטשן! איר זענט נישט געפאָרן קיין באַרצעלאָנאַ אויפן פּראָגרעס־קאָנגרעס, ווייל דער דאָקטאָר האָט אייך נישט געהייסן. איר האָט מורא געהאַט פאַרן טויט און זענט געבליבן דאָ.

אין אַ געוויסער מאָס איז צוליב אָט־די ווערטער סעטעמבּרינים פּאָזע געוואָרן שלאַבּריקער. ער האָט געשמייכלט נישט אומגעצוואונגען און געזאָגט:

— איך קאָן אָפּשאַצן אַ גיכע תשובה, כאָטש אייער לאָגיק איז גאָרנישט ווייט פון סאָפיזם. ס'עקלט מיך אַריינצולאָזן זיך אין יענע פּאַסקודנע וויכוחים, וואָס טרעפן זיך דאָ אַזוי אָפט. ווען נישט, וואָלט איך אייך געענטפערט, אַז כ'בין באַדייטנדיק קראַנקער פון אייך — צום באַדויערן, פּאַקטיש אַזוי קראַנק, אַז כ'מוז אויף אַ קינסטלעכן און אַ ביסל זיך־אָפּנאַרנדיקן אופן אַיינשמועסן מיר די האָפענונג אַמאָל אַרויסצוקומען פון דאַנען און ווידער אָנצוהויבן לעבן אינמיטן אין דער וועלט. אין דער מינוט, ווען ס'וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די האָפענונג איז אינגאַנצן אַ פאַלשע, וועל איך אינגאַנצן אַוועק פון אָט־דעם אַנשטאַלט און וועל דערציען די רעשט פון מיינע טעג ערגעץ אין טאָל אין אַ פּריוואַט־דירה. דאָס וועט זיין טרויעריק, אָבער היות מיין אַרבעטס־ספערע איז די פרייסטע און די גייסטיקסטע, וועט עס מיר נישט שטערן צו דינען די אינטערעסן פון דער מענטשהייט ביזן לעצטן אָטעם און מיט עקשנות זיך קעגנצושטעלן דעם גייסט פון קראַנקהייט. איך האָב אייך ערשט טאַקע אויפמערק־

זאַך געמאַכט איך דעם אונטערשייד, וואָס איז צווישן אונז אין דער באַציִונג. אינזשעניער, איר זענט נישט דער מענטש, וואָס זאָל דאָ קאָנען אָפּהיטן דאָס בעסערע אין זיך — דאָס האָב איך דערקאָנט ביי אונזער ערשטער באַגעגעניש. איר וואַרפט מיר פאָר, הלמאַי כ׳בין נישט געפאָרן קיין באַרצעלאָנאַ. איך האָב מיך אונטערגעוואָרפן דעם באַרוועס, בלויז כדי ס׳זאָל פון מיר נישט אַ תל ווערן פאַר דער צייט. אָבער כ׳האָב עס געטאָן ביי די שטאַרקסטע באַוואָרעניש, ביי דעם שטאָלצסטן און ווייטאָגדיקסטן פּראָטעסט פון מיין גייסט קעגן דער דיקטאַטור פון מיין קראַנקן קערפּער. צי איר פילט אויך אַזאַ שטאַרקן פּראָטעסט, בעת איר פאָלגט דאָס, וואָס די היגע מאַכט־האָבער הייסן — צי האָרכט איר אַמאָל נישט אַזוי גערן אייער קערפּער און זיינע שלעכטע דראַנגען...

— וואָס האָט איר קעגן דעם קערפּער? — האַקט אים האַנס קאַסטאָרפּ איבער אינדערגיך און קוקט אים ברייט אָן מיט זיינע בלויע אויגן, אין וועלכע די ווייסלעך זיינען דורכגעצויגן מיט רויטע אָדערלעך. דער קאָפּ פאַרדרייט זיך אים אַזש פון אָט־דער חוצפּה און מ׳דערקענט עס אין אים. וואָס אַזוינס רייד איך דאָ? גיט ער אַ טראַכט. ס׳ווערט שרעקלעך. אָבער כ׳האָב אָנגעהויבן מיט אים אַ קאַמף און אַזוי לאַנג, ווי ס׳וועט זיך לאָזן, וועל איך אים נישט בלייבן שולדיק קיין ענטפער. פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט האָבן דאָס לעצטע וואָרט, אָבער דאָס שאַדט נישט, ס׳וועט מיר שוין עפּעס אַרויסקומען דערפון. איך וועל אים צערייצן. און ער פירט־אויס זיין טענה:

— איר זענט דאָך אַ הומאַניסט? ווי אַזוי קענט איר ריידן שלעכטס וועגן קערפּער?

סעטעמברִיני שמייכלט, דאָסמאָל — נישט געצוואונגען און זיכער אין זיך.

— „וואָס האָט איר קעגן דעם אַנאַליז"? — ציטירט ער, מיטן קאָפּ פאַרלייגט אויפן אַקסל — „צי האָט איר אַ שלעכטע מיינונג וועגן דעם אַנאַליז"? — אַ דיסקוסיע צו פירן בין איך אַלעמאָל גרייט, אינזשעניער — זאָגט ער. דערביי פאַרבייגט ער זיך און גיט אַ פּאָך מיט דער האַנט צום דיל צו — איבערהויפּט, ווען אייער טענה

וועט האָבן אין זיך גייסט. איר פֿאַרירט נישט אָן עלעגאַנץ. אַ הומאַניסט — אַוודאי בין איך עס. קיין אַסקעטישע נייגונגען וועט איר מיר קיינמאָל נישט אויפֿווייזן. איך שאַץ אָפּ פּאָזיטיוו, האָב דרך־ארץ און ליבע פֿאַרן קערפּער, אַקוראַט ווי כ'שאַץ אָפּ פּאָזיטיוו, האָב דרך־ארץ און ליבע פֿאַר פֿאָרם, שיינהייט, פֿרייהייט, לוסטיקייט און געניס — אַקוראַט ווי די „וועלט“, די אינטערעסן פֿון לעבן זיינען מיר מער ניחא, ווי דאָס סענטימענטאַלע אַנטלויפֿן פֿאַר וועלט און לעבן, דער קלאַסיציזמאָ — ווי די ראָמאַנטיק. דאַכט זיך, אַז די שטעלונג, וואָס כ'נעם אָן, איז נישט צווייִדייטיק. ס'איז אָבער פֿאַראַן אַזאַ כּוח, אַזאַ פּרינציפּ, פֿאַר וועלכן כ'האָב מיין גרעסטע אָפּשאַצונג, מיין גרעסטן און שטאַרקסטן דרך־ארץ און ליבע. די דאָזיקע מאַכט, דער דאָזיקער פּרינציפּ איז דער גייסט. איך בין זייער ווייט דערפֿון, כ'זאָל וועלן עפּעס אַ פֿאַרדעכטיקן לבנה־אײַנריידעניש אָדער לבנה־געשפּענסט, וואָס מ'רופֿט אָן „נשמה“, לאָזן אויסשפּילן אויפֿן חשבון פֿון גוף. אָבער אין דעם אַנטיטעז גופֿא — קערפּער און גייסט, איז דער קערפּער דער שלעכטער, דער טייוולאָנישער פּרינציפּ, ווייל דער קערפּער איז נאַטור און די נאַטור — אין איר היפּוך צו גייסט, צו שכל, איך חזר עס איבער! — איז שלעכט, מיסטיש און שלעכט. „איר זענט אַ הומאַניסט“. אַוודאי בין איך עס, ווייל כ'בין אַ פֿריינד פֿון מענטש, ווי דאָס איז געווען פּראָמעטעוס*, אַ ליבהאָבער פֿון דער מענטשהייט און פֿון איר אַדל. אָבער דאָס אַדעליקע זיצט אין גייסט, אין שכל. דערפֿאַר איז גאַנץ אומזיסט אײַער פֿאָרוואורף פֿון קריסטלעכן אָבסקוראַנטיזם...

האַנס קאַסטאָרפּ שפּאַרט איבער.

.... ס'איז גאַנץ — האַלט זיך סעטעמבריני ביים זייניקן — אומזיסט אײַער פֿאָרוואורף, ווייל דער הומאַניסטישער אַדל קאָן אַמאָל דערפֿילן די צוגעבונדנקייט פֿון גייסט צום קערפּער, צו דער נאַטור פֿאַר אַ דערנידעריקטקייט, פֿאַר אַ בזיון. ווייסט איר, אַז פֿון דעם

---

* מיטאָלאָגישע געשטאַלט, וואָס האָט אַרויסגעגנבֿעט בײַ די געטער דאָס פֿײַער, געבראַכט עס די מענטשן און אויסגעלערנט זיי צו נוצן עס.

גרויסן פּלאָטין * שטאַמט דאָס דער אויסדרוק, אַז ער שעמט זיך, וואָס ער האָט אַ קערפּער? — פרעגט סעטעמברינני אין פּאַרלאַנגט אַזוי ערנסט אַ תּשובה, אַז האַנס קאַסטאָרפּ מוז מודה זיין, אַז ס'איז דאָס ערשטע, וואָס ער הערט.

— פּאָרפירויס** גיט עס איבער. ס'איז אַן אַבסורדאַלער אויס־דרוק, אויב איר ווילט. אָבער דאָס אַבסורדאַלע, דאָס איז דאָס גייסטיק שטאָלצע און קיין טענה קאָן נישט זיין נעבעכדיקער, ווי די טענה פון אַבסורדאַלקייט דאָרט, וואו דער גייסט וויל אַרויסשטעלן זיין ווערט קעגן דער נאַטור און וויל נישט אָפּטרעטן איר זיין אָרט... פון דער ערדציטערניש אין ליסאַבאָן האָט איר געהערט?

— ניין, אַן ערדציטערניש? איך זע דאָ נישט קיין צייטונגען ...

— איר פאַרשטייט מיך שלעכט. אַגב, איז עס אַ חסרון — אין כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אָרט — וואָס איר האַלט אייך דאָ אָפּ פון לייענען די פּרעסע. אָבער איר פאַרשטייט מיך שלעכט. די נאַטור־קאַטאַסטראָפע, וועגן וועלכער איך רייד, איז נישט קיין אַקטועלע. ס'איז געשען בערך מיט אַ הונדערט און פופציק יאָר צו־ריק...

— אַך, אַזוי! אָ, וואַרט נאָר — ריכטיק! כ'האָב געלייענט, אַז געטע האָט דעמאָלט ביינאַכט אין ווימאַר געזאָגט, אין שלאָף־צימער צו זיין דינער...

— אָ, נישט וועגן דעם האָב איך געוואָלט ריידן — האַקט אים סעטעמברינני איבער. דערביי מאַכט ער צו די אויגן און פאָ־כעט מיט זיין קליינער, ברוינער האַנט אין דער לופט. — אַגב, מישט איר אים צוויי קאַטאַסטראָפעס. איר מיינט די ערדציטערניש אין מעסינאַ. איך מיין די ערדציטערניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין ליסאַבאָן אין יאָר 1755.

— אַנטשולדיקט.

---

* פּלאָטין (פּלאָטינאָס), דער באַדייטנדיקסטער פילאָסאָף פון די א. ג. נעאָפּלאַטאָניקער, האָט געלעבט אין 3טן יאָרהונדערט נ. קר.

** אַ תּלמיד פון פּלאָטין, וואָס האָט אַרויסגעגעבן זיינע ווערק און אָנגעשריבן אַ ביאָגראַפיע וועגן אים.

— נו, אָבער וואָלטער האָט זיך געבונטעוועט קעגן דעם.

— וואָס הייסט?... כ'מיין: ר'האָט זיך געבונטעוועט?

— ער האָט רעוואָלטירט, יאָ. ער האָט נישט אָנגענומען אָט־דעם ברוטאַלן פאַקט און פאַטום. ער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פאַר דעם. ער האָט פּראָטעסטירט אין נאָמען פון גייסט און פון שכל קעגן דעם דאָזיקן סקאַנדאַליעזן מיספּרייך פון דער נאַטור, צוליב וועלכן ס'זיינען געפאַלן פאַר אַ קרבן דריי פערטל פון אַ בליענדיקער שטאָט און טויזנטער מענטשלעכע לעבנס... איר שטוינט? איר שמייכלט? איר מעגט ווייטער שטוינען. וואָס ס'איז נוגע דעם שמייכל, נעם איך מיר די פרייהייט אייך אויסצושייגעצן דערפאַר! וואָלטערס האַלטונג איז געווען ווי פון אַן אמתן יורש פון יענע אַלטע גאַליער*, וואָס האָבן געצילט זייערע פיילן קעגן הימל... זעט איר, אינזשעניער, אין דעם פאַל האָט איר די שנאה פון גייסט צו דער נאַטור, זיין שטאָלצן חשד לגבי איר, זיין גרייסמוטיקן קאַמף פאַר דעכט אויף קריטיק לגבי איר און אירע בייזע, אומשכלדיקע כּוחות. ווייל זי איז די מאַכט און ס'איז קנעכטיש מסכּים צו זיין אויף מאַכט, זיך אונטערצוגעבן איר... פאַרשטייט זיך — אינערלעך זיך איר אונטערצוגעבן. דאָ האָט איר טאַקע יענע הומאַניטעט, וואָס פּלאָנטערט זיך אויף קיין פאַל נישט אין סתירות און פאַלט נישט אַריין אין קיין קריסטלעכער צביעות, כאָטש זי זעט אינם קערפּער דאָס שלעכטע, דעם פּרינציפּ פון היפוך. די סתירה, וועלכע ס'דאַכט זיך אייך אויס, אַז איר זעט — איז אין גרונד גאָר קיין סתירה נישט. „וואָס האָט איר קעגן דעם אַנאַליז?" — גאָרנישט, אויב ער דינט די אינטערעסן פון ווּיסנשאַפט, באַפרייונג און פּראָגרעס. און אַלץ... אויב ער שמעקט שטאַרק מיט קבר און פוילעניש. אַקוראַט דאָס אייגענע איז מיטן קערפּער. מ'דאַרף פאַר אים דרך־ארץ האָבן און אים פאַרטיידיקן, ווען ס'גייט וועגן זיין עמאַנציפּאַציע און שיינקייט, וועגן פרייהייט פון די חושים, וועגן זיין גליק, וועגן זיין פרייד. מ'מוז אָבער צו אים פילן אַ ביטול, אויף וויפל ער שטערט, ווי דער פּרינציפּ פון שוואַכקייט און פוילקייט, דעם וועג צו דעם ליכט. מ'דאַרף

* דער שטאַם, וואָס האָט באַוואוינט גאַליע, דאָס היינטיקע פראַנקרייך.

אים פאַרמיאוסן, בעת ער שטעלט פאָר דעם פּרינציפּ פון קראַנקהייט און טויט, אויף וויפל זיין ספּעציפישער גייסט איז דער גייסט פון פאַרקערטקייטן, דער גייסט פון צעפוילטקייט, פון תאווה און שאַנד...

די לעצטע ווערטער האָט סעטעמבריני אַרויסגערעדט שטייענדיק האַרט לעבן קאַסטאָרפן, כמעט אָן אַ טאָן און אינדערגיך, כּדי באַצייטנס צו פאַרענדיקן. עס האָט זיך דערנעענטערט הילף פאַר האַנס קאַסטאָרפן: יאָאַכים איז אַריינגעקומען אין ליגן־צימער מיט צוויי פּאָסטקאַרטלעך אין דער האַנט. די רעדע פון ליטעראַט איז פאַרשווינדן געוואָרן. די געשיקטקייט, מיט וועלכער זיין אויסדרוק איז איבערגעגאַנגען צום געזעלשאַפטלעך־לייכטן, האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף זיין שילער, אויב מ׳קאָן אַזוי אָנרופן האַנס קאַסטאָרפן.

— אָט זענט איר, לייטענאַנט! איר האָט מסתמא, געזוכט אייער קוזין — זייט מוחל! מיר האָבן פאַרפירט אַ שמועס דאַכט זיך, און מיר האָבן אַפילו זיך אַ ביסל צעווערטלט. ער איז נישט קיין שלעכטער רעזאָנער, אייער קוזין, לחלוטין נישט קיין אומגעפערלעכער קעגנער אין אַ וויכוח, אויב ס׳גייט אים דעריין.

---

## האָמאַניאָראַ *

האַנס קאַסטאָרפ און יאָאַכים זיינען נאָכמיטאָג געזעסן אין גאָרטן אין ווייסע הויזן און אין בלויע מאַרינאַרקעס. ס׳איז נאָך געווען איינעם פון יענע טייערע אָקטאָבער־טעג, אַ טאָג אַ הייסער און לינדער צוזאַמען, אַ יום־טובדיקער און האַרבער, מיט אַ דרומדיק־טיף־קעלן בלויען הימל איבערן טאָל. די לאָנקעס אונטן, דורכגעצויגענע מיט וועגן און באַבויטע מיט הייזלעך, זיינען נאָך געווען גוט גרין. פון די ווילד־באַוואַלדיקטע שיפּועים האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון קילעקלעך, אָט־דער בלעכן־שלוּוהדיקער, פּשוט־מוזיקאַלישער קלאַנג, וואָס טראָגט זיך קלאָר און גלייך אינם שטילן, שיטערן, ליידיקן אַוויר און פאַרטיפט די פייערלעכע שטימונג, וואָס הערשט אין הויכע געגנטן.

---

* הומאַניסטישע וויסנשאַפטן.

די קוזינען זיינען געזעסן אויף אַ באַנק ביים עק גאָרטן, פאַר
אַ האַלב=רעדל יונגע יאָדלעס. דאָס אָרט איז געלעגן אויפן דרום=
מערבדיקן ראַנד פון אַרומגעצוימטן פלאַץ, וואָס איז געווען בערך
מיט פופציק מעטער העכער פונם טאָל און אויף וועלכן די סאַנאַ=
טאָריע איז געווען אויסגעבויט. זיי האָבן געשוויגן. האַנס קאַס=
טאָרפ האָט גערויכערט. ער האָט געהאַט אין זיך תרעומות צו יאָ=
אַכימען, פאַרוואָס יענער האָט נאָכמיטאָג נישט געוואָלט באַטייליקן
זיך אינם צונויפקום אויף דער וועראַנדע, נאָר האָט אים כמעט מיט
געוואַלד אַרויסגעשלעפט אין דער שטילקייט פון גאָרטן אויף דער
צייט, איידער ס'הייבט זיך אָן די ליג=קוראַציע. דאָס איז געווען
אַ דעספּאָטישקייט פון יאָאַכימס זייט. סוף=כל=סוף זיינען זיי דאָך
נישט געווען קיין סיאַמיש צווילינג. זיי האָבן זיך געקאָנט שיידן
דאָרטן, וואו זייערע נייגונגען זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. האַנס
קאַסטאָרפ איז דאָך דאָ נישט געזעסן, כדי צו ווילן יאָאַכימען,
נאָר ר'איז אַליין געווען אַ פּאַציענט. ער האָט דערפאַר זיך גע=
בלאָזן, און ער האָט עס געקאָנט טאָן, ווייל ר'האָט געהאַלטן אין
מויל אַ מאַריאַ מאַנציני. ר'איז געזעסן מיט די הענט אין די קע=
שענעס פון זיין רעקל, די פיס אין ברוינע שיך — אויסגעשטרעקט
פאַר זיך. דעם לאַנגן, מאַט=גרויען ציגאַר, וואָס האָט זיך נאָך גע=
פונען אין דער ערשטער סטאַדיע פון געברויך (דאָס הייסט: דאָס
אַש איפן טעמפן שפּיץ איז נאָך נישט אָפּגעטרייסלט געוואָרן),
האָט ער געהאַלטן אויף די שפּיצן ליפּן, אַזוי אַז ער האָט אַ
ביסל אַראָפּגעהאַנגען. נאָך דעם זעטיקן מיטאָג האָט ער איצט גע=
נאָסן פון דעם אַראָמאַט, וואָס האָט שוין אינגאַנצן צוריק געהאַט זיין
אַמאָליקן טעם. ס'קאָן אפשר טאַקע זיין, אַז זיין איינלעבן זיך דאָ
איבן איז דערגאַנגען בלויז צו דער געוויינהייט, אַז ער קאָן זיך
נישט צוגעוויינען. פונדעסטוועגן, וואָס ס'איז נוגע דעם כעמיזם פון
זיין מאָגן און די נערוון פון זיין טרוקענער שליים=הויט, וואָס איז
גענייגט צו בלוטונגען — האָבן זיי זיך, אַפּנים, סוף=כל=סוף צוגע=
פּאַסט. אומבאַמערקבאַר, אַזוי אַז ער האָט נישט געקאָנט באַמערקן דעם
פּאָרשריט, איז, אין משך פון די טעג, פון די פינף=און=זעכציק אָדער
זיבעציק טעג, צוריקגעקומען די גאַנצע אָרגאַנישע הנאה, וואָס ער

האָט געהאַט פון דעם פיין־פאַבריצירטן רייך־ אָדער באַטויבונגס־מיטל. ער האָט זיך געפרייט מיט דעם צוריקגעקומענעם טעם.. די מאָראַלישע סאַטיספאַקציע האָט פאַרשטאַרקט דעם פיזישן תענוג. אין דער צייט, וואָס ר'איז געלעגן צום בעט, האָט ער געשפּאָרט מיט די צוויי הונדערט שטיק, וואָס ער האָט זיך מיטגעבראַכט. רעשטלעך זיינען אים טאַקע געבליבן. פונדעסטוועגן האָט ער צו־זאַמען מיט דער וועש און ווינטער־מלבושים געהייסן שאַלעון שיקן נאָך פינף הונדערט שטיקער פון דער ברעמער סחורה, כדי צו זיין פאַרזאָרגט. די ציגאַרן זיינען אָנגעקומען אין שיינע לאַקירטע קעסט־לעך מיט אַ גלאָבוס, באַצירט מיט מעדאַלן און מיט אַ אויסשטעלונגס־געביידע, געפוצט מיט גאָלד און באַהאַנגען מיט פאָנען.

ווי זיי זיינען דאָ אַזוי געזעסן, איז פון דער העלער הויט אָנגעקומען הויפראַט בערענס פון גאָרטן אַהער. ער איז היינט גע־ווען ביים מיטאָג אין עס־זאַל. ר'איז געזעסן ביי פרוי כאַלאָמאָנס טיש און געהאַלטן זיינע ריזיקע הענט צונויפגעלייגט פאַרן טעלער. דער־נאָך איז ער, מסתמא, פאַרבליבן אַ ביסל אויף דער וועראַנדע, איינ־געטענהט אויף זיין שטייגער, מסתמא געוויזן די קונץ מיט די שנור־וואַדלעס עמעצן, וואָס האָט עס נאָך נישט געהאַט געזען. איצט איז ער אַרויסגעקראָכן מיטן וועג, וואָס איז באַשיט מיט קיזל־שטיינדלעך, אָן דעם דאָקטאָרישן קיטל, אין אַ זשאַקעט מיט שמאָלע קראַטקעס, מיטן שטייפן קאַפעליוש פאַררוקט אויף הינטן, אין מויל אַ ציגאַר, וואָס איז געווען זייער שוואַרץ, און פון וועלכן ער האָט אַרויסגעלאָזט גרויסע, ווייסלעכע קנוילן רויך. זיין קאָפּ, זיין פּנים מיט די בלייך־דערהיצטע באַקן, די שטומפּיקע נאָז, די פייכטע בלויע אויגן און די פאַרריסענע וואָנס — אַלץ האָט אויסגעזען קליין קעגן זיין לאַנגן, עטוואָס־געבויגענעם און איינגעהויקערטן קערפּער און קעגן זיינע הענט און פיס. ער איז געווען נערוועז און האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן, דערזעענדיק די קוזינען. ער איז אַפילו געוואָרן אַ ביסל פאַרלעגן, בעת ער האָט זיך אָנטשלאָגן צוצוגיין צו זיי. ער האָט זיי באַגריסט אויף זיין געוויינטן שטייגער, איבערגע־רוימט און באַריידעוודיק, מיט „גיט נאָר אַ קוק, טימאָטעוס* און זיי

* אַ ציטאַט פון שילערס ליד: „די קראַניכע פון איביקוס" — אַן אויסדרוק פון פאַרוואונדערונג.

געוואונטשן אַ גוטע פאַרדייונג. דערביי האָט ער זיי געצוואונגען צו בלייבן זיצן, ווייל זיי האָבן געוואָלט אויפשטיין לכבוד איס.

— מ'דאַרף נישט, מ'דאַרף נישט. מאַכט נישט קיין שום קונצן מיט אַזאַ פשוטן מענטשן, ווי איך. עס קומט מיר גאָרנישט, בפרט אַז איר זענט דאָך ביידע פאַציענטן, איינער ווי דער אַנדערער. איר דאַרפט אייך נישט מטריח זיין. כ'האָב גאָרנישט קעגן דעם, ס'זאָל זיין אַזוי, ווי ס'איז.

און ער איז געבליבן שטיין פאַר זיי, מיטן ציגאַר צווישן ווייז־און מיטל־פינגער פון זיין ריזיקער רעכטער האַנט.

— ווי שמעקן אייך די קרויט־בלעטער, קאַסטאָרפּ? לאָזט נאָר אַ קוק טאָן, כ'בין אַ מבין און אַן אַמאַטאָר. דאָס אַש איז שיין. וואָס איז דאָ פאַר אַ ברוינלעכע שיינקייט?

— מאַריאַ מאַנציני, פון ברעמען, הער הויפראַט, ס'קאָסט ווייניק, כמעט אומזיסט, בלויז נײַנצן פעניג, ס'האָט אָבער אַן אַראָמאַט, וואָס ס'טרעפט זיך גאָרנישט ביי אַזאַ פרייז. ס'מאַטראַ־האַוואַנאַ, ווי איר זעט. כ'האָב מיך שטאַרק צוגעוווינט צו זיי. ס'איז אַ האַלב־בילע מישונג און זייער פיקאַנט, אָבער לייכט אויף דער צונג. דער ציגאַר האָט ליב, מ'זאָל לאַנג לאָזן אויף אים דאָס אַש, כ'טרייסל אָפּ העכסטנס צוויי מאָל. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיינע קליינע קאַפּריזן, אָבער דער קאָנטראָל ביי דער אויסאַרבעטונג מוז זיין גאָר אַ גענייער, ווייל מאַריאַ איז כמעט שטענדיק די אייגענע און רויכערט זיך אים פולשטענדיק גלייך. קאָן איך אייך מכבד זיין?

— אַדאַנק, מיר קאָנען זיך בייטן. — דערביי נעמען זיי אַרויס זייערע פאָרט־ציגאַרן.

— דאָס איז אַ ראַסע־ציגאַר — זאָגט דער הויפראַט און דערלאַנגט אַן עקזעמפּלאַר פון זיין מאַרקע. — טעמפּעראַמענט, פאַרשטייט איר, זאַפט און קראַפט. סאַנקט פעליקס־בראַזיל, איך האַלט מיך שטענדיק אָן דער מאַרקע. ס'פאַרטרייבט באמת אַלע זאָרגן, ברענט ווי בראָנפן, איבערהויפּט צום סוף האָט עס אין זיך עפּעס פייערדיקס. מ'דאַרף זיך אַ ביסל איינהאַלטן דערמיט, מ'קאָן נישט פאַררויכערן איינעם אינם צווייטן, דאָס וואָלט געווען איבער די כוחות.

אָבער ס'איז גלייכער איינמאָל אַ לייטישער ביסן, ווי אַ גאַנצן טאָג ציען פאַרע...

זיי האָבן געדרייט די אויסגעטווישטע ציגאַרן צווישן די פינ־גער, האָבן מיט זאַכלעכער מבינות אויסגעפּרוווט די שלאַנקע ציגאַרן־קערפּערס, וואָס האָבן דערמאָנט אין עפּעס אָרגאַניש לעבעדיקס מיט די קרומלעך־דורכגעצויגענע ריפּן פון זייערע העכערע, דאָ־און־דאָרט אַ ביסל אָנגעבלאָזענע וויקל־ראַנדן, מיט זייערע אָדערן, וואָס האָבן אויסגעוויזן, ווי לעבעדיקע, מיט די קליינע בערגלעך און גריבלעך פון זייער הויט און מיטן שפּיל פון ליכט אויף זייערע בלאַכן און קאַנטן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס טאַקע געזאָגט:

— אַזאַ ציגאַר לעבט. ער עטעמט ממש. אין דער היים איז מיר אַמאָל איינגעפאַלן צו באַהאַלטן מאַריאַ אין אַ גוט־פאַרמאַכטער בלעכענער פּושקע, כּדי זי אויסצוהיטן פון פייכטקייט. איר וועט גלייבן, אַז זי איז געשטאָרבן דערפון? זי איז אומגעקומען און געשטאָרבן אין משך פון אַ וואָך. כ'האָב דאָרטן געפונען לויטערע טרוקענע מתים.

דערביי האָבן זיי דערציילט איינער דעם אַנדערן, ווי אַזוי ס'איז צום בעסטן צו באַהאַלטן ציגאַרן, בפרט — אימפּאָרטירטע. דער הויפּט־ראַט האָט ליב געהאַט אימפּאָרטירטע ציגאַרן און וואָלט צום ליבסטן גערויכערט בלויז שטאַרקע האַוואַנאַ־ציגאַרן. ליידער האָט ער עס נישט פאַרטראָגן. צוליב צוויי קליינע „הענרי קליי"ס", וועלכע ער האָט אַמאָל אויסגערויכערט אין אַ געזעלשאַפט, איז ער שיר, ווי ער האָט דער־ציילט, נישט געגאַנגען שלאָפן. — איך רויכער זיי אַזוי נאָך דער קאַווע — האָט בערענס דערציילט — איינעם נאָכן אַנדערן און מאַך מיר דערפון גאָרנישט. אָבער תּיכּף דערנאָך איז מיר איינגעפאַלן, אַז כ'פיל מיך עפּעס נישט ווי תּמיד. כ'האָב מיך טאַקע דערשפּירט גאָר אינגאַנצן אַנדערש, ממש אויסטערליש, ווי נאָך קיינמאָל אין לעבן. אַהיימצוגיין ווייזט מיר אויס צו זיין אַ שווערע הלכה און כ'דערזע ערשט איצט, אַז כ'בין מיאוס אַריינגעפאַלן. די פיס, פאַרשטייט איר — אייז־קאַלט, אַ קאַלטער שווייס באַגיסט מיך אומעטום, דאָס פּנים — ווייס ווי לייוונט, דאָס האַרץ אין אַ שרעקלעכן מצב, דער פּולס —

אָט איז ער, ווי אַ פּאָדים, כ'פּיל אים קוים, אָט — נעמט ער זעצן הענדום־פּענדום, פאַרשטייט איר, לויפט ווי אַ חוֹת, דער מוח איז צערודערט... כ'בין שוין זיכער געווען, אַז כ'האָב אָפּגעטאַנצט. כ'זאָג „אָפּגעטאַנצט", ווייל דאָס איז דאָס וואָרט, וואָס ס'איז מיר דעמאָלט אײַנגעפאַלן און דערמיט האָב איך באַצייכנט מיין דעמאָלטיקן צושטאַנד. ווייל אייגנטלעך איז עס געווען גאַנץ וואויל און האָפּערדיק, כאָטש כ'האָב שרעקלעך מורא געהאַט, בעסער געזאָגט: כ'בין אינגאַנצן געווען איין שטיק מורא. אָבער מורא און האָפּערדיקייט שליסן נישט אויס איינס דאָס אַנדערע — דאָס ווייסט יעדער איינער. אַ בחורל, וואָס גרייט זיך דאָס ערשטע מאָל צו זיין מיט אַ מיידל, האָט אויך מורא, זי אויך, פונדעסטוועגן ווערן זיי צעשמאָלצן פון הנאה. נאָ, איך בין אויך שיר נישט צעשמאָלצן געוואָרן, כ'האָב געהאַלטן ביי אָפּטאַנצן אַ באַגייסטערטער. אָבער די פריילין מילענדאָנק האָט מיך מיט אירע רפואות אַרויסגעצויגן פון גאַנצן ברעג. אייז־קאָמפּרעסן, אײַנרייבונגען מיט אַ באַרשט, אַ קאַמפּער־אײַנשפּריצונג און אַזוי אַרום בין איך געבליבן צוריק אָפּגעראַטעוועט פון דער מענטשהייט.

האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס איז געזעסן מעשה־פּאַציענט, האָט געקוקט צו בערענסן מיט אַ מינע, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז ער נעמט זיך איבער מיט דער מעשה. דעם הויפראַטס בלויע, אַפּערקוועלנדיקע אויגן זיינען בעתן דערציילן פול געוואָרן מיט טרערן.

— איז דאָס אמת, אַז איר מאָלט טיילמאָל, הער הויפראַט? — האָט ער פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן.

דער הויפראַט האָט געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט אָפּגעשפּרונגען.

— נו־נו, יונגערמאַן, וואָס רעדט איר?

— זייט מוחל. איך האָב צופעליק געהערט וועגן דעם. כ'האָב מיך ערשט דערמאָנט.

— נאַ, איב אַזוי, וועל איך עס נישט אָפּלייקענען. מיר זיינען דאָך אַלע מענטשן מיט שוואַכקייטן. יאָ, ס'האָט זיך געטראָפן

אַמאָל. *Anch' io sono pittore, ווי יענער שפּאַניער פלעגט זאָגן.

— פּייזאַזשן? — פרעגט האַנס קאַסטאָרפּ קורץ און פּראָטעקציאָנעל. ס'זיינען געווען סיבות, הלמאַי ר'האָט אָנגענומען אַזאַ טאָן...

— אַליך, וואָס איר ווילט! — האָט דער היפראַט געענטפערט מיט אַ פאַרלעגענער באַרימערישקייט — פּייזאַזשן, נאַטור־מאָר, חיות, — אַ יונג מיט ביינער דאַרף פאַר גאָרנישט מורא האָבן.

— קיין פּאָרטרעטן נישט?

— אַ פּאָרטרעט איז מיר אויך אונטערגעקומען. איר ווילט ביי מיר באַשטעלן אייער פּאָרטרעט?

— האַ־האַ, ניין, אָבער ס'וואָלט געווען זייער פריינדלעך, ווען איר, הער היפראַט, וואָלט אונז ביי אַ געלעגנהייט געוויזן אַ״ערע בילדער.

יאָאַכים האָט אַ קוק געטאָן דערשטוינט אויף זיין קוזין און באַלד דערנאָך אויך אינדערגיך פאַרזיכערט, אַז דאָס וואָלט געווען זייער פריינדלעך.

בערענס איז געווען אַנטציקט, אַזש באַגייסטערט געוואָרן. ר'איז אַפילו רויט געוואָרן פון הנאה און זיינע אויגן זיינען שיער נישט איבערגעגאַנגען פון טרערן.

— אַדרבא! — האָט ער אַ הויך געטאָן — מיט גרעסטן פאַרגעניגן! תיכף איופן אָרט, אויב איר האָט חשק. קומט, קומט מיט! ווע'מיר אויסטרינקען אַ טערקישע קאַווע ביי מיר אין צימער! דערביי האָט ער אָנגענומען די יונגעלייט אונטער די אָרעמס און זיי געפירט לענג־אויס מיטן וועג, וואָס איז אויסגעשיט מיט קיזל־שטיינדלעך, צו זיך אין דער וואוינונג. זי האָט זיך געפונען, ווי זיי האָבן שוין געוואוסט, אין דעם נאָענטן צפון־מערבדיקן פליגל פון דער בערגהאָף־געביידע.

— איך אַליין — האָט האַנס קאַסטאָרפּ דערקלערט — האָב מיך אויך אַמאָל געפּרוווט אויף דעם געביט.

— וואָס איך הער. ערנסט — אין אייל?

---

* שפּאַניש = אויך איך אַ מאָלער.

— ניין, ניין, מער ווי אַ וועלכן ס'איז אַקוואַרעל האָב איך נישט אַרויסגעבּרענגט. אַמאָל אַ שיף, אַמאָל אַ שטיקל ים, קינדערייען. אָבער כ'האָב גאַנץ ליב אָנצוקוקן בּילדער און דערפאַר האָב איך מיר אַזוי דערלויבּט...

בּאַזונדערס האָט זיך יאָאַכים אין אַ געוויסער מאָס בּאַרויִקט און ס'איז אים קלאָרער געוואָרן זיין קוזינס משונהדיקע נייגערי־קייט. מער צוליב אים טאַקע, ווי צוליבן הויפראַט, האָט האַנס קאַס־טאָרפּ זיך פאַרהויפּן אויף זיינע אייגענע קינסטלערישע פּרווון. זיי זיינען צוגעקומען. אין דער זייט איז נישט געווען אַזאַ פּרעכטיקער אַריינגאַנג מיט לאַמטערנעס, ווי אין יענער זייט בּיים אַריינפאָר. עטלע־כע קיילעכדיקע טרעפּ האָבּן אַרויפגעפירט צו אַ דעמבּענער טיר. דער הויפראַט האָט זי געעפנט מיט אַ קלאַפּ־שליסל פון זיין גרויסן בּונט שליסלען. זיין האַנט האָט דערבּיי געציטערט. ראיז, אָן שום ספק, געווען נערוועז. זיי זיינען אַריין אין אַ פּאָדצימער, אין אַ מין גאַרדעראָב, וואו בּערענס האָט אויפגעהאָנגען זיין שטייפן קאַפּע־ליוש אויף אַ הענגער. דער קליינער קאָרידאָר איז געווען אָפּגע־טיילט פון דעם אַלגעמיינעם קאָרידאָר מיט אַ גלעזערנער טיר. אין בּיידע זייטן זיינען געלעגן די קליינע פּריוואַט־דירות. דאָרט האָט בּערענס אַ רוף געטאָן דאָס דינסט־מיידל און איר געהייסן צוגרייטן קאַווע. דערנאָך האָט ער אַריינגעלאָזט זיינע געסט אין אַ מיד־רעכטס אין דערבּיי צו זיי געדעדט רחבותדיק און אונטערגעגעבּן חשק.

ס'זיינען דאָ געווען עטלעכע בּאַנאַל־בּירגערלעך מעבּלירטע שטובּן, מיט פענסטער צום פראָנט־צו, אַרויס צום טאָל. קיין צווישן־טירן זיינען נישט געווען, און איין שטוב פון דער אַנדערער איז געווען אָפּגעטיילט בּלויז מיט גאַרדינען. אַן „אַלט־דייטשיש" עס־צימער, אַ וואוין־ און אַרבּעטס־צימער מיט אַ שרייבּטיש, איבּער וועלכן ס'האָט געהאָנגען אַ סטודענטיש היטעלע און אַ פּאָר געקרייצטע שווערדן; ווייכע דיוואַנען; אַ בּיבּליאָטעק מיט אַ קאַנאַפּע און נאָך אַ רויכער־קאַבּינעטל, וואָס איז געווען אייגגעאָרדנט „טערקיש". אומעטום זיינען געהאַנגען בּילדער, דעם הויפראַטס בּילדער. די אויגן פון די אַריינ־קומענדיקע האָבּן זיך תיכּף אָנגעהאַנגען אין זיי, העפלעך און גרייט

צו באַוואונדערן. ס'זיינען דאָ געווען אַ סך בילדער פון היפּראַטס געשטאָרבן ווייב: אייל-בילדער און אויך אַ פאָטאָגראַפיע אויפן שרייבטיש. ס'איז געווען אַ לייכט און לויז-אָנגעטוענע בלאָנדינע, וואָס האָט געהאַלטן ביידע הענט צונויפגעלייגט ביי דעם לינקן אַקסל, נישט פעסט צוגעדריקט, נאָר אַזוי, אַז די פינגער-שפּיצן זיינען געווען שוואַך צונויפגענומען. אירע אויגן האָבן געקוקט אָדער צום הימל, אָדער זיינען געווען טיף אַראָפּגעלאָזט און פאַרשטעלט פון די וויעס, וואָס זיינען קרום אָפּגעשטאַנען פון די אויגן-דעקלעך. בלויז גלייך אין פּנים פון צוקוקער האָבן דער געשטאָרבענערס אויגן נישט געקוקט אין קיין שום בילד. אויסער דעם זיינען ס'רוב געווען בערג-פּייזאַזשן, בערג אין שניי און אין גרינס, בערג אַרומגערינגלט מיט נעפּל, און בערג, וואָס זייערע טריקענע און שאַרפע קאָנטורן האָבן זיך, ווי ביי סעגאַנטיני*, איינגעשניטן אין טיף-בלויען הימל. ווייטער האָט מען דאָ געזען הייזלעך פאַר פאַסטעכער, גידערדיקע קי, וואָס שטייען אָדער ליגן אויף זוניקע פּאַשעס, אַן אָפּגעפּליקטע הון, וואָס איר פאַרדרייטער האַלדז האָט אַראָפּגעהאַנגען פון אַ טיש באַלייגט מיט גרינס, בלומען, טיפּן פון בערג-לייט און נאָך פאַרשיידענע זאַכן. אַלץ איז געווען געמאָלט מיט אַ געוויסן, לייכטן דילעטאַנטיזם, מיט דרייסט אַוועקגעלייגטע פאַרבן, וואָס האָבן אָפט אויסגעזען אַזוי, גלייך ווי מ'וואָלט זיי דירעקט פון דער טובע אַוועקגעלייגט אויפן לייוונט און ס'האָט לאַנג געמוזט דויערן, ביז זיי האָבן זיך אויסגעטריקנט. ביי גראָבע פעלערן איז דאָס טיילמאָל צונויץ געקומען.

קוקנדיק כסדר, ווי אויף אַן אויסשטעלונג, זיינען די יונגעלייט געגאַנגען לענג-אויס די ווענט און ס'איז זיי נאָכגעגאַנגען דער באַלעבאָס, וואָס האָט דאָ-און-דאָרט אָנגערופן דעם נאָמען פון אַ מאָטיוו. אָבער ס'רוב האָט ער געשוויגן, מיט דער שטאָלצער איבערגענומענקייט פון אַ קינסטלער, וואָס האָט אַ הנאה צו קוקן אויף זיינע ווערק צוזאַמען מיט פרעמדע. קלאַוודיאַ שאָשאַס פאָרטרעט האָט געהאַנגען אין וואוין-צימער אויף דער פענסטער-וואַנט. האַנס קאַס-

* דזשיאָוואַני סעגאַנטיני, אַ באַרימטער איטאַליענישער מאָלער, 1858–1899, האָט געמאָלט דאָס רוב פּייזאַזשן פון די אַלפּן.

טאָרפּ האָט עס דערשנאַפּט מיט אַ גיכן בליק תּיכּף ווי ער איז אַריינגעקומען, כאָטש די ענלעכקייט איז געווען אַ ווייטע. ער האָט בכיוון אויסגעמיטן דאָס אָרט, האָט פֿעסט געהאַלטן זיינע באַלייטער אין עס-צימער, וואו ער האָט פֿלומרשט באַוואונדערט אַ גרינעם אויספּליק אין סערגי-טאָל מיט בלויִלעכע גלעטשערס אויפֿן הינטערגרונד. דערנאָך איז ער פֿון אייגענער איניציאַטיוו אַריין אין טערקישן קאַבינעט, וואו ער האָט אויך אַלץ גרינטלעך דורכגעקוקט, מיט אַ פֿיל מויל ליב-ווערטער. אין וואוין-צימער האָט ער קודם-כּל באַקוקט די אַריינגאַנג-וואַנט און פֿון צייט צו צייט געשטויסן יאָ-אַכימען, ער זאָל פֿון צייט צו צייט אויך אויסדריקן זיין אָנערקענונג. ערשט צום סוף האָט ער זיך אויסגעדרייט און געפֿרעגט מיט נישט-איבערגעטריבענער פֿאַרוואונדערונג:

— דאָס איז דאָך אַ באַקאַנט פּנים?

— איר דערקענט עס? — האָט בערענס געוואָלט הערן.

— יאָ, מ׳קאָן דאָ נישט האָבן קיין שום טעות. דאָס איז די דאַמע פֿון גוטן רוסן-טיש מיט דעם פֿראַנצויזישן נאָמען...

— ס׳שטימט, די שאָשאַ. ס׳טוט מיר אַ הנאה, וואָס איר האַלט עס פֿאַר ענלעך.

— מיט די ביינער! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט ליגן נישט אַזוי צוליב פֿאַלשקייט, ווי צוליב דעם באַוואוסטזיין, אַז ווען אַלץ וואָלט ביי אים געווען אין אָרדענונג, וואָלט ער נישט געווען דערקאָנט דעם מאָדעל. פּונקט אַזוי ווי יאָאַכים וואָלט עס פֿון זיך אַליין נישט געווען דערקענט, דער וואוילער, אָפּגענאַרטער יאָאַכים. ערשט איצט איז אים אַלץ קלאָר געוואָרן, נישט ווי פֿריער, בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים אונטערגערוקט אַ ליגן. יאָ, אַזוי — האָט ער שטילערהייט אַ זאָג געטאָן און זיך אויך גענומען באַטראַכטן דאָס בילד. אַזוי-אַרום האָט זיך, הייסט עס, זיין קוזין אָפּגענומען דאָס, וואָס פֿרוי שאָשאַ איז נישט געווען ביים צונויפֿקום אויף דער ווערענדע.

ס׳איז געווען אַ ברוסט-בילד אין האַלבן פּראָפֿיל, אַ ביסל קלענער פֿון דער נאַטירלעכער גרייס, דעקאָלטירט, מיט אַ שלייער-דראַפּעריע אַרום די אַקסלען און אויפֿן בוזים. דאָס בילד איז געווען

איינגערעמט אין אַ ברייטער, שוואַרצער ראַם, אין ביים ראַנד פון דער לייוונט — באַצירט מיט גאָלד. פרוי שאָשאַ האָט דאָ אויסגעזען מיט צען יאָר עלטער, ווי זי איז. דאָס איז אַלעמאָל ביי דילעטאַנטישע פּאָרטרעטן, וואָס ווילן זיין דווקא כאַראַקטעריסטישע. דאָס פּנים איז געווען צו־רויט, די נאָז איז געווען שלעכט געצייכנט, דער קאָליר פון די האָר — נישט דער ריכטיקער, צושמירעוודיק, דאָס מויל פאַרקרימט. דער באַזונדערער חן פון דער פיזיאָנאָמיע — נישט געזען אָדער נישט אַריבערגעבראַכט צוליב דעם, וואָס די פּרטים זיינען אַרויסגעקומען פאַרגרעבט. אינגאַנצן איז עס געווען אַ פּוישעריש שטיקל אַרבעט, אַ פּאָרטרעט, וואָס איז קוים־קוים ענלעך צום מאָדעל. אָבער האַנס קאַסטאָרפן איז נישט אַזוי גענוי געגאַנגען אין דער ענלעכקייט. די שייכות פון דער דאָזיקער לייוונט צו פרוי שאָשאַס פּערזאָן איז געווען פאַר אים אַ גענוג נאָענטע; דאָס בילד האָט געזאָלט פאָרשטעלן פרוי שאָשאַ, זי אַליין איז דאָ געזעסן, ווי אַ מאָדעל. דאָס איז פאַר אים גענוג געווען. אַ גערירטער, האָט ער איבערגעחזרט:

— זי איז אַראָפּגעקומען מיט לייב־און־לעבן!

— זאָגט דאָס נישט — האָט דער הויפראַט איבערגעשפּאַרט. — ס'איז געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט. איך רייד מיר נישט איין, אַז ס'האָט זיך מיר איינגעגעבן, כאָטש מיר האָבן מסתמא געהאַט אַ צוואַנציק זיצונגען. ווי קאָן מען דען דערגיין צו אַ טאָלק מיט אַזאַ אומפאָרמיק פּרצוף. ס'דאַכט זיך, אַז מ'קאָן זי לייכט אויסכאַפּן מיט אירע היפּערבאָרייִשע* באַקן־ביינער און מיט די אויגן ווי שפּאַלטן אין געפּלאַצטע קיכלעך. יאָ, ווייס איך וואָס. וויל מען טריי זיין די איינצלהייטן, מאַכט מען קאַליע דאָס גאַנצע. אַ אמתדיקן רעטעניש. איר קענט זי? אייגנטלעך, וואָלט מען זי נישט געדאַרפט פּאָרטרעטירן, נאָר אַרבעטן לויטן זכרון. איר קענט זי דען?

— יאָ, ניין, פון זען, ווי מ'קאָן דאָ מענטשן...

---

* מיטן נאָמען „היפּערבאָרייער" האָבן די אַלטע גריכן און רוימער באַצייכנט די איינוואוינער פון ווייטסטן צפון.

— נאַ, איך קען זי מער אינעווייניק, סובקוטאַן*, פאַרשטייט איר, דעם בלוט־דרוק פון די אַרטעריעס, די שפּאַנונג פון די געוועבן און לימפן־באַוועגונג, דערויף קען איך מיך גוט ביי איר — צוליב באַשטימטע סיבות. אָבער מיט דער אויסערלעכער צורה גייט עס שווערער. איר האָט זי שוין אַמאָל געזען גיין? אַזוי ווי זי גייט, אַזאַ פּנים האָט זי. אַ קריכערין. נעמט, למשל, די אויגן. און רייד נישט וועגן קאָליר, וואָס האָט אויך זיינע קאַפּריזן, כ׳מיין דעם געביי, דעם שניט. דאָס אויגן־דעקל, קאָנט איר זאָגן, איז געשפּאָלטן, קרום. אָבער דאָס דאַכט זיך אײַך נאָר אַזוי. אײַך נאַרט דאָ אָפּ דער עפּיקאַנטוס, דאָס איז אַן אָפּענדערונג, וואָס טרעפט זיך ביי געוויסע ראַסן און באַשטייט דערין, וואָס אַ הייטל, וועלכעס בלייבט איבער ביי די מענטשן פון דעם פלאַכן נאָז־זאָטל, פאַלט אַראָפּ פון די אויגן־דעקלעך איבער די אויגן־ווינקלען. פרוווט פעסט אַרויפציען די הויט איבער דעם נאָז־וואָרצל, וועט איר האָבן פאַר זיך אַן אויג, ווי ביי יעדן איינעם פון אונז. אַ פּיקאַנטע מיסטיפיקאַציע, הייסט עס; אַגב, איז נישטאָ דערביי מיט וואָס צו שטאָלצירן, ווייל דעם אמת געזאָגט, ווייזט עס אויף אַן אַטאַוויסטישע שפּעטע אַנטוויקלונג.

— הייסט עס, אַזוי איז די מעשה — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ. — כ׳האָב עס נישט געוואוסט, אָבער עס האָט מיך שוין פון לאַנג אינטערעסירט, וואָס ס׳איז אַזוינס מיט אָט־די אויגן.

— רייצעניש, אָפּנאַרעריי — פאַרשטאַרקט דער הויפראַט. — איב איר וועט זיי צייכענען פשוט קרום און געשפּאָלטן, זענט איר אַ פאַרלוירענער. איר מוזט די קרומקייט און די געשפּאָלטנקייט אַרויסברענגען, אַזוי ווי די נאַטור האָט עס אַרויסגעברענגט. אילוזיע אין דער אילוזיע, אַזוי צו זאָגן, און דערצו דאַרף מען, נאַטירלעך, איר זאָלט וויסן, וואָס דער עפּיקאַנטוס איז אַזוינס. וויסן קאָן בכלל נישט שאַטן. גיט נאָר אַ קוק אויף דער הויט, אויף דער הויט פון קערפּער. זי איז לעבעדיק געגעבן צי נישט, איבעריק לעבעדיק, ווי מיינט איר?

* דאָס וואָס געפינט זיך דירעקט אונטער דער הויט (לאַטייניש).

— איסגעצייכנט — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ — זי איז זייער לעבעדיק געמאָלט, די הויט. דאַכט זיך מיר, אַז הויט אַזוי גוט געמאָלט האָב איך נאָך נישט געזען. ס'דאַכט זיך, אַז מ'זעט די פּאָרן. דערביי האָט ער לייכט אַ גלעט געטאָן מיט דער האַנט איבער דעם דעקאָלט פון בילד, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן זייער ווייס צוליב דער איבערגעטריבענער רויטקייט פון פּנים, ווי געוויינטלעך אַ טייל פון קערפּער, וואָס איז זעלטן אַנטבלויזט. דערפאַר טאַקע האָט עס, בכיוון צי נישט, אַרויסגערופן די פאָרשטעלונג פון אָפּגעדעקטקייט — אַ גענוג פלאַכער עפעקט.

פונדעסטוועגן זיינען האַנס קאַסטאָרפּס ווערטער געווען באַרעכטיקט. די מאַט־שימערירנדיקע ווייסקייט פון דעם האָזיקן צאַרטן, אָבער נישט מאָגערן בוזעם, וואָס איז אונטן פאַרלוירן געוואָרן אין דער בלוילעכער שלייער־דראַפּעריע, האָט געהאַט אין זיך אַ סך נאַטירלעכקייט. עס איז, אַפּנים, געווען געמאָלט מיט געפיל. נישט געקוקט דערויף, וואָס ס'האָט דערפון געשלאָגן מיט אַ געוויסער זיסקייט, האָט דער קינסטלער דאָ אַריינגעלייגט אַ מין וויסנשאַפטלעכע רעאַלקייט און לעבעדיקע גענויקייט. ער האָט זיך באַנוצט מיט דער נישט־גלאַטיקייט פון דער לייוונט, כדי איבערצוגעבן אונטער דער אייל־פאַרב — דער עיקר אַרום די צאַרט אָפּגעצייכנטע שליסל־ביינער — די נאַטירלעכע אומגלייכקייט פון דער הויט־איבערפלאַך. ס'איז אַפילו נישט פאַרזען געוואָרן אַ האָניג־פלעק דאָרט, וואו די ברוסט נעמט זיך טיילן. מ'האָט, דאַכט זיך, אַפילו געזען דאָרטן דורכשיינען שוואַכבלוילעכע אָדערן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז צוליב דער דאָזיקער נאַקעטקייט גייט אַדורך אונטער דעם בליק פון צוקוקער אַ קוים־באַמערקטער שוידער פון סענסיטיווקייט. דרייסט געזאָגט: ס'האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז מ'פילט די פּערספּיראַציע*, דעם אומגעזעענעם לעבנס־אָטעם פון אָט־דעם לייב, אַזוי, אַז ווען מ'וואָלט, למשל, צוגעלייגט די ליפּן, וואָלט מען נישט געשפּירט דעם ריח פון פאַרב און אייל, נאָר דעם הויך פון אַ מענטשלעכן קערפּער. מיר גיבן דאָ איבער בלויז האַנס קאַסטאָרפּס איינדריקן. כאָטש ער איז

* די אויסאָטעמונג פון דער הויט.

ספּעציעל גענייגט געווען דאָס איפצונעמען אַזוי, קאָן מען פונ־דעסטוועגן אויך אָביעקטיוו זאָגן, אַז פרוי שאָשאַס דעקאָלט איז אומבאַדינגט געווען די אינטערעסאַנטסטע אַרבעט צווישן אַלע גע־מעלן אין דעם צימער.

הויפראַט בערנס האָט זיך — מיט די הענט אין די הויזנקעשענעס — געהוידעט אויף די קנאַפּלען און שיך־שפּיצן, דערביי האָט ער באַ־באַטראַכט זיין אַרבעט צוזאַמען מיט די געסט.

— ס׳פרייט מיך, הער קאָלעגאַ — האָט ער געזאָגט — ס׳פרייט מיך, וואָס עס רעדט צו אייך. ס׳איז גוט און ס׳קאָן גאָרנישט שאַדטן, ווען מ׳ווייסט, אַ ביסל, וואָס ס׳טוט זיך אויך אונטער דער עפּידערמיס* און מ׳קאָן צומאָלן דאָס, וואָס מ׳זעט נישט מיט די אויגן. מיט אַנדערע ווערטער: ווען מ׳האָט צו דער נאַטור נאָך אַן אַנדערע באַציִונג, ווי אַ ריין לירישע, לאָמיר זאָגן; ווען מ׳איז, צום ביישפּיל, דערביי אַ מעדיצינער, אַ פיזיאָלאָג, אַן אַנאַטאָם און מ׳ווייסט זיך אויך שטילערהייט, וואָס ס׳געפינט זיך אונטער דעם. דאָס קאָן זיין אַ מעלה, זאָגט וואָס איר ווילט, דאָס קומט גאַנץ זיכער צו־נוץ. אָט אין דער קערפּער־הויט איז דאָ וויסנשאַפט, איר וואָלט מיט אַ מיקראָסקאָפּ געקאָנט דערקענען איר אָרגאַנישע ריכטיקייט. דאָ זעט איר נישט בלויז די שליים־און האָרן־שיכטן פון דער איי־בערשטער הויט, נאָר אונטער דעם איז אויך פאַראַן אַ אָנמערקונג פון דער אינעווייניקסטער הויט מיט אירע זאַלבן־דריזן, שווייס־דריזן, בלוט־געפעסן, וואָרצעלעך. און אונטער איר ווידער די פעטס־שיכט, די אויסבעטונג, פאַרשטייט איר, די שיכט, וואָס האָט אין זיך אַ סך פעטקייט־צעלן און איז דער גורם פון די ווייבערישע ליבלעכע פאָרמען. און דאָס, וואָס מ׳ווייסט און מ׳קלערט, קומט צום אויסדרוק. עס שטראָמט אַריין אין דער האַנט און טוט זיך דאָס זייניקע, ס׳איז נישט דאָ און פונדעסטוועגן יאָ דאָ. און טאַקע צוליב דעם ווערט די זאַך אַזוי לעבעדיק.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אינגאַנצן געברענט צו דעם דאָזיקן שמו־עס. זיין שטערן האָט זיך אָנגערויטלט, די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן.

* די אייבערשטע הויט.

ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער זאָל פריער ענטפערן, אַזויפיל האָט ער געהאַט צו זאָגן. ערשטנס האָט ער געוואָלט אַראָפּנעמען דאָס בילד פון דער באַשאָטנטער פענסטער־וואַנט און עס אַוועקשטעלן אויף אַן אָרט, וואו ס'פאַלט מער ליכט; צווייטנס, האָט ער געוואָלט אָנקניפּן אַ שמועס אינם הויפּראַטס מיינונגען וועגן דער נאַטור פון דער הויט, וועלכע האָבן אים שטאַרק פאַראינטערעסירט; דריטנס, האָט ער געוואָלט פרווון אויסדריקן אַן אייגענעם אַלגעמיינעם און פילאָסאָפישן געדאַנק, וואָס איז אים געלעגן אויף דער צונג. בשעת ער האָט שוין צוגעלייגט די הענט צום פאָרטרעט, כדי אים אַראָפּצונעמען, האָט ער פּלוצלונג אָנגעהויבן האַסטיק ריידן:

— יאָ, יאָ! זייער גוט, דאָס איז וויכטיק. כ'מיין צו זאָגן... דאָס הייסט: דער הויפּראַט האָט געזאָגט: „נאָך אין אַן אַנדערער באַציִונג. כ'וואָלט גוט געווען, ווען אַחוץ דער ליִרישער — אַזוי, דאַכט זיך, האָט איר געזאָגט — דער קינסטלערישער באַציִונג, זאָל נאָך זיין אַן אַנדערע, און מ'זאָל די זאַכן — בקיצור גערעדט — באַנעמען אויך פון אַן אַנדער קוק־ווינקל, צום ביישפּיל — פון מעדיצינישן. דאָס איז קאָלאָסאַל טרעפליך. זייט מוחל, הער הויפּראַט, כ'מיין: ס'איז דערפאַר אַזוי קאָלאָסאַל ריכטיק, ווייל אייגנטלעך גייט דאָ גאָרנישט וועגן גרונד־פאַרשיידענע באַציִונגען און קוק־ווינקלען, נאָר גענוי גענומען — וועגן איין און דער זעלבער זאַך; ס'גייט בלויז וועגן פאַרשיידענע אופנים, כ'מיין: שאַטירונגען, ס'הייסט טאַקע: וואַריאַציעס פון איין און דער זעלבער אַלגעמיינער דערשיינונג, פון וועלכער די קינסטלערישע טעטיקייט איז בלויז איין טייל און איין אויסדרוק, אויב מ'קאָן אַזוי זאָגן. יאָ, זייט מוחל, איך נעם אַראָפּ דאָס בילד, ס'איז דאָ אַבסאָלוט נישטאָ קיין באַליכטונג. איר וועט זען: אַז כ'וועל עס צוטראָגן צו דער סאָפע, וועט עס אינגאַנצן אַנדערש... כ'וויל זאָגן: מיט וואָס באַשעפטיקט זיך די מעדיצינישע וויסנשאַפט? כ'האָב וועגן דעם, נאַטירלעך, קיין שום אַנונג נישט, אָבער זי באַשעפטיקט זיך דאָך מיטן מענטש. און די יוריספּרודענץ, די געזעצגעבונג און דאָס געריכט־וועזן? אויך מיט דעם מענטש. און די שפּראַך־פאָרשונג, מיט וועלכער ס'איז מערסטנטיילס פאַרבונדן די פּעדאַגאָגישע פּראָפעסיע? און די טעאָ־

לאָגיע, די גייסטלעכע פּראָפעסיע? אַלץ מיטן מענטש, עס זיינען בלויז ניואַנסן פון איין און דעם זעלבן וויכטיקן און... עיקרדיקן אינטערעס, דער אינטערעס מיטן מענטש. עס זיינען, מיט איין וואָרט, הומאַניסטישע פּראָפעסיעס און ווען מ'וויל זיי שטודירן, מוז מען קודם־כּל לערנען דעם יסוד, די אַלטע שפּראַכן, נישט אמת? דאָס איז די פאָרמאַלע בילדונג, ווי מ'זאָגט. איר וואונדערט זיך, מסתּמא, וואָס איך רייד אַזוי דערפון, ווייל איך בין דאָך בלויז אַ רעאַליסט, אַ טעכניקער. אָבער לעצטנס האָב איך נאָך געטראַכט וועגן דעם בעת דער ליג־קוראַציע: ס'איז דאָך אויסגעצייכנט, ס'איז אַן אויסגעצייכנטע איינאָרדענונג אויף דער וועלט, וואָס דער יסוד פון יעדער מין הומאַניסטישער פּראָפעסיע איז דאָס פאָרמאַלע, די אידעע פון דער שיינער פאָרם, פאַרשטייט איר. דאָס ברענגט אַריין אין דער זאַך עפּעס איידלס און לוקסוסדיקס, דערצו נאָך עפּעס פון געפיל און... העפלעכקייט... דער אינטערעס ווערט צוליב דעם כּמעט אַ מין גאַלאַנטע פאַרמעסטונג... ס'הייסט... כ'דריק מיך, גאַנץ זיכער, נישט אויס, ווי מ'דאַרף, אָבער מ'זעט דאָ, ווי דאָס גייסטיקע מיטן שיינעם מישן זיך אויס; אייגנטלעך, זיינען זיי באַלד פון אָנהייב איינס און דאָס זעלבע. מיט אַנדערע ווערטער: עס איז די וויסנשאַפט מיט דער קונסט. און איר וועט מיר מודה זיין, אַז די קינסטלערישע טעטיקייט געהערט אייך דערצו אומבאַדינגט, אין אַ געוויסער מאָס, ווי אַ פינפטער פאַקולטעט, און אַז זי איז גאַנץ פּשוט נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ הומאַניסטישע פּראָפעסיע, אַ ניואַנס פון די הומאַניסטישע שטרעבונגען, ווייל איר וויכטיקסטע טעמע און פאַרמעסטונג איז דאָך סוף־כּל־סוף ווידער דער מענטש. איך האָב אַפילו געמאָלט בלויז שיפן און וואַסער, בעת כ'האָב אין די יונגע יאָרן זיך פאַרמאָסטן אין אָט־דער ריכטונג. אָבער דאָס געשמאַקסטע אין דער מאָלעריי, לויט מיין מיינונג, איז, און ס'וועט בלייבן, דער פּאָרטרעט. ווייל דאָ איז דער מענטש דירעקט דער אָביעקט. דערפאַר האָב איך מיך תּיכּף געפרעגט, צי דער הער הױפראַט איז טעטיק אויך אויף דעם דאָזיקן געביט... צי דאָ וואָלט נישט אַ סך בעסער געווען, ס'זאָל הענגען?

ביידע, סיי בערענס, סיי יאָאַכים, האָבן אים אָנגעקוקט און געוואָלט זען, צי ער שעמט זיך נישט מיט דער קאַשע, וואָס ער האָט דאָ פאַרמישט. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען צופיל אַיינגעטאָן, כדי אַריינצופאַלן אין פאַרלעגנהייט. ער האָט צוגעהאַלטן דאָס בילד אויף דער סאָפע־וואַנט און פאַרלאַנגט אַ ענטפער, צי די באַלייכטונג איז דאָ נישט באַדייטנדיק אַ בעסערע. אַקוראַט דעמאָלט האָט דאָס דינסטמיידל אַריינגעבראַכט אויף אַ טאַץ הייס וואַסער, אַ ספּיריטוס־מאַשינקע און קאַווע־שעלעכלעך. דער הויפראַט האָט איר אָנגעוויזן אין קאַבינעט אַריין און געענטפערט:

— אויב אַזוי, דאַרפט איר זיך נישט אַזוי אינטערעסירן מיט מאָלעריי, נאָר קודם־כל מיט סקולפּטור... אַוודאי, דאָ האָט עס, פאַרשטייט זיך, מער ליכט, אויב איר האַלט, אַז ס'דאַרף האָבן אַזויפיל... כ'זאָג, מיט סקולפּטור, ווייל זי האָט אויפן ריינסטן אופן און לחלוטין צו טאָן בלויז מיטן מענטש בכלל. דאָס וואַסער זאָל נאָר נישט אויסקאָכן.

— אמת, די פּלאַסטיק — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ אַריינגייענדיק אין קאַבינעט. דערביי פאַרגעסט ער דאָס בילד צוריק אויפצוהענגען אָדער אַוועקצושטעלן, נאָר נעמט עס מיט און טראָגט עס אַריבער אין צווייטן צימער. אַוודאי, אין אַ גריכישער וואַנע אָדער אין אַן אַטלעט — דאָרטן ווייזט זיך אַרויס, אָן שום־ספק, דאָס הומאַניסטישע אַמבולטסטן. ס'איז אַוודאי דאָס אמתע, דער אייגנטלעך הומאַניסטישער אופן קונסט, אויב מ'פּרוווט אַריינטראַכטן.

— נאַ, וואָס ס'איז נוגע דער קליינער שאָשאַ — האָט באַמערקט דער הויפראַט — איז זי אַלנפאַלס מער אַן אָביעקט פאַר מאָלעריי. פידיאַס* אָדער אַן אַנדערער מיט אַזאַ מין תנכישער פאַרענדיקונג פון נאָמען, וואָלט פאַרקרימט די נאָז פון אַזאַ פיזיאָנאָמיע. וואָס טוט איר? וואָס שלעפּט איר דאָס שטיק פלייש?

— אַדאַנק, איך שפּאַר עס אָן אין פוס פון דער שטול, דאָ וועט עס לעת־עתה גוט שטיין. די גריכישע פּלאַסטיקער האָבן

---

* דער באַדייטנדיקסטער גריכישער סקולפּטאָר האָט געלעבט אין 5טן יאָרהונדערט פאַר קר.

אָבער ווייניק זיך אָפּגעגעבן מיטן קאָפּ. זיי איז דער עיקר געגאַנגען אין קערפּער, אפשר איז דאָס טאַקע געווען דאָס הומאַניסטישע... און די ווייבלעכע פּלאַסטיק איז טאַקע דאָס פּעטס?

— טאַקע דאָס פּעטס! — האָט געזאָגט אַנטשלאָסן דער הויפראַט, וואָס האָט אויסגעשלאָסן אַ וואַנט־שענקל און אַרויסגענומען פון דאָרטן די כּלי־מכשירים צו דער קאַווע, אַ טערקיש מילכל, וואָס איז געמאַכט רער־פּאָרמיק, אַ קאַף־פּענדל מיט אַ לאַנג הענטל, אַ כּלי אויף צוקער און געמאָלענער קאַווע — אַלץ פון מעש. „פּאַל־מיטין, סטעאַרין, אָלעין“ * — האָט ער געזאָגט און אַריינגעשיט קאַ־ווועלעך פון אַ בלעכענער פּושקע אין מילכל אַריין. באַלד דערנאָך האָט ער גענומען דרייען מיט דער קאַפע. — איר זעט, איך מאַך אַלץ אַליין, פון אָנהייב אָן, דערפאַר שמעקט עס טאָפּלט בעסער. וואָס האָט איר געמיינט, אַז ס'איז אַמבראָזיא ** ?

— ניין, כ'האָב עס אַליין שוין געוואוסט. ס'איז גלאַט מאָדנע עס צו הערן — האָט געזאָגט האַנס קאַסטאָרפּ.

זיי זיינען געזעסן אין ווינקל צווישן דער טיר און דעם פענסטער, ביי אַ באַמבוס־טאַבאָרעט מיט אַ אָריענטאַליש־אָרנאַמענטירטן מעשע־נעם פּלאַט, אויף וועלכן ס'זיינען געשטאַנען די כּלי־מכשירים אויף קאַווע און אויך דאָס רויכער־געצייג. יאָאַכים איז געזעסן לעבן בערענסן אויף דער אָטאָמאַנע, וואָס איז געווען פול באַלייגט מיט זיידענע קישעלעך. האַנס קאַסטאָרפּ איז געזעסן אויף דער קלוב־שטול מיט רעדלעך, אין וועלכער ער האָט אָנגעשפּאַרט פראַו שאָשאַס פּאָרטרעט. אונטער זיי איז געלעגן אַ פּאַרביקער טעפּעך. דער הויפּ־ראַט האָט מיט אַ לעפל אַריינגעטאָן קאַווע און צוקער אין דעם פענדל מיטן הענטל, האָט אַריינגעגאָסן וואַסער און עס געלאָזט אויפקאָכן איבערן פלאַם פון ספּיריטוס. אין די שאָלן האָט די קאַווע געהאַט אַ ברוינעם שוים און בעת מ'האָט זי געזופּט, איז זי געווען אי שטאַרק אי זיס.

* די דריי באַשטאַנדטיילן פון פּעטס.

** ביי האָמער די שפּייז פון געטער.

— אײַערע, אַגב, אויך — האָט בערענס געזאָגט. — אײַער פּלאַסטיק איז, איך װיפל מ'קאָן ריידן װעגן דעם, איך פּעטס, כאָטש נישט אין אַזאַ מאָס, װי בײַ די װײַבער. בײַ אונזערס אַ מענטש טרעפט אָן געװײנלעך די פעטקייט בכלל אַ צװאַנציקסט חלק פון דער קערפּער־װאָג. בײַ די װײַבער — אַ זעכצנט חלק. װען נישט די אונטערהויטישע געװעבן, װאָלטן מיר אַלע געװען טרוקענע שװעמלעך. װען מ'װערט אַלט, װערט עס פאַרשװאונדן, צוליב דעם קריגט מען טאַקע די נישט־עסטעטישע קנייטשן. צום מײנסטן דיק און פעט איז עס בײַ דער װײַבלעכער ברוסט און בײַם בויך, אויך אויף די אייבערשטע שענקלען, בקיצור, אומעטום, װאו ס'איז גוט אַ ריר צו טאָן. אויך אונטער די פאָדעשװעס איז דאָ פעטס און דערפאַר קיצלט דאָרטן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט גערדרייט דאָס רער־פאָרמיקע קאַװע־מילכל צװישן די הענט. עס איז געװען, װי דער גאַנצער גאַרניטור, גי־כער אינדישע אָדער פּערסישע אַרבעט, װי טערקישע. דערויף האָט עדות געזאָגט דער סטיל פון די מעש־גראַװירונגען, װעלכע האָבן אַרויסגעבלאַנקט פון די מאַטע פלאַכן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט באַטראַכט די אָרנאַמענטיק און נישט תיכף פאַרשטאַנען, װאָס זי׳ שטעלן פאָר. װען ער האָט זיך געכאַפּט, װאָס דאָס באַטייט, איז ער פלוצלונג רויט געװאָרן.

— יאָ, דאָס איז אַן ענין פאַר נישט־באַװײַבטע מײַנטשן — האָט בערענס געזאָגט. — דערפאַר האַלט איך עס אינטערן שלאָס, פאַרשטייט איר. מײַן קיך־נימפע װאָלט קאַליע געװאָרן, װען זי קוקט עס אָן. אײַך װעט עס, מסתּמא, נישט שאַטן. כ'האָב עס אַמאָל געקריגן אַ מתּנה פון אַ פּאַציענטין, פון אַ עגיפּטישער פּרינ־צעסין, װעלכע האָט אונז אײַן יאָר אָנגעטאָן דעם כּבֿוד און איז געװען בײַ אונז. איר זעט, דער מוסטער חזרט זיך איבער אין יעדן שטיק. פײַן, װאָס?

— יאָ, דאָס איז מאָדנע — האָט געענטפערט האַנס קאַסטאָרפּ — האַ, ניין, מיך אַרט עס נישט, פאַרשטייט זיך. מ'קאָן עס אַפילו נעמען ערנסט און פייערלעך, אויב מען װיל, כאָטש אין אַ קאַװע־גאַרניטור איז עס סוף־כל־סוף נישט אינגאַנצן אין אָרט. די פאַ־

ציטיקע פלעגן, דאַכט זיך, מיט אַזעלכע זאַכן באַפּוצן זייערע טרומ=
נעס. דאָס סעקסועלע און דאָס הייליקע איז פאַר זיי, אין אַ גע=
וויסער מאָס, געווען איינס און דאָס זעלבע.

— נאַ, וואָס ס'איז נוגע דער פּרינצעסין — זאָגט בערענס —
איז זי, מיין איך, מער געווען גענייגט צום ערשטן. כ'האָב, אַגב,
פון איר אויך זייער שיינע פּאַפּיראָסן. דאָס איז עפּעס עקסטראַ=
פיינס, ווערט דערלאַנגט נאָר ביי ערשט=קלאַסיקע געלעגנהייטן. דער=
ביי האָט ער אַרויסגענומען פון וואַנט=שענקל אַ גרעל=פאַרביק שאַכטל,
כדי מכבד צו זיין: יאָאַכים האָט זיך אָפּגעזאָגט און דערביי צונויפ=
גערוקט די קנאַפּלען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט גענומען און פאַר=
רויכערט דעם אומגעווינלעך=גרויסן און ברייטן פּאַפּיראָס, וואָס איז
געווען באַצירט מיט אַ ספינקס אין גאָלד=דרוק. ר'איז באמת געווען
וואונדערלעך גוט.

— דערציילט אונז נאָך עפּעס וועגן דער הויט — האָט
האַנס קאַסטאָרפּ געבעטן — אויב איר ווילט זיין אַזוי גוט, הער
הויפראַט. ער האָט ווידער אויפגעהויבן פרוי שאָשאַס פּאָרטרעט,
אַוועקגעשטעלט אים אויף דער קני און אים באַטראַכט, זיצנדיק אַן
אָנגעלענטער מיטן פּאַפּיראָס צווישן די ליפּן. — נישט דווקא פון
דער פעטס=הויט, וועגן דעם ווייסן מיר שוין. נאָר פון דער מענטש=
לעכער הויט בכלל, וועלכע איר קאָנט אַזוי גוט אויסמאָלן.

— וועגן דער הויט? איר אינטערעסירט אייך מיט פילאָסאָפיע?

— זייער! יאָ, פאַר דעם האָב איך שטענדיק געהאַט דעם
גרעסטן אינטערעס. פאַרן מענטשלעכן קערפּער האָב איך אַלעמאָל
געהאַט גאָר אַ גרויסן חשק. טיילמאָל איז מיר אַפילו איינגעפאַלן,
צי כ'זאָל נישט אַמאָל ווערן אַ מעדיצינער. אין אַ געוויסער מאָס,
מיין איך, וואָלט דאָס מיר גאַנץ גוט געפּאַסט. ווייל דער, וואָס האָט
אַן אינטערעס פאַרן קערפּער, דער האָט אויך אַן אינטערעס פאַר דער
קראַנקהייט, אַפילו ספּעציעל פאַר איר — איר מיינט נישט? אַגב,
האָט עס נישט קיין גרויסן באַטייט. כ'וואָלט געקאָנט ווערן אַלץ.
כ'וואָלט אַפילו געקאָנט ווערן אַ גייסטלעכער אויך.

— יאָ, ס'האָט זיך שוין טיילמאָל אויסגעדאַכט, אַז דאָרטן
וואָלט איך, אייגנטלעך, געווען אינגאַנצן אין מיין עלעמענט.

— פאַרוואָס־ושעו זענט איר געוואָרן אַן אינזשעניער?
— צוליב אַ צופאַל. דערויף האָבן מער געווירקט אויסגעוויינקטע סיבות.

— נאַ, וועגן דער הויט? וואָס זאָל איך אײַך דערציילן וועגן איער חושים־פּלאַך? עס איז אײַער אויסגעוויינקסטער מוח, פאַרשטייט איר, אָנטאָגאָנעטיש* פון זעלבן מקור, ווי דער אַפּאַראַט פאַר די אַזוי גערופענע העכערע חושים־אָרגאַנען אין אײַער שאַרבן. דער צענטראַלער נערוון־סיסטעם, דאַרפט איר וויסן, איז בלויז אַ לייכטע אָפּענדערונג פון דער אויסערלעכער הויט־שיכט. פאַראַן באַשעפענישן, ביי וועלכע ס'איז נאָך בכלל גישטאָ קיין אונטערשייד צווישן צענטראַלן און אויסגעוויינקסטן סיסטעם. זיי שפּירן אַ ריח און פילן אַ טעם מיט דער הויט, שטעלט אײַך פאָר, זיי האָבן בכלל בלויז זייערע חושים אין דער הויט. ס'מוז זיין אַ גאַנץ וואוילע זאַך, אַז מען טראַכט זיך אַזוי אַריין. דערפאַר, ביי אַזעלכע הויך־דיפערענצירטע באַשעפענישן, ווי איר און איך, מוז זיך די הויט באַגרענעצן בלויז אויף קיצלדיקייט. זי איז בלויז אַ אָרגאַן, וואָס שיצט און גיט־איבער, איז פייער און פלאַס אויף אַליק, וואָס וויל זיך צורירן צו־נאָענט צום קערפּער. זי איז אַפילו באַזאָרגט מיט אַהיס־שטאַרנדיקע טאַפּ־אַפּאַראַטן, ס'זיינען די האָר, די הערעלעך פון גוף, וואָס באַשטייען פון פאַרהאָרנטע הויט־קעמערלעך, און שפּירן יעדע דערנעענטערונג נאָך איידער זי איז צוגעקומען צו דער הויט גופא. צווישן אונז געשמועסט, כ'איז אַפילו מעגלעך, אַז די פעיקייט פון הויט צו באַשיצן און צו פאַרטיידיקן, איז נישט חל בלויז אויף קערפּערלעכע ענינים... ווייסט איר, ווי אַזוי איר ווערט הייט אַדער בלאַס?

— נישט גענוי.

— יאָ, גאַנץ גענוי, ווייסן מיר עס, אָפן געזאָגט, אויך נישט, אַלנפאַלס, וואָס ס'איז נוגע דעם רויט־ווערן פון בושה. די זאַך איז נישט אינגאַנצן קלאָר, ווייל ביז איצט קאָן מען נאָך נישט אָנווייזן

* לויט דער אנטשטייונג.

איך אַזאַ מין מוסקולן אין די געפעסן, וועלכע זאָלן זיך אויסציען אונטערן אַיינפלוס פון די וואַזאָמאָטאָרישע * נערוון. ווי אַזוי ווערט, אייגנטלעך, ביים האָן אָנגעשוואָלן דער קאַם אָדער בכלל אַליך, וואָס מ'וואָלט דאָ געקאָנט ברענגען פאַר אַ ביישפיל — דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, מיסטעריעז, דער עיקר, בעת ס'גייט וועגן פּסיכישע ווירקונגען. מיר נעמען אָן, אַז ס'זיינען דאָ פאַרבינדונגען צווישן די גרויס-געהירן און דעם געפעסן-צענטער אין מוח-מאַרך. און ביי געוויסע רייצן, לאָמיר אָננעמען: בעת איר שעמט אייך, נעמט זיך רעגן די דאָזיקע פאַרבינדונג, דערפון נעמען זיך אויך רעגן די געפעס-נערוון, וואָס פירן צום פנים, צוליב דעם ציען זיך און ס'פילן זיך אָן די בלוט-געפעסן. איר ווערט רויט, ווי אַ אינדיק, דאָס בלוט זעצט אייך אין קאָפּ אַריין און איר קאָנט נישט די אויגן עפענען. דערפאַר אין אַנדערע פאַלן (גאָט ווייסט, וואָס ס'נעמט אייך דראָען, קאָן זיין אַפילו עפּעס געפערלעך-שיינס) — גיבן זיך די בלוט-געפעסן אַ קאָרטש-איין, די הויט ווערט בלאַס, קאַלט, געדונצלט און איר זעט אויס ווי אַ מת פון גרויס געדירטקייט, מיט בליי-פאַרביקע אויגן-לעכער און מיט אַ ווייסער אויסגעשפּיצטער נאָז. דער סימפּאַטישער נערוו ** ווירקט אויפן האַרץ אַזוי, אַז ס'נעמט פּעסט האַמערן.

— הייסט עס, אַזוי געשעט דאָס — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ.

— בערך אַזוי. דאָס זיינען רעאַקציעס, פאַרשטייט איר. היות אָבער אַלע רעאַקציעס און רעפלעקסן האָבן בטבע עפּעס אַ צוועק, מאַכן מיר, פיזיאָלאָגן, די השערה, אַז אויך אָט-די באַגלייט-ערשיינונגען פון די פּסיכישע אַפעקטן זיינען, אייגנטלעך, צוועקמעסיקע שוץ-מיטלען, פאַרטיידיקונגס-רעפלעקסן פונם קערפּער, אַ שטייגער, ווי אַ געגזעגנע הויט. איר ווייסט, ווי אַזוי איך קריגט אַ געגזעגנע הויט?

— איך נישט אַזוי קלאָר.

* וואַזאָמאָטאָרישע נערוון = געפעס-נערוון.

** סימפּאַטישער נערוו ציט זיך פון דער שדרה און רעגולירט די שפּייזונגס-פאַרטיילונג פון בלוט, אומאָפּהענגיק פון דעם ווילן.

— דאָס איז די ווירקונג פון די הויט־זאַלב־דריזן, וואָס גיבן אַרויס די הויט־שמירעכץ, כ'איז אַ מין אויסטיילונג פון פעטס, וואָס אַנטהאַלט אין זיך איי־ווייס, פאַרשטייט איר, נישט איבעריק געשמאַק, אָבער עס גיט צו דער הויט גלאַטיקייט, לאָזט זי נישט רייסן זיך און פּלאַצן פון טרוקנקייט און איז גורם, ס'זאָל זיין אָנגענעם זי אָנצוטאַפּן. מ'קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי די מענטשלעכע הויט וואָלט זיך געשפּירט אין די פינגער, ווען נישט דאָס כאָלעסטערין־שמיר־רעכץ. די דאָזיקע זאַלב־דריזן פון דער הויט האָבן קליינע אָרגאַנישע מוסקולן, וואָס קאָנען אויפשטעלן די דריזן, און ווען דאָס געשעט, פילט איר אייך, ווי דער בחור, אויף וועלכן די פרינצעסין האָט אויסגעגאָסן אַן עמער מיט פישלעך. אייער הויט ווערט ווי אַ ריב־אייזן און ווען דער רייץ איז אַ שטאַרקער, שטעלן זיך אויך אויף די האָר. די האָר אויפן קאָפּ און די הערלעך אויפן לייב שטעלן זיך אויף, ווי ביי אַ יעזש, וואָס פאַרטיידיקט זיך, און איר קאָנט דעמאָלט זאָגן, אַז איר ווייסט דעם טעם פון אַ שוידער.

— אָך, איך — האָט געזאָגט האַנס קאַסטאָרפּ. — איך האָב עס שוין אַמאָל געפּילט. מיך נעמט תּיכּף שוידערן ביי די פאַר־שיידנסטע געלעגנהייטן. מיך וואונדערט בלויז דאָס, וואָס ביי די אַלע געלעגנהייטן שטעלן זיך די דריזן גלייך אויף. ווען עמעץ גיט אַ קראַץ מיט אַ גריפל איבער גלאָז, קריגט מען אַ גענזענע הויט און ביי באַזונדערס שיינער מוזיק — אויך דאָס אייגענע. ביי מיין קאָנפירמאַציע, בעת כ'האָב צוגענומען די הייליקע קאָמוניע, האָב איך עס געקריגן איינס נאָכן אַנדערן. דאָס קיצלען און בייסן האָט גאָרנישט אויפגעהערט. ס'איז מאָדנע, וואָס־אַליין ווירקט אויף די קליינע מוסקולעכלעך!

— יאָ — זאָגט בערענס — רייץ איז רייץ. דער אינהאַלט פון רייץ גייט אָן דעם קערפּער, ווי דער פאַראַיאָריקער פראָסט. פישלעך אָדער די הייליקע קאָמוניע, די זאַלב־דריזן טוען דאָס זייעריקע.

— הער הויפראַט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט און דערביי באַטראַכט דאָס בילד אויף זיינע קני — וועגן וואָס האָב איך דאָס

נאָך געוואָלט פרעגן? יאָ, איך האָט פריער געקעדט וועגן אינע־ווייניקסטע טעטיקייטן, וועגן דער לימף־באַוועגונג און ענלעכן. . . וואָס איז דאָס אַזוינס? כ׳וואָלט זייער גערן געוואָלט מער עפּעס וויסן וועגן דעם, צום ביישפּיל — וועגן דער לימף־באַוועגונג, אויב איך וואָלט געוואָלט אַזוי גוט זיין. כ׳אינטערעסירט מיך זייער.

— כ׳קאָן עס גאַנץ גוט גלויבן — האָט געענטפערט דער הויפראַט — די לימף איז דאָס סאַמע פיינסטע, אינטימסטע און צאַרטסטע אין דער גאַנצער מאַשינעריע פון אָרגאַניזם. איר זענט אייך, מסתמא, משער, אַז ס׳איז אַזוי, דערפאַר פרעגט איר. מ׳רעדט אַלעמאָל וועגן בלוט און זיין מיסטעריע און מ׳האַלט עס פאַר אַ באַזונדערן מין זאַפט. אָבער די לימף — דאָס איז דער זאַפט פונם זאַפט, דער עסענץ, פאַרשטייט איר, בלוט־מילך, אַ גאַנץ זיסע פליסיקייט, ליטן אינהאַלט פון פעטס, זעט זי, אַגב, באמת אויס ווי מילך. און אַן איבערגערוימטער און באַריידעוודיקער, האָט בערענס גענומען שילדערן, ווי אַזוי דאָס בלוט, אָט די פורפור־רויטע יויך, אויסגעזאָטן דורך עטעמונג אין פאַרדייונג, געזעטיקט מיט גאַז, באַלאָדן מיט פּראָדוקטן פון פעטס, איי־וויס, אייזן, צוקער און זאַלץ, ווערט אַרויסגעשטויסן פון דער האַרץ־פּאָמפּע מיט אַ היץ פון אַכט־און־דרייסיק גראַד, קומט אַריין אין די געפעסן און האַלט־אויף אין גאַנצן גוף דעם שטאָף־ווערקסל, די קערפּערלעכע וואַרעמקייט, מיט איין וואָרט — דאָס ליבע לעבן. דאָס בלוט גייט אָבער נישט אַריין דירעקט אין די קעמערלעך. דער דרוק, אין וועלכן דאָס בלוט געפינט זיך, שטופּט בלויז אַהין דורך די געפעס־ווענטלעך אַ מין עקסטראַקט און מילך־זאַפט, וואָס ווערט אַריינגעפּרעסט אין די געוועבן. אַזוי־אַרום דרינגט אָט דער זאַפט אַריין אומעטום, פילט־אויס ווי אַ געוועב־פליסיקייט יעדעס שפּעלטל, ציט אויס און שפּאַנט די עלאַסטישע געוועבן פון די קעמערלעך. דערפון נעמט זיך די געשפּאַנטקייט פון געוועב, דער טורגאָר. דער טורגאָר פון זיין זייט איז ווייטער גורם, אַז נאָכדעם ווי די לימף האָט די קעמערלעך גוט אָפּגעשווענקט און געטרייסט שטאָף מיט זיי, זאָל זי צוריק אַריינגעטריבן ווערן אין די לימף־געפעסן, אין די „וואַזא לימפאַטיקאַ“, און צוריק אַריין אין בלוט. עס מאַכט אויס אָנדערטהאַלבן ליטער טעגלעך.

ד״ר בערענס האָט װײטער אָפּגעשילדערט דעם רערן־ און זױג־אָדער־סיסטעם פֿון די לימף־געפֿעסן, גערעדט װעגן דעם גאַנג פֿון מילך אין די ברוסטן, װאָס נעמט צונױף די לימף אין די פֿיס, בױך, ברוסט, אײן האַנט און אײן זײט קאָפּ. ר׳האָט גערעדט װעגן די צאַרטע פֿילטער־אָרגאַנען, װעלכע זײַנען זײער אַ סך פֿאַרשפּרײט אין די לימף־געפֿעסן. מ׳רופֿט זײ לימף־דריזן און זײ געפֿינען זיך ס׳רוב אין האַלז, אונטער די אָרעמס, אין די געלענקען פֿון די עלנבױגנס, הינטער די קניען און אױף נאָך אַזעלכע צאַרטע און אינטימע ערטער אין קערפּער. דאָ טרעפֿן זיך געשװירן — האָט דערקלערט בערענס — טאַקע דערפֿון האָט זיך אָנגעהױבן דער שמועס, די לימף־דריזן װערן פֿאַרגרעסערט, לאָמיר זאָגן: הינטער די קניען, און אין די געלענקען פֿון די אָרעמס, ס׳מאַכן זיך דאָ און דאָרט געשװירן, װאָס דערמאָנען אין װאַסער־קרענק. עס האָט אַלעמאָל אַ סיבה, כאָטש נישט אַלעמאָל אַ שײנע. טײלמאָל באַקומט מען גאָר אַ פּעסטן חשד, אַז מ׳האָט צו טאָן מיט אַ טובערקולאָזער פֿאַרשטאָפּונג פֿון די לימף־געפֿעסן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשװיגן. נאָך אַ װײַלע האָט ער שטילערהײט אַ זאָג געטאָן: — אַזױ איז עס, כ׳װאָלט געקאָנט װערן אַ מעדיצינער. דער גאַנג פֿון דער מילך אין דער ברוסט.... די לימף פֿון די פֿיס... דאָס אינטערעסירט מיך זײער. װאָס איז אַזױנס דער קערפּער! — האָט ער מיט אײנמאָל שטורמיש אַרױסגעשאָסן. — װאָס איז דאָס פֿלײש! װאָס איז דאָס לײַב פֿון מענטש! פֿון װאָס באַשטײט עס! זאָגט עס אונדז שױן איצט, הער הױפֿראַט: זאָגט עס אונדז גענױ, מיר זאָלן אײנמאָל פֿאַר אַלעמאָל װיסן!

— פֿון װאַסער — האָט בערענס געענטפֿערט — איר האָט אַן אינטערעס פֿאַר אַנאָרגאַנישער כעמיע אױך? ס׳רוב פֿון װאַסער, אָט דערפֿון באַשטײט עס, דאָס הומאַניסטישע לײַב פֿון מענטש, נישט מער און נישט װײניקער. פֿונדעסטװעגן דאַרף מען זיך נישט איבערנעמען. די טרוקענע סובסטאַנץ טרעפֿט אָן בלױז פֿינף־און־צװאַנציק פּראָצענט. דערפֿון זײַנען צװאַנציק פּראָצענט פּשוט װײַסל פֿון אײ, פּראָטעין־שטאָפֿן, אױב איר װילט עס אױסדריקן אַ ביסל

איידעלער. דערצו גייט בלויז צו נאָך אַ ביסל פעטס אין זאַלץ, דאָס איז כמעט אַלץ.

— אָבער דאָס ווייסל פון איי, וואָס איז דאָס?

— פלערליי עלעמענטן. קוילן־שטאָף, וואַסער־שטאָף, שטיק־שטאָף, זויער־שטאָף, שוועבל. טיילמאָל — אויך פאָספאָר. אַייער נייגעריקייט ווערט אַלץ גרעסער. טייל מינים איי־ווייס זיינען אויך פאַרבונדן מיט קוילן־הידראַטן, דאָס הייסט — מיט טרויבן־צוקער און קראָכמאַל. אויף דער עלטער ווערט דאָס פלייש שטייף. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס ס׳קומט צו קאָלאַגען אין די באַהעפט־געוועבן, דאָס איז דאָס ליים, פאַרשטייט איר, דער וויכטיקסטער באַשטאַנדטייל פון די ביינער און ביינדלעך. וואָס נאָך קאָן איך אייך דערציילן? אין דער פלאַזמע פון די מוסקולן איז דאָ אַ מין איי־ווייס, וואָס רופט זיך מיאָזינאָגען, און וואָס ווערט געריגען נאָכן טויט אין פיברין און הפט־אַרויס די שטייפקייט פון אַ מת.

— יאָ, אַזוי, די שטייפקייט פון אַ מת — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ פריילעך — זייער גוט, זייער גוט. און דערנאָך הייבט זיך אָן דער גענעראַל־אַנאַליז, די אַנאַטאָמיע פון קבר.

—נאַ, אַוודאי. דאָס האָט איר, אַגב, שיין געזאָגט. דעמאָלט גייט די זאַך ווייט אַוועק. כ׳צעגיסט זיך, אַזוי צו זאָגן. דערמאָנט אייך נאָר, אַזאַ צאָל וואַסער! די איבעריקע צומישונגען האַלטן זיך אויך נישט לאַנג, ווען ס׳איז נישטאָ קיין לעבן. דורך דער פוילעניש ווערן זיי צעלייגט אויף פשוטערע פאַרבינדונגען, אויף אַנאָרגאַנישע.

— פוילעניש, צעפאַלונג — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — דאָס איז דאָך פאַרברענונג, פאַרבינדונג מיט זויער־שטאָף, אויף וויפל כ׳ווייס.

— פולשטענדיק אמת. אָקסידאַציע.

— און לעבן?

— אויך, אויך, יונגערמאַן. אויך אָקסידאַציע. לעבן איז דער עיקר דאָס ברענען פון איי־ווייס אין די קעמערלעך, דערפון נעמט זיך די פיינע קערפּערלעכע וואַרעמקייט, וועלכע מ׳האָט טיילמאָל צו־

פיל. טיאַ, לעבן איז דאָס אייגענע, וואָס שטאַרבן, ס'איז דאָ נישטאָ וואָס צו פאַרשענערן. *une destruction organique, ווי אַזוי אַ פראַנצויז האָט עס אַמאָל אָנגערופן מיט זיין טבע אויף אָפּצו־פּטרן לייכט. דאָס לעבן שמעקט אויך דערמיט. אויב ס'זעט אונז אויס אַנדערש, זיינען מיר אָפּגענאַרט.

— און אויב מ'אינטערעסירט זיך מיטן לעבן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — הייסט עס, אַז מ'אינטערעסירט זיך אויך מיטן טויט. ס'איז דען נישט אַזוי?

— נאַ, אַ געוויסער אונטערשייד בלייבט פאָרט. בעת מ'לעבט, טוישט זיך מאַקע די מאַטעריע, אָבער די פאָרם בלייבט.

— צו וואָס דערהאַלטן די פאָרם? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט.

— צו וואָס? הערט אַ מעשה, דאָס, וואָס איר האָט איצט גע־זאָגט, איז דאָך שוין אויף קיין האָר נישט הומאַניסטיש.

— פאָרם איז ווערט אַ שמעק טאַבאַק.

— איר זענט היינט דורכאויס אונטערנעמעריש. ממש אַוואַנ־טוריסטיש. אָבער איך פאַל שוין אָפּ — האָט געזאָגט דער הויפראַט — איך ווער שוין מרה־שחורהדיק — האָט ער געזאָגט און אַוועקגעלייגט זיין ריזיקע האַנט איבער די אויגן — איר זעט, דאָס באַפאַלט מיך אַזוי. כ'האָב מיט אייך געטרונקען קאַווע און געהאַט אַ הנאה. אויף איינמאָל איז מיך באַפאַלן אַ מרה־שחורה. איר וועט מיר איצט מוזן מוחל זיין. ס'איז מיר געווען גאַנץ אָנגענעם און כ'האָב גע־האַט די גרעסטע הנאה...

די קוזינען זיינען אויפגעשפרונגען. זיי האָבן עומת־נפש, האָבן זיי געזאָגט, הלמאי זיי האָבן דעם הויפראַט אַזוי לאַנג... ער באַ־רויקט זיי, אַז אַדרבא... האַנס קאַסטאָרפּ טראָגט אינדערגיך אַריין פרוי שאָשאַס פּאָרטרעט אין צווייטן צימער און הענגט עס צוריק אויף אויפן אָרט. זיי גייען מער נישט צוריק אויף זייער קוואַרטיר דורכן גאָרטן. בערענס ווייזט זיי דעם וועג דורך דער געבײַדע און באַגלייט זיי ביז צו דער גלאָז־טיר, וואָס פאַרבינדט ביידע קאָרי־

---

* פראַנצויזיש — אַן אָרגאַנישע דעסטרוקציע.

דאָרן. פון דער מרה־שחורה, וואָס איז אים פּלוצלינג באַפאַלן, איז זיין קאַרק, דאַכט זיך, נאָך מער אַרויסגעזעצט געוואָרן. ער בלינצלט מיט זיינע אַפּערקווועלנדיקע אויגן. די וואָנסן איז פאַררוסן און איין זייט צוליב דעם, וואָס ער האָט איסגעקרימט דאָס מויל, און זי זעט אויס זייער נעבעכדיק.

בשעת זיי זיינען געגאַנגען איבערן קאָרידאָר און איבער די טרעפּ, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט:

— זיי מודה, אַז ס'איז געווען אַ גוטער איינפאַל פון מיין זייט.

— אַלנפאַלס איז עס געווען אַ אָפּפרישונג — האָט יאָאַכים גע־ענטפערט — און איר האָט אַייך ביי דער געלעגנהייט פּערסנלעך געזעהן. מיר האָט זיך אַפילו אַ ביסל פאַרדרייט דער קאָפּ. ס'איז שוין די העכסטע צייט, מיר זאָלן פאַר דער טיי כאָטש מאַכן אַ צוואַנציק מינוט ליג־קוראַציע. קאָנסט אַפילו זאָגן, אַז ס'איז נישט ווערט קיין שמעק־טאַבאַק, ביסט היינט אַזוי אַוואַנטוריסטיש. דאַרפסט עס, אַגב, אויך נישט אַזוי נייטיק, ווי איך...

---

## פאָרשונגען

אַזוי־אַרום איז געקומען דאָס, וואָס ס'האָט געמוזט קומען און וועגן וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט מיט אַ קורצער צייט צו־ריק אַפילו נישט געחלומט. ס'איז געוואָרן ווינטער, דער היגער ווינטער, וועלכער איז יאָאַכימען שוין געווען באַקאַנט. ווייל בעת ער איז אָנגעקומען, איז נאָך דער פאַראַיאָריקער ווינטער געווען אין זיין גאַנצער ממשלה. האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאַר אים אַ ביסל מורא געהאַט, כאָטש ער האָט זיך ווי צום בעסטן באַוואָפנט קעגן אים. יאָאַכים האָט אים געפּרוּווט באַרוּיקן.

— דאַרפסט עס דיר נישט פאָרשטעלן אַזוי מוראדיק — האָט ער געזאָגט — ס'איז נישט איפן נאָרד־פּאָל. מ'שפּירט ווייניק די קעלט צוליב דער טריקנקייט פון דער לופט און ווייל ס'בלאָזן נישט

קיין ווינטן. ווען מ'פּאַרפּאַקט זיך גוט, קאָן מען בלייבן ליגן אויפן
באַלקאָן ביז שפּעט אין דער נאַכט און ס'איז נישט קאַלט. ס'איז
די מעשה מיט דעם טעמפּעראַטור-אָפּפאַל העכער פון דער גע-פלעגן-
גרענעץ, אין די העכערע ספערן ווערט וואַרעמער. אַמאָל האָט מען
עס נישט אַזוי געוואוסט. גיכער איז קאַלט, ווען ס'רעגנט. אָבער די
האָסט דאָך אַ ליג-זאַק און געהייצט ווערט אויך אַ ביסל, ווען מ'מוז
שוין.

אַגב, האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין וועגן פלוצלינג-
דיקייט און סכנת-נפשות. דער ווינטער איז אָנגעקומען געלאַסן און
און לעת-עתה נישט אויסגעזען אַנדערש, ווי וועלכער ס'איז קילער
טאָג אין סאַמע מיטן זומער. אין משך פון עטלעכע טעג האָט
געווייעט אַ דרום-ווינט, די זון האָט געפּייניקט, דאָס טאָל האָט אויס-
געזען קירצער און ענגער. נאָענט און בולט זיינען געלעגן די אַלפּי-
קוליסן פון טאָל-אויסגאַנג. דערנאָך זיינען אָנגעקומען וואָלקנס, האָבן
זיך געצויגן פון פּיק-מיכעל און טינצענהאָרן קעגן צפון-מזרח און
דאָס טאָל איז טונקל געוואָרן. דערנאָך האָט גענומען שטאַרק רעגע-
נען. דערנאָך איז דער רעגן געוואָרן מוטנע, מילך-ווייס-גרוי, געמישט
מיט שניי. צום סוף איז שוין געפאַלן בלויזער שניי. דאָס טאָל איז
פול געווען מיט שניי-שטויב און היות ס'האָט זיך אַזוי לאַנג גע-
שאָטן, איז אויך די טעמפּעראַטור דערווייל היפּש געפאַלן און דער
שניי איז נישט באַלד צעשמאָלצן געוואָרן. ר'איז געווען נאַס, אָבער
ר'איז געבליבן ליגן. דאָס טאָל איז געלעגן איינגעהילט אין אַ דין,
פייכט, אָפּבלאַקירט ווייס געוואַנט, קעגן וועלכן די נאָדל-ביימער פון די
שיפּועים האָבן זיך אָפּגעשלאָגן שוואַרץ. אין עס-זאַל זיינען לוילעך
געוואָרן די רערן. ס'איז אָנהייב נאָוועמבער, אין די ערשטע טעג פון
חודש, פונדעסטוועגן איז עס נישט געווען קיין נייס. אויך אין אַוו-
גוסט האָט שוין אַזוי איינמאָל אויסגעזען און מ'האָט זיך שוין דער-
באַר לאַנג אָפּגעוויינט דערפון צו האַלטן דעם שניי פאַר אַ פריי-
ווילעגיע פון ווינטער אַליין. שטענדיק, און ביי יעדער שלעכט וועט-
טער, ס'האָט אַפילו געמעגט געשען ערגעץ ווייט, האָט מען גע-
זען שניי פאַר די אויגן, וואָרן ווי ס'זאָל נישט זיין — זיינען געבליבן
רעשטלעך און שפּורן אין די שפּאַלטן און לעכער פון די פעלזן

אין דער רעטיקאָן־קייט, וואָס איז, דאַכט זיך, געלעגן ביים אַריינגאַנג פון טאָל. אויך די וויטסטע מאַיעסטעטישע בערג־שפּיצן אין דרום פלעגן אַלעמאָל איבערשיקן שניי־גרוסן. אָבער איצט האָט נישט אויפגעהערט, נישט דער שניי, און נישט דער אָפּפאַל פון דער טעמפּעראַטור. דער הימל איז געהאַנגען אַ בלאַס־גרויער און נידעריק איבערן טאָל, איז צעגאַנגען אין שניי־עלעך, וואָס זיינען געפאַלן כּסדר און אָן אַ שאָרך, מיט אַן איבערגעטריבענער און לייכט־באַאומרויִקנדיקער שפע; פון שעה צו שעה איז טאַקע געוואָרן קעלטער. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז ביי האַנס קאַסטאָרפּן אין צימער געווען בלויז זיבן גראַד וואַרעמקייט, צומאָרגנס איז שוין בלויז געווען פינף. דאָס איז שוין געווען דער פראָסט. ער האָט זיך געהאַלטן אין אַ גרענעץ, אָבער ר'האָט זיך געהאַלטן. ס'פלעגן זיין פרעסט בלויז ביינאַכט, איצט זיינען אויך געווען פרעסט ביי טאָג פון אינדערפרי ביזן אָוונט. דערביי האָט עס געשנייט ווייטער — בלויז מיט קליינע הפסקות — דעם פערטן, פינפטן און אויך דעם זיבעטן טאָג. איצט האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ געוואַלטיקער שניי, מ'האָט זיך פשוט נישט געקאָנט מיט אים קיין עצה טאָן. דעם שפּאַצירוועג צו דער באַנק ביים טייכל האָט מען אַ ביסל אָפּגערייניקט מיט רידלעס, אויך דעם שאָסיי צום מאָל. אָבער די וועגלעך זיינען געווען צו־שמאָלע, מען האָט זיך נישט געקאָנט אויסמיידן, אַזוי, אַז ווען מ'האָט זיך צונויפגעטראָפן, האָט עמעץ געמוזט שטעלן אַ טריט אין דער קופּע שניי ביי דער זייט און איז אַריין ביז צו די קניען. עמעץ האָט געפירט ביי דעם צוים אַ פערד, צו וועלכן ס'איז צוגעשפּאַנט געווען אַ שטיינערנער וואַליק אָפּצורו'מען שניי, ר'האָט אים אַ גאַנצן טאָג געקײַלערט איבער די גאַסן פון קור־אָרט. צווישן דעם קאַסינאָ־קוואַרטאַל און דעם צפונדיקן טייל ישוב, וואָס מ'רופט „דאָרף", האָט קורסירט אַ שליטן־טראַמוויי, אַ געלער און ענלעך צו אַן אַלט־פרענקישן פּאָסט־וואָגן. פון פאָרנט איז דערצו צוגעטשעפּעט געווען אַ שניי־שופלע, וואָס האָט אַוועקגערוימט דעם שניי אין אַ זייט. די וועלט, די ענגע, הויכע אָפּגעזונדערטע וועלט דאָ אויבן, איז געלעגן דיק־אָנגעפּעלצט און אויסגעבעט, ס'איז נישט געווען קיין איין סלופּ און זייל, וואָס זאָל נישט טראָגן קיין ווייס היטל. די טרעפּ

צום פּאָרטאַל פון „בערגהאָף“ זיינען פאַ־ווישט געוואָרן, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין איין קרומער בריק. שווע־ע, קאָמיש=געפאָרמטע שניי=קישנס זיינען אומעטום געלעגן שווער אויף די סאָסנע=צווייגן. דאָ און דאָרט זיינען אַראָפּגעפאַלן שטיקער, זיך צעשיט אויף שטויב און געבליבן הענגען צווישן די ביימער, ווי אַ וואָלקן און ווייסער נעפּל. אַלע בערג אַרום זיינען געלעגן פאַרשנייט, אונטן ר׳י=באַלייגט. די שפּיצן, וואָס האָבן איז פאַרשיידענע פאָרמען אַרויסגעשטאַרט איבער דער ביימער=ספערע, זיינען געווען ווייך=באַדעקט. ס׳איז געווען טונקל, די זון איז געשטאַנען, ווי אַ בלייכע שיין הינטער אַ שלייער. אָבער דער שניי האָט צוגעגעבן אַ אומדירעקטע און מילדע ליכטיקייט, אַ מילכיקע העלקייט, וואָס האָט גוט געפּאַסט דער וועלט און די מענטשן, כאָטש די נעז זיינען רויט געווען אונטער די ווייסע אָדער קאָלירטע וואָלענע היטלען.

אין עס=זאַל, ביי די זיבן טישן, האָט מען דער עיקר געשמועסט וועגן אָנקום פון ווינטער, וואָס איז אין די דאָזיקע נעננטן די וויכטיקסטע צייט פון יאָר. ס׳זיינען אָנגעקומען אַ סך טוריסטן און ספּאָרט=לייט, האָט מען דערציילט, און ס׳זיינען פול מיט זיי די האָטעלן פון „דאָרף“ און „פּלאַץ“. מ׳האָט אָפּגעשאַצט, אַז די הויך פון אָנגעפאַלענעם שניי איז זעכציק צענטימעטער און אַז ר׳איז פון אַזאַ מין, וואָס איז ממש אַ מחיה פאַר די סקי=לויפערס. ביי דעם באָב=שליט=וועג, וואָס פירט דאָרטן פון דרום=מערבדיקן שיפּוע, פון דעם שאַצאַלפּ ביז צום טאָל, האָט מען געאַרבעט פעסט. אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער שוין געעפנט ווערן, בתּנאַי, אַז דער וואַרעמער דרום=ווינט זאָל נישט קאַליע מאַכן דעם חשבון. מ׳האָט זיך געפרייט, וואָס ס׳קומען אָן געזונטע געסט פון אונטן, וועלכע וועלן איצט ווידער אַרבעטן מעשים ביי די ספּאָרט=פיערונגען און געיעגן. כאָטש מ׳טאָר נישט, האָט מען פונדעסטוועגן בדעה געהאַט צו זיין דערביי, אַדורכשמוגלענדיק די ליג=קוראַציעס אָדער אַנטלויפן פון זיי. ס׳איז דאָ עפּעס נייס, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהערט זאָגן, אַן ערפינדונג פון צפון, סקי=קיערינג, אַ געיעג, ביי וועלכן די סקי=לויפערס וועלן געשלעפּט ווערן פון פערד. דערצו האָט מען זיך דווקא געוואָלט אַרויסכאַפּן. מ׳האָט אויך גערעדט וועגן ווייַנאַכט.

וועגן ווייַנאַכט! ניין, וועגן דעם האָט האַנס קאַסטאָרפּ נאָך נישט געטראַכט. ער האָט לייכט געקאָנט זאָגן אין שרייבן, אַז לויטן באַפעל פון די דאָקטוירים מוז ער דאָ פאַרברענגען דעם ווינטער צוזאַמען מיט יאָאַכימען. אמת, דערפון איז געדרונגען, ווי ס'ווייזט זיך איצט אַרויס, אַז ער וועט דאָ מוזן זיין אין ווייַנאַכט. פונדעסטוועגן דערשרעקט עס אָן שום ספק, דאָס געמיט, שוין צוליב דעם — כאָטש נישט אינגאַנצן צוליב דעם — וואָס ער איז נאָך אין אָט־דער צייט בכלל נישט געווען אין ערגעץ, חוץ אין דער היים, צווישן דער משפחה. גאָט אין הימל, איצט מוז מען דאָס אויך נעמען פאַר ליב. ער איז מער נישט קיין קינד. יאָאַכים האָט זיך, ווייזט אויס, אויך נישט שטאַרק איבערגענומען, נאָר אַיינגעגאַנגען דערויף אָן סענטימענטן. וואו, אַגב, און ביי וואָס פאַר אַ באַדינגונגען מ'האָט שוין אַלץ געפייערט ווייַנאַכט אויף דער וועלט!

פונדעסטוועגן האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ס'איז צו־פרי צו ריידן וועגן ווייַנאַכט פאַר דעם ערשטן אַדווענט*, ס'זיינען נאָך געווען גוטע זעקס וואָכן ביז דעמאָלט. אָבער אין עס־זאַל האָט מען זיי פאַרשלונגען און איבערגעהיפּערט: אַן אינעווייניקסטער פּראָצעס, וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך, אויף זיין שטייגער, אויסגעלערנט פאַרשטיין, כאָטש ער האָט זיך נאָך נישט צוגעוויינט צו ריידן וועגן דעם אַזוי דרייסט, ווי די אַלטע איינגעזעסענע פּאַציענטן. אַזעלכע עטאַפּן אין יאָר, ווי ווייַנאַכט־יום־טוב, זיינען פאַר זיי געווען אָנהאַלטן און טורן־מכשירים, מיט וועלכע זיי האָבן זיך פלינק דורכגעגליטשט איבער דער ליידיקער צווישן־צייט. אַגב, האָבן זיי אַלע געהאַט היץ, זייער אומזאַץ פון מאַטעריע איז געווען געהעכערט, זייער קערפּערלעך לעבן — פאַרשטאַרקט און פאַרגיכערט. ס'קאָן זיין, אַז צוליב דעם טאַקע האָבן זיי אַזוי גיך און סך־הכלדיק געוואָרפן מיט דער צייט. ער וואָלט זיך אַפילו נישט געוואונדערט, ווען מ'קוקט דאָ אויף ווייַנאַכט ווי אויף עפּעס, וואָס איז שוין אַזוי אין מ'נעמט ריידן גלייך וועגן ניי־יאָר און קאַרנאַוואַל. אָבער אויף אַזוי ווייט לייכט און אומגעזעצט איז מען נאָך אין עס־זאַל נישט גע־

* אדוועגט רופן זיך די פיר וואכן פאר ווייַנאכט.

וועז. ביי ווײנאַכט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט; ס'איז דאָ געווען אַן אָרט אויף זאָרגן און קאָפּ־ברעכעניש. מ'האָט זיך באַראָטן וועגן דער בשותפותדיקער מתנה, וועלכע מ'גיט, לויטן מנהג פון דער סאַנאַ־טאָריע, אין היילינקן אָוונט דעם שעף, הויפראַט בערענס און אויף וועלכער מ'קליבט צונויף געלט ביי אַלע. פאַראיאָרן האָט מען אים געשאָנקען אַ וואַליזע — אַזוי האָבן איבערגעגעבן יענע, וואָס זיי־נען דאָ נאָך געווען פון דעמאָלט אָן. דאָסמאָל האָט מען גערעדט וועגן אַ נייעם אָפּעראַציע־טיש, וועגן אַ מאָלער־געשטעל, וועגן אַ פוטער, וועגן אַ שאָקל־שטול, אַן עלפאַנט־ביינערן הער־רערל פון אַ „ספּעציעלער קאָנסטרוקציע". וועז מ'האָט געפרעגט סעטעמברינין, האָט האָט ער פאָרגעלייגט, מ'זאָל אים שענקען אַ לעקסיקאָגראַפיש ווערק, וואָס וועט בקרוב אַרויסגעגעבן ווערן, „די סאָציאָלאָגיע פון ליידן". דאָס איז שטאַרק געפעלן בלויז איין בוכהענדלער, וואָס זיצט זינט נישט לאַנג ביים טיש פון דער קלעפעלד. צו קיין איינשטימיקער מיי־נונג איז מען נאָך נישט געקומען. די פאַרשטענדיקונג מיט די רוסישע געסט איז צוגעגאַנגען שווער. די געלט־זאַמלונג האָט זיך גע־שפּאָלטן. די מאָסקוויטער האָבן דערקלערט, אַז זיי ווילן אַליין בע־רענסן געבן אַ מתנה. פרוי שטער איז טעג־לאַנג געווען שטאַרק אומרויק צוליב אַ געלט־עסק, צוליב צען פראַנק, וואָס זי האָט אויף אַ לייכטזיניקן אופן אויסגעלייגט פאַר דער פרוי אילטיס און יענע האָט איר „פאַרגעסן" צוריקצוגעבן. זי האָט „פאַרגעסן" — פרוי שטער האָט דאָס וואָרט אַרויסגעזאָגט יעדעס מאָל מיט אַן אַנ־דערן אַקצענט, און אַלע אַקצענטן זיינען געווען אויסגערעכנט דע־רויף, אויסצודריקן דעם טיפסטן אומצוטרוי צו פרוי אילטיסעס שלעכטן זכרון, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט רירן פון אָרט, כאָטש פרוי שטער האָט — ווי זי האָט דערציילט — איר געגעבן אַזויפיל אָנ־צוהערענישן. נישט איינמאָל האָט פרוי שטער דערקלערט, אַז זי איז איר מוחל דעם חוב און שענקט אים איר אַוועק. — כ'צאָל, הייסט עס, פאַר מיר און פאַר איר —' האָט זי געזאָגט — גוט, די חרפה איז נישט מיינע. צום סוף איז זי געפאַלן אויף אַ המצאה, וועגן וועלכער זי האָט דערציילט דעם עולם ביים טיש און אַלע האָבן אַ הנאה געהאַט: זי האָט זיך געהייסן אויסצאָלן די צען פראַנק ביי דער „פאַרוואַלטונג" און מ'זאָל עס אַרויפשטעלן דער פרוי אילטיס

איפן תשבון. דערמיט האָט זי איבערגעכיטרעוועט די פילע אילטים און אַלנפאַלס אָפּגענומען דאָס איריקע.

ס'האָט אויפגעהערט צו שנייען. אויף טייל ערטער האָט זיך אויסגעלייטערט דער הימל. גרוי־בלויע וואָלקנס זיינען זיך צעגאַנגען און די זון האָט דורכגעקוקט הורך זייערע שפּאַלטן און באַגאָסן די לאַנדשאַפט מיט אַ בלוילעך ליכט. דעמאָלט איז געוואָרן אינ־גאַנצן לויטער. ס'איז געווען אַ ריינער פראָסט, אַ ריין פעסט ווינטער־וועטער אינמיטן נאָוועמבער. די פּאַנאָראַמע הינטער דעם בויגן פון דער באַלקאָן־לאָזשע, די באַפּודערטע וועלדער, די ווייך־אָנגעפילטע שפּאַלטן, דאָס ווייסע, זוניקע טאָל אונטער דעם בלוי־צעשטראַלטן הימל, — אַלץ איז געווען הערלעך. אינאָוונט, ווען ס'האָט אויפ־געשיינט די כמעט קיילעכיקע לבנה, איז די וועלט געוואָרן, ווי פאַרכישופט און ממש וואונדערלעך. אומעטום האָבן געפינקלט קריסטאָלן, ס'האָט געבלישטשעט ווי מיט דימענטן. די וועלדער זיינען געשטאַנען ווייס און שוואַרץ. די זייטן הימל ווייט פון דער לבנה זיינען געלעגן טונקל, באַהאָפטן מיט שטערן. שאַרפע, בלטע און אינטענסיווע שאָטנס, וואָס האָבן אויסגעזען ממש תדקער און באַ־דייטנדיקער, ווי די זאַכן גופא, זיינען געפאַלן פון די הייזער, ביי־מער, טעלעגראַף־סלופּעס אויף דעם בליצנדיקן שניי. עטלעכע שעה נאָך זון־אונטערגאַנג האָט דער פראָסט געהאַלטן זיבן אָדער אַכט גראַד. די וועלט האָט אויסגעזען ווי פאַרכישופט אין אייזיקער קלאָרקייט, איר נאַטירלעכע נייעט־זויבערקייט איז געווען צוגעדעקט און ווי פאַרגליווערט אין חלום פון אַ פאַנטאַסטישן טויט־דמיון.

האַנס קאַסטאָרפּ איז ביז שפּעט אין דער נאַכט געבליבן ליגן אין זיין באַלקאָן־לאָזשע איבער דעם פאַרכישופטן טאָל, אַ סך לענ־גער פון יאָאַכימען, וועלכער איז געגאַנגען שלאָפן אַרום צען, אָדער שפּעטער מיט עטלעכע מינוט. האַנס קאַסטאָרפּס אויסגעצייכנטע ליג־שטול, מיט דער דריי־טייליקער אויסבעטונג און מיטן קישן הינ־טערן נאַקן, איז געווען הארט צוגערוקט צו דער הילצערנער באַריערע, איבער וועלכער ס'איז געלעגן געדיכט שניי. אויפן ווייסן טיש דער־נעבן האָט געברענט אַן עלעקטרייש לאָמפּל און לעבן אַ שטויס ביכער איז געשטאַנען אַ גלאָז פעטע מילך, די נאַכט־מילך, וועלכע מ'פלעגט

אַריינגעברענגען נאָך אַרום ניין אַ זייגער אין די צימערן פון אַלע פּאַציענטן אין „בערגהאָף". האַנס קאַסטאָרפּ פלעגט דאָרט אַ־ײנגיסן אַ לעק קאָניאַק, כדי זי זאָל זיין באַטעמטער. ער האָט זיך שוין באַנוצט מיט אַלע שוץ־מיטלען קעגן דער קעלט, וועלכע ער האָט נאָר געהאַט, מיט דעם גאַנצן אַפּאַראַט. ער האָט ביז איבער דער ברוסט געשטעקט אין פעלץ־זאַק צום קנעפּלען, וועלכן ער האָט געקויפט באַצייטנס אין אַ ספּעציעלן געוועלב אין קור־אָרט און אַרום אים האָט ער ערשט אַרומגעוויקלט ביידע דעקעס פון קעמל־האָר, ווי דער דין איז. דערצו האָט ער געטראָגן איבערן ווינטער־אָנצוג זיין קורצע, פעלציקע קורטקע, אויף דעם קאָפּ — אַ וואָלן היטל, פילץ־שטיוול אויף די פיס און אויף די הענט — וואַרעמע הענטשקעס. פונדעסטוועגן פלעגן פרירן די פינגער.

איינע פון די סיבות, צוליב וועלכע ער איז אַזוי לאַנג געזעסן אינדרויסן, בערך ביז האַלבער נאַכט און נאָך שפּעטער (ווען דאָס פאָרפאָלק פון שלעכטן רוסן־טיש איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק פון דער שכנותדיקער באַלקאָן־לאָזשע), איז אויך געווען די כישופדיקע שיינקייט פון דער נאַכט. בפרט נאָך, אַז ביז עלף אַ זייגער האָט זיך אַריינגעפלאָכטן אין איר מוזיק, וואָס האָט אַרויפגעשטראָמט פון נעענטער אָדער ווייטער, אין טאָל. אָבער דער עיקר האָט דאָ געווירקט פוילקייט און אויפגערעגטקייט, ביידע איינצייטיק און צוזאַמען. ס'הייסט: די פוילקייט און די שווערע מידקייט פון זיין קערפּער און די פאַרנומענקייט און אויפגערעגטקייט פון זיין גייסט, וועלכער האָט נישט געקאָנט רוען צוליב געוויסע נייע און שפּאַנענדיקע לימודים, אין וועלכע דער יונגערמאַן האָט זיך אַ־ײנגעלאָזט. דאָס שלעכטע וועטער האָט זיך געלייגט אויף אים, דער פראָסט האָט געווירקט אויף זיין אָרגאַניזם אָנשטרענגענדיק און אויסמאַטערנדיק. ער האָט געגעסן אַ סך, האָט פאַרצערט די געוואַלדיקע בערגהאָף־מיטאָגן מיט ראָסטבעף און געבראָטן גענזנס, געגעסן מיט יענעם שטאַרקן אַפּעטיט, וואָס איז דאָ, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אין ווינטער נאָך גרעסער געווען, ווי אין זומער. גלייכצייטיק פלעגט אים אָפט באַפאַלן אַ שלעפעריקייט, אַזוי אַז ער פלעגט ממש איינשלאָפן בייטאָג אָדער אין די לבנהדיקע אָוונטן ביי

די ביכער, וועלכע ער האָט שטודירט און וועגן וועלכע מיר וועלן נאָך ריידן. נאָך עטלעכע מינוט דרעמלען פּלעגט ער זיך צוריק נעמען צו זיינע פאָרשונגען. ער איז דאָ מער ווי אַמאָל אין פלאַכלאַנד געניגט געוועזן צו גיכן, האַסטיקן און געוואַגטן ריידן; די הייסע שמועסן, וועלכע ער פלעגט פאַרפירן מיט יאָאַכימען בשעת זייערע רעגולאַמין־שפּאַצירן אין שניי, האָבן אים שטאַרק אויסגעמוטשעט. מ'פלעגט אים באַפאַלן אַ קאָפּשווינדל און אַ ציטערניש, אַ געפיל פון באַטויבטקייט און שיכּורות. זיין קאָפּ פלעגט ווערן הייס. מיטן אָנקום פון ווינטער איז זיין היץ־דיאַגראַמע געשטיגן און הויפראַט בערענס האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט וועגן איינשפּריצונגען, וועלכע ער פלעגט געבן ביי עקשנותדיקער איבער־טעמפּעראַטור. צוויי דריטל פון די פּאַציענטן — צווישן זיי אויך יאָאַכים — האָבן רעגולער עס געמוזט נעמען. די געשטייגערטע וואַרעמקייט פון זיין קערפּער האָט אָבער — ווי יאָאַכים האָט געוואוסט — זיכער אַ שייכות מיט דער גייסטיקער אויפרעגונג און רירעוודיקייט, צוליב וועלכער ער פלעגט בלייבן ביז שפּעט אין דער צעפּינקלטער פראָסטיקער נאַכט אויף זיין ליג־שטול. די לעקטור, וועלכע האָט אים אַזוי צוגעצויגן, האָט אים אונטערגערוקט אַזאַ מין דערקלערונג.

מ'האָט נישט ווייניק געלייענט אין די ליג־האַלעס און אויף די פּריוואַט־באַלקאָנען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף“ — דער עיקר האָבן געלייענט ניי־אָנגעקומענע און קורץ־טערמיניקע פּאַציענטן. ווייל די פיל־חדשימדיקע אָדער פיל־יאָריקע האָבן שוין געוואוסט, ווי אַזוי אַ תּל צו מאַכן פון דער צייט אָן קאָפּאַרבעט און צעשטרייונג ביי ביכער. זיי האָבן עס געטאָן מיטן כּוח פון אַ אינעווייניקסטער ווירטואָזיטעט און האָבן אַפילו געהאַלטן דאָס קלעבן אין ביכער פאַר אַ שלים־מזלדיקייט. אויפן ערגסטן פאַל האָט געקאָנט ליגן אַ ביכל אויף דער שויס אָדער אויפן נאַכט־טישל, דאָס איז שוין זיכער גענוג געוועזן, מ'זאָל זיך פילן פאַרזאָרגט. די פּאַציענטן האָבן זיך פריי געקאָנט באַנוצן מיט דער ביבליאָטעק פון דער סאַנאַטאָריע, אַ פיל־שפּראַכיקע און מיט אַ סך איל־סטרירטע ווערק, אַ מין פאַרגרעסערטע אונטערהאַלטונג־לעקטור פון אַ דענטיסטיש וואַרט־צימער. מ'האָט אויך געקאָנט דאָ טוישן ראָמאַנען

פון דער לײַ־ביבליאָטעק אין „פלאַץ“. פון צײַט צו צײַט איז אויפגע־
קומען עפּעס אַ בוך, אָדער אַ זשורנאַל, צו װעלכן מ׳פלעגט זיך
רײַסן. אַפילו יענע, װאָס לײענען מער נישט, האָבן אויסגעשטרעקט
דערצו די הענט מיט אַן אָנשטעל פון פלעגמאַטישקייט. אין דער צײַט,
בײַ װעלכער מיר האַלטן איצט, איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט
אַ שלעכט־געדרוקט העפט, װאָס הער אַלבין האָט אַרײַנגעפירט אין
דער מאָדע. דער טיטל דערפון איז געװען: „די קונסט צו פאַרפירן“.
ס׳איז געװען זײער װערטלעך איבער־געזעצט פון פראַנצויזיש, אַפילו
דער פראַנצויזישער געבוי פון די זאַצן איז געבליבן אין דער דײַטשער
איבערזעצונג. צוליב דעם האָט די בראָשור געהאַט אין זיך אַ סך
פון „גוטן טאָן“ און פיקאַנטער עלעגאַנץ. ס׳איז דאָרטן אַנט־
װיקלט די פילאָסאָפיע פון קערפּערלעכער ליבע און תאװות לויטן
גײַסט פון אַ עלעגאַנט־לעבנספרײנדלעכן הײדנטום. פרוי שטער האָט
עס באַלד איבערגעלײענט און געהאַלטן, אַז ס׳איז „באַרױשנדיק“.
פרוי מאַגנוס, יענע, װאָס פאַרלירט אײ־װײס, האָט מיט איר פולשטענדיק
מסכּים געװען. איר מאַן, דער ביר־ברױער, האָט פון זײַן זײַט מודה
געװען, אַז ער האָט פון דער בראָשור עפּעס געלערנט. ער האָט
אָבער באַדױערט, װאָס פרוי מאַגנוס האָט אין זיך אַרײַנגעלײענט
אַזעלכע זאַכן. װײַל דאָס „צעפּיעשטשעט“ די פרױען און ברענגט אין
זײ אַרײַן אומבאַשײדענע באַגריפן. דער דאָזיקער אויסדרוק האָט
נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם חשק צום ביכל. צװישן צװײ דאַ־
מען, װאָס זײַנען אָנגעקומען אין אָקטאָבער און געמאַכט לינ־קי־
ראַציע אין דער אונטערשטער ליג־האַלע, פרוי רעדיש, דאָס װײַב
פון אַ פּױלישן אינדוסטריעלער און אַ געװיסער אַלמנה העסענפעלד
פון בערלין, איז אײנמאָל נאָך מיטאָג דערגאַנגען צו אַ מחלוקת, נאָך
דערפאַר, װײַל יעדע אײנע פון זײ האָט געטענהט, אַז זי האָט
זיך פריער געמאָלדן צו דער בראָשור. ס׳איז געװען מער װי אַ
נישט־פּאַסיקע סצענע, אײגנטלעך — אַ ברוטאַלע. האַנט קאַסטאָרפ
האָט זיך גראָד צוגעהערט דערצו פון זײַן באַלקאָן־לאָזשע. געענ־
דיקט האָט זי זיך דערמיט, װאָס אײנע פון די דאַמען — ס׳האָט
געקאָנט זײַן די רעדיש און אפשר גאָר די העסענפעלד — האָט

זיך היסטעריש צעקוויטשעט און מ׳האָט זי געמוזט אַוועקטראָגן אין איר צימער אַריין. די יוגנט האָט זיך גיכער צוגעפּאַסט צו דעם טראַקטאַט, ווי די צייטיקערע יאָרגענג. זיי האָבן עס שטודירט אָפט אין גרופּעס נאָך אָוונטברויט אין דעם אָדער אין יענעם צימער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזען, ווי דער בחור מיטן לאַנגן נאָגל האָט עס איבערגעגעבן אין עס־זאַל אַ יונגער, פריש־אָנגעקומענער ליכט־קראַנקער, פראַנצי אָבערדאַנק, אַ בלאָנד שטוב־מיידל, וועלכע די מי־טער האָט ערשט נישט לאַנג אַרויפגעבראַנגט אַהער.

אפשר זיינען אויך געווען אויסנאַמען, אפשר איך אַזעלכע, וואָס האָבן די שעהן פון ליג־קוראַציע אויסגעפילט מיט וועלכער ס׳איז ערנסטער גייסטיקער אַרבעט, מיט נוצלעכן שטודירן, אַפילו בלויז צוליב דעם, כדי אַזוי אַרום צו בלייבן פאַרבונדן מיטן לעבן אונטן, אָדער כדי צוצוגעבן דער צייט אַ ביסל וואָג און טיפ־קייט, כדי זי זאָל נישט בלייבן ריינע צייט, און מער גאָרנישט. אפשר איז געווען אַחוץ כעטעמבריניין מיט זיין שטרעבונג אויסצוראָטן די ליידן און אַחוץ דעם וואוילן יאָאַכים מיט זיינע רוסישע לערנ־ביכער נאָך איינער אָדער אַ צווייטער, וואָס האָט זיך אַזוי געפירט. אויב נישט צווישן די פּאַציענטן פון עס־זאַל — דאָס איז באמת געווען שווער צו גלויבן — קאָן זיין, צווישן די, וואָס ליגן אין בעט, אָדער די שווער־קראַנקע. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען גע־נייגט צו גלויבן דעריין. וואָס ס׳איז נוגע אים אַליין — האָט ער, בעת דער „Ocean steamships" האָט אים אויפגעהערט אינ־טערעסירן, צוזאַמען מיט זיינע ווינטער־זאַכן אויסגעשריבן פון דער היים אויך עטלעכע ביכער, וואָס האָבן אַ שייכות צו זיין פּראָפעסיע, אינזשינער־וויסנשאַפט, שיפבוי־טעכניק. אָבער די דאָזיקע בענדער זיינען איצט געלעגן אַוועקגעלייגט, ווייל ער האָט געלערנט אַנדערע. ס׳זיינען געווען לערנביכער, וואָס געהערן גאָר צו אַן אַנדער ספּע־ציאַליטעט און פאַקולטעט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט איצט חשק געהאַט צו אָט־די לימודים. ס׳זיינען געווען ווערק פון אַנאַטאָמיע, פיזיאָ־לאָגיע און ביאָלאָגיע, געשריבן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, אויף דייטש, פראַנצויזיש און ענגליש. אין איינעם אַ טאָג האָט מען זיי צוגעשיקט פון אַ ביכהאַנדלונג אין שטעטל, מסתמא דערפאַר, ווייל

ער האָט זיי באַשטעלט. ער האָט עס געטאָן אויף אייגענער אַחריות, שטילערהייט, בעת אַ שפּאַציר, װעלכן ער האָט געמאַכט קיין „פּלאַץ" אָן יאָאַכימען (יאָאַכים איז גראָד געהאַט אַװעק זיך מאַכן אײנ־שפּריצונגען, אָדער װעגן זיך). װען יאָאַכים האָט דערזען זיין קוזין האַלטן אָט־די ביכער, איז ער געװען איבערראַשט. זיי האָבן געקאָסט טייער, װי דער שטייגער ביי װיסנשאַפטלעכע ביכער. די פּרייזן זיינען געװען אָנגעשריבן אויף דער צװייטער זייט פון די טאָװלען און אויך אויף דעם שער־בלאַט. ער האָט געפרעגט, פאַר־װאָס האַנס קאַס־טאָרפּ האָט זיי נישט געליען ביים היפראַט, אויב ער װיל שוין ליי־ענען אַזעלכע זאַכן. יענער מוז דאָך זיכער האָבן אָט־די ליטעראַ־טור אין אַ גוטן אָפּקלייב. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט געענטפערט, אַז ער װיל האָבן אייגענע. דאָס לייענען איז אינגאַנצן אַנדערש, בעת דאָס בוך איז אַן אייגנס. ער האָט אויך ליב אָנצוצייכענען און אונטערצושטרייכן מיט דער בלייפעדער. שעהן־לאַנג האָט יאָאַכים געהערט פון זיין קוזינס לאָזשע דאָס געריש פון פּאַפּיר־מעסער, מיט װעלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט איבערגעשניטן די בלעטער פון די בראָשירטע בויגנס.

די בענדער זיינען געװען שװערע, נישט באַקװעם צום האַלטן. ליגנדיק האָט האַנס קאַסטאָרפּ זיי אָנגעשפּאַרט מיטן אונטערשטן ראַנד אויף דער ברוסט, איבערן בויך. עס האָט געקװעטשט, אָבער ער האָט עס גענומען פאַר ליב. מיט אַ האַלב־אָפן מויל האָט ער געפירט מיט זיינע אויגן איבער די געלערנטע זייטן, װעלכע זיינען כמעט אומנייטיק באַלויכטן געװאָרן מיט דער רויטלעכער שיין פון לעמפּל מיטן אַבאַזשור. אויפן ערגסטן פאַל װאָלט מען אויך געקאָנט ליי־ענען קעגן דעם שטאַרקן ליכט פון דער לבנה. ער האָט אַזוי לאַנג געפירט מיטן קאָפּ אַלץ נידעריקער, ביז זיין גאָמבע האָט אָנגע־רירט די ברוסט. אין דער דאָזיקער פּאָזיציע, אײדער ער האָט איבערגעהויבן דאָס פּנים צו אַ נייער זייט, פלעגט ער בלייבן אַ װיילע פאַרטראַכט, דרעמלענדיק, אָדער פאַרקלערט אין האַלבן דרעמל. ער האָט טיף אַריינגעטראַכט. בשעת די לבנה איז זיך אַזוי געגאַנגען איר אָפּגעמאָסטענעם װעג איבער דעם קריסטאַלן־צעפינקלטן טאָל צװישן די הױכע בערג, האָט ער געלייענט װעגן דער אָרגאַניזירטער

מאַטעריע, ווענן די איינגעשאַפּטן פון דער פּראָטאָפּלאַזמע, יענע עמפינדלעכע סובסטאַנץ, וואָס דערהאַלט זיך אויף אַ מאָדנע לייכט אופן צווישן אַנטשטייונג און צעפאַלונג און וועלכע געשטאַלטיקט זיך אויס פון אור-אַלטע גרונד-פאָרמען, וועלכע זיינען נאָך אַלץ קעגנווערטיק. ער האָט געלייענט מיט שטאַרקן אינטערעס וועגן לעבן און זיינע הייליק-אומריינע סודות.

וואָס איז דאָס לעבן? דאָס ווייסט מען נישט. עס איז זיך אַליין באַוואוסט, אָן שום ספק, אויב ס'איז לעבן. אָבער עס ווייסט נישט וואָס ס'איז אַליינס. באַוואוסטזיין, ווי אַ רייץ-שפּירעוודיקייט, האָט זיך דערוועקט, אָן שום ספק, אין אַ געוויסער מדרגה ביי די סאַמע נידעריקסטע, פּשוטסטע פאָרמען פון לעבן. ס'איז אוממעגלעך אָנצוקניפּן די ערשטע באַוואוסטזיניקע רעגונגען פון לעבן, אין וועלכן ס'איז פּונקט פון זיין אַלגעמיינער אָדער אינדיווידועלער געשיכטע; ס'איז אוממעגלעך צו ריידן וועגן באַוואוסטזיין, ווי וועגן דעם פּועל-יוצא פון אַ נערוון-סיסטעם. די נידעריקסטע פאָרמען פון לעבעדיקע באַשעפענישן האָבן נישט קיין נערוון-סיסטעם, בפרט נאָך, אַז זיי האָבן נישט קיין גרויס-געהירן. פונדעסטוועגן וועט קיינער נישט וואַגן צו זאָגן, אַז זיי האָבן נישט די פעיקייט צו שפּירן רייצן. מ'קאָן אויך אָט-דאָס לעבן פאַרשיכורן, דאָס לעבן גופא, נישט בלויז די באַזונדערע אָרגאַנען פון רייץ-שפּירעוודיקייט, וועלכע עס אַנטוויקלט, נישט בלויז די נערוון. ביי יעדן שטאָף, וואָס האָט אין זיך לעבן, סיי צווישן געוויקסן, סיי צווישן באַשעפענישן, קאָן מען אויף אַ געוויסער צייט צונעמען די שפּירעוודיקייט, מ'קאָן נאַרקאָטיזירן אייער און זוימען-פעדים מיט כלאָראָפאָרם, כלאָראַ-הידראַט אָדער מאָרפיום. דאָס באַוואוסטזיין פון זיך אַליין איז, הייסט עס, פּשוט אַ פונקציע פון דער לעבעדיקער מאַטעריע. ערשט ביי העכערער אַנטוויקלונג האָט די פונקציע גענומען פאַר אַן אָביעקט איר אייגענעם טרעגער, האָט אָנגעהויבן טראַכטן, פאָרשן, אַריינקלערן אין דעם פענאָמען, וואָס האָט זי אויסגעצייטיקט. עס איז אַ האָפענונגספול און איינצייטיק אַ האָפענונגסלאָז טראַכטן פונם לעבן און שטרעבונג צו זעלבסטדערקענטעניש, אַ גראָבן זיך אין זיך אַליין פון דער נאַטור, וואָס איז סוף-כל-סוף אומזיסט. וויל פון

נאַטור וועט דאָך נישט ווערן קיין דערקענטעניש און לעבן קאָן זיך אַליין נישט אונטערהערן.

וואָס איז פאָרט דאָס לעבן? קיינער ווייסט עס נישט. קיינער קאָן נישט דעם נאַטירלעכן פונקט, ביי וועלכן עס איז אַנטשטאַנען און זיך צעפלאַקערט. פון יענעם פונקט אָן איז קיין זאַך אין לעבן נישט אַנטשטאַנען פלוצלונג. אָבער דאָס לעבן אַליין איז, זעט אויס, יאָ אַנטשטאַנען פלוצלונג. אויב מ'קאָן וועגן דעם עפּעס אַרויסזאָגן, איז עס אָט־וואָס: דאָס לעבן מוז זיין אַזוי קאָמפּליצירט אין זיין געבוי, אַז אין דער אומבאַלעבטער וועלט קאָן זייט נישט געמאָלט זיין עפּעס ענלעכעס. צווישן דער אַמעבע* און דעם חוט־השדרה־באַשעפעניש** איז דער מהלך קליין, כמעט גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דעם אונטערשייד, וואָס ס'איז צווישן דער פּשוטסטער לעבנס־דערשיינונג און יענער נאַטור, וואָס איז אַפילו נישט ווערט, מ'זאָל זי אָנרופן טויט, ווייל זי איז בכלל אומאָרגאַניש. וואָרעם דער טויט איז בלויז די לאָגישע פאַרניינונג פון לעבן. אָבער צווישן לעבן און דער נישט־באַלעבטער נאַטור ליגט אַ תהום, איבער וועלכן די פאָרשונג באַמיט זיך אומזיסט אַוועקצולייגן אַ בריק. מ'באַמיט זיך צו פאַרדעקן דעם תהום מיט טעאָריעס, וועלכע ער פאַרשלינגט און ווערט דערביי אויף קיין איין האָר נישט וויניקער טיף, נישט וויניקער ברייט. כדי צו געפינען אַ צוזאַמענבונד צווישן טויטער און לעבעדיקער נאַטור, האָט מען געמוזט אויף אַן אומזיניקן אופן אָננעמען, אַז ס'עקסיסטירט סטרוקטורלאָזע לעבנס־מאַטעריע, אומאָרגאַנישע אָרגאַניזמען, וועלכע האָבן זיך אַליין איינגעבילדעט אין דער פליסיקייט פון איי־ווייס, ווי קריסטאַלן אין דעם מוטער־לויג. פאַקטיש איז די אָרגאַנישע דיפערענצירטקייט דער פאָרבאַדינג און אויסדריק פון אַלדאָס־לעבעדיקע. מ'קאָן אויך נישט אויפווייזן קיין שום לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס זאָל נישט האָבן אַנטשטאַנען דורכן פּראָצעס פון באַפרוכפערונג. דער יובל־געשריי, בעת מ'האָט פון די סאַמע

---

* דער נידעריקסטער מין באַשעפענישן, וואָס זייער קערפּער באַשטייט פון פּראָטאָפּלאַזמע און האָט נישט קיין פעסטע פאָרם.

** באַשעפענישן פון העכסטן מין.

טיפּענישן אין די ימים אַרױסגענומען אור=שלים, האָט זיך אױס=
געלאָזט מיט חרפּה. ס׳האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז אָפּזעצונגען פֿון
גיפּס האָט מען אָנגענומען פֿאַר פּראָטאָפּלאַזמע. אָבער כּדי פּאָ׳ט
זיך נישט אָפּצושטעלן בײַ אַ נס (װײַל דאָס לעבן, װאָס אַנט=
שטײט פֿון די זעלבע שטאָפֿן און צעפֿאַלט זיך אױף די זעלבע
שטאָפֿן, װאָס די אומאָרגאַנישע נאַטור, װאָלט געװען אַ נס, אויב
מ׳זאָל נישט אָננעמען, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַ שײַכות צװישן זײ בײדע),
איז מען נישט געקוקט אױף אַלעמען געצװאונגען צו גלױבן אין
אור=געבוירונג, דאָס הײסט — אין דעם, אַז דאָס אָרגאַנישע איז
אַנטשטאַנען פֿונם נישט=אָרגאַנישן, װאָס איז, אַגב, אױך אַ נס.
צוליב דעם האַלט מען אין אײן אױסקלערן צװישן=מדרגות און אי=
בערגאַנגען, מ׳איז משער די עקסיסטענץ פֿון אָרגאַניזמען, װעלכע
שטײען נידעריקער פֿון אַלע באַקאַנטע אָרגאַניזמען. אָבער פֿאַר זײ
געפֿינט מען נאָך פֿריערדיקע לעבנס=פּרוּװן פֿון דער נאַטור, „פּראָ=
ביען", װעלכע ס׳איז אוממעגלעך, עמעץ זאָל זײ זען. װײַל זײ
זײַנען קלענער פֿון אַלע מיקראָסקאָפּישע גרײסן. פֿאַר זײער היפּאָטע=
טישער אַנטשטײונג זאָל האָבן פֿאָרגעקומען דער סינטעז פֿון אײ=
װײַס=פֿאַרבינדונגען...

װאָס=זשע איז, הײסט עס, דאָס לעבן? ס׳איז װאַרעמקײט, דער
װאַרעמקײט=פּראָדוקט פֿון עפּעס, װאָס בלײַבט אין דער פֿאָרם, כאָטש
ס׳האַלט זיך אין אײן איבערבײַען; אַ פֿיבער פֿון דער מאַטעריע,
װעלכער באַגלײט דעם פּראָצעס פֿון אומאױפֿהערלעכער צעפֿאַלונג און
אַנטשטײונג, װאָס קומט פֿאָר אין דעם אומבאַשטענדיק=פֿאַרװיקלטן,
אומבאַשטענדיק=קאָמפּליצירטן מאָלעקול פֿון אײ=װײַס. ס׳איז דאָס זײַן
פֿון עפּעס, װאָס קאָן אײגנטלעך נישט זײַן, פֿון עפּעס, װאָס באַ=
לאַנסירט קוים מיט צרות זיס=װײטאָגדיק אױף דעם פּונקט פֿון עק=
סיסטענץ — בלױז צוליב דעם פֿאַרװיקלטן און פֿיבערדיקן פּראָצעס
פֿון צעפֿאַלונג און אַנטשטײונג. ס׳איז נישט מאַטעריע און ס׳איז
נישט גײַסט. ס׳איז עפּעס צװישן בײדן, אַ פֿענאָמען, װאָס װערט
געטראָגן דורך דער מאַטעריע, אַקוראַט װי דער רעגנבױגן אױף
דעם װאַסער=פֿאַל און דער פֿלאַם אױף דעם ברענענדיקן מאַטעריאַל.
אָבער װי נישט=מאַטעריעל דאָס לעבן איז, איז עס פֿונדעסטװעגן חושים=

דיק ביז תאווה און עקל, די אומשעמעוודיקייט פון דער מאַטעריע, וואָס האָט אָנגעהויבן אַליין צו שפּירן רייצונגען; די אומריינע פאָרם פון זיין. ס'איז אַ הימלעך-פילנדיק רעגן-זיך אין דער אומבאַרירטער קעלט פון קאָסמאָס, אַ תאוודיק-פאַרבאַהאַלטענער אומריינער פּראָצעס פון אײַנזאַפּונג און אויסטיילונג, אַן עקסקרעטאָרישער * אָטעם פון קוילנזויער און אַנדערע שלעכטע שטאָפן, וועגן וועלכע מ'הייסט נישט פונוואַנען זיי נעמען זיך און וואָס זיי זיינען. עס איז אַ צוואוקס, וואָס איז מעגלעך דורכן איבער-אויסגלייך פון דער אומבאַשטענדיקייט און וואָס אַנטוויקלט זיך לויט אײַנגעבוירענע אויסבילדונג-געזעצן. עס איז אַן אויסוואוקס, אַנטוויקלונג און געשטאַלטיקונג פון עפּעס אָנגעבלאָזנס, וואָס באַשטייט פון וואַסער, איי-ווייס, זאַלץ און פעטס און וואָס מ'רופט אָן פליש. עס שטרעבט צו פאָרם, צו געשטאַלט, צו שיינקייט און דערביי איז עס אין תוך זינלעכקייט און תאווה. ווארעם די דאָזיקע פאָרם און שיינקייט איז נישט אַ פּראָדוקט פון גייסט, ווי די ווערק פון דיכטונג און מוזיק, אויך נישט — פון קיין נייטראַלן שטאָף, וואָס האָט אומשולדיק אַריינגענומען אין זיך גייסט און אים פאַרקערפּערט, אַ שטיינער, ווי די פאָרם און שיינקייט פון דער פּלאַסטיק. עס איז גיכער אַ פּראָדוקט און אַ געשטאַלטיקונג פון דער סובסטאַנץ, וואָס האָט תאוודיק אויפגעוואַכט אויף אַן אומבאַקאַנטן אופן, אַ פּראָדוקט פון דער אָרגאַנישער, צעפאַלנדיק-זייענדיקער מאַטעריע גופא, אַ פּראָדוקט פון שטינקענדיקן פלייש...

דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ איז געלעגן איבער דעם צעפינקלטן טאָל, ווארעם אײַנגעהילט אין פוטער און אין וואָל. אין דער שיין פון די טויטע שטערן, אין דער העלער פראָסטיקער נאַכט איז פאַר אים אויפגעגאַנגען דאָס בילד פון לעבן. עס האָט געשוועבט פאַר אים ערגעץ אין שטח, ווייט און דאָך הושימדיק נאָענט. ס'איז געווען קערפּער, לייב, ווייסלעך-מאַט, מיט אַ ריח, אַ צעפאַרעטס, אַ קלעפּיקס, די הויט, פול מיט אומריינקייט און מיט די חסרונים, וואָס ליגן אין איר טבע, מיט פלעקן, מאָזאָליעס, וואָרצלען, ריסן

* אויסטיילנדיקער.

אין שיפּיקע ערטער, באַצויגן מיט שטראָמען און געדרייען פון רודימענטאַרן לאַנוגאָ*=פוך. אַ אָפּגעזונדערטס פון דער קעלט פון אומבאַלעבטן, איז עס געלעגן אין אַ צעפּאַרעטקייט, ווייך, דער קאָפּ אַרומגענומען מיט עפּעס קילס, האָרניקס, פּיגמענטירטס**, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון דער הויט. די הענט — פּאַרלייגט איבן נאַקן, די אויגן=דעקלעך אַראָפּגעלאָזט. עס קוקט פון דאָרטן אַרויס אויף אים מיט אויגן, וואָס זעען=אויס קרום צוליב אַ וואַרעטעט פון דער הויט, פון די אויגן=דעקלעך, מיט האַלב=צעעפנטע, אַ ביסל=אַרויסגעזעצטע ליפּן. אויף איין פוס איז עס אָנגעשפּאַרט, אַזוי אַז דער היפּט=ביין איז שטאַרק בולט פון פלייש אַרויס. די קני פון דעם צווייטן נאָכהענגענדיקן פוס, וואָס שטייט אויף די שפּיצן פינגער, איז לייכט אויסגעדרייט און טוליעט זיך צום אָנגעשפּאַרטן פוס. ס'איז אַזוי געשטאַנען, שמייכלדיק, צעדרייט, שיין אָנגעשפּאַרט, די גלאַנציקע עלנבויגנס אַרויסגעשפּיצט פאָרויס, מיט סימעטריש געבויטע גלידער און קערפּער=סימנים. די שאַרף צעפּאַרעטע חשכות פון די אַקסל=גריבער איז אין אַ מיסטישן דרייעק געווען סימעטריש מיט דער נאַכט פון דער שויס, אַקוראַט ווי די פינסטערניש פון די אויגן — צו דער רויט=הויטיקער עפענונג פון מויל און ווי די רויטע ברוסט=וואָרצלען — צו דעם נאָפּל, וואָס האָט זיך געצויגן גלייך אַראָפּ אין דער לענג. אַדאַנק דער טרייב=קראַפט פון אַ צענטראַל=אָרגאַן און פון די מאָטאָרישע נערוון, וואָס צווייגן זיך אַראָפּ פון חוט=השדרה, האָט זיך גערירט דער בויך און דער ברוסט=קאַסטן, די ברוסט= און בויך=הייל האָט זיך אָנגעבלאָזן און איינגעקאָרטשעט, דער אָטעם=הויך — אַ דערוואַרעמטער און אַ פייכט=געוואָרענער פון די שליים=הייטן פון עטעמונגס=קאַנאַל, געזאַפּטיקט מיט אויסטייל=שטאָפן— האָט אַרויסגעשטראָמט פון צווישן די ליפּן, נאָכדעם ווי ער האָט אין די לופט=קעמערלעך פון די לונגען פאַרבונדן זיין זויער=שטאָף מיט דעם העמאָגלאָבין*** פון בלוט, צוליב דער אינעווייניקסטער עטע=

* קורצע, ווייכע, וואָליקע האָר.

** געפאַרבטס.

*** פאַרב־שטאָף פון בלוט.

מונג. האַנס קאַסטאָרפּ זעט דעם דאָזיקן לעבעדיקן קערפּער מיט דער סודותדיקער סימעטריע פון זיינע אברים, וואָס זיינען גענערט מיט בלוט, דורכגעפלאָכטן מיט נערוון, וועגען, אַרטעריעס, האָר-פּילטערס, דורכגעריזלט מיט לימף. ער זעט זיין אינעווייניקסטע רושטאָוואַניע פון רעדיקע ביינער אָנגעפילט מיט פעטן מאַרך און אויך די בלאַט-שטויף-און וואָרצל-ביינער, וואָס זיינען פעסט אויסגעבויט געוואָרן פון דער אַמאָליקער שטיין-סובסטאַנץ, דאָס גאַלאַרעט-געוועב, מיט דער הילף פון קאַלך-זאַלצן און ליים, כדי צו קאָנען טראָגן אויף זיך דעם גוף. ער זעט די חללס און גליטשיק-אויסגעשמירטע היילן, די בענדער און ביינדלעך פון די געלענקען, די איבער צוויי הונדערט מוסקולן, די צענטראַלע אָרגאַנען, וואָס דינען דער דערנערונג, עטעמונג, רייץ-איבערגעבונג און רייץ-אַרויסשיקונג; ער זעט די שוץ-הויטן, סערום-היילן, אויסטייל-דריזן; זעט דעם רערן-און שפּאַלטן-סיסטעם פון דער פאַרוויקלטער אינעווייניקסטער פלאַך, וואָס איז פול מיט עפענונגען אַרויס אינדרויסן. זעענדיק דאָס אַלץ פאַרשטייט ער, אַז דער דאָזיקער „איך“ איז אַ לעבנס-איינהייט פון אַ הויכן מין, ווייט נישט, ווי ביי יענעם סאָרט גאָר פּשוטע באַשעפענישן, וואָס עטעמען, דערנערן זיך און טראַכטן אַפילו מיט דער גאַנצער איבער-פלאַך פון זייערע קערפּערס. ניין, דער דאָזיקער „איך“ איז אויפגעבויט פון אָן-אַ-שיעור אַזעלכע קליינע אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטאַמען אַלע פון איין-און-איינציקן קעמערל. ערשט דורך כסדרדיקער טיילונג, האָבן זיי זיך געמערט און געוואָרן פאַרשיידנאַרטיק, זיך געאָרדנט אין פאַרשיידענע גרופּעס, אָנגענומען אַלערליי פונקציעס, אויסגעבילדעט זיך צוועקמעסיק און אַרויסגעבראַכט יענע פאָרמען, וועלכע זיינען געווען אי דער תנאַי און אי די ווירקונג פון זייער וואַקסן.

דאָס לייב, וואָס האָט געשוועבט פאַר אים, אָט דאָס איינצלנע וועזן און דער לעבעדיקער „איך“ איז, הייסט עס, באַשטאַנען פון אָן-אַ-שיעור אָטעמענדיקע און שפּייזנדיקע אינדיווידוען. בלויז אַדאַנק דער אָרגאַנישער איינאָרדענונג און צוועקמעסיקער ספּעציאַליזאַציע האָבן זיי פאַרלוירן די אינדיווידועלע עקזיסטענץ, די פרייהייט און די אוממיטלבאַרקייט פון לעבן. זיי זיינען אויף אַזוי ווייט געוואָרן אַנאַ-

טאָמישע עלעמענטן, אַז טייל האָבן זיך בלויז באַגרענעצט אויף דער פונקציע צו שפירן די רייצן פון ליכט, קלאַנג, באַרירונג, וואַרעמקייט. אַנדערע האָבן נאָך בלויז געקאָנט צונויפקאָרטשען זיך אָדער אַרויסצוגעבן פאַרדייונגס־אויסטיילונגען. טייל ווידער האָבן זיך באַזונדערס ספּעציאַליזירט בלויז צו שיצן דעם גוף, אים אונטערצוהאַלטן, אַרויסצוגעבן זאַמען אָדער צו באַפרוכפּערן. אין דעם דאָזיקן „איך", וואָס אַליין איז אָרגאַניש פאַראייניקט, טרעפן זיך אויך לויזע פאַרבינדונגען, פאַלן, אין וועלכע גרויסע צאָלן אונטער־אינדיווידען זיינען בלויז אויף אַ לייכטן און צווייפלהאַפטיקן אופן צוזאַמענגעבונדן אין אָט דער העכערער לעבנס־איינהייט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט שטודירט און זיך געגריבלט אין די קעמערלעך־קאָלאָניעס, האָט געלערנט וועגן די האַלב־אָרגאַניזמען, אַלגן, וואָס זייערע איינצלנע קעמערלעך זיינען איינגעהילט אין גאַלאַרעט און ליגן אָפּט ווייט איינס פונעם אַנדערן. עס זיינען, וואָס אמת, באַשעפענישן, וואָס באַשטייען פון אַ סך קעמערלעך, פונדעסטוועגן, ווען זיי באַקומען לשון, וואָלטן זיי אַליין נישט געקאָנט זאָגן, צי זיי זיינען אַ נעסט פון איינקעמערלדיקע אינדיווידען, אָדער אַן איינהייטלעך וועזן. זיי וואָלטן זיך אויף אַ וואונדערלעכן אופן געקווענקלט און נישט געוואוסט, צי זיי זאָלן זיך אָנרופן „איך" אָדער „מיר". אין דעם פאַל האָט די נאַטור געוויזן אַ מיטלשטאַנד צווישן דער הויך־באַציאַלער פאַראייניקונג פון אָן־אַ־שיעור עלעמענטאַר־אינדיווידען אין געוועבן און אָרגאַנען פון אַ העכערן „איך" און — דער פרייער איינצל־עקזיסטענץ פון די פּשוטע קעמערלעך. אָט דער מין פילקעמערלדיקע אָרגאַניזמען איז בלויז אַ דערשיינונג־פאָרם פון אַ ציקלישן לעבנס־פּראָצעס, אין וועלכן דאָס לעבן שפּילט זיך אָפּ און וועלכער ציט זיך אין אַן אייביקן קרייזל פון באַפרוכפּערונג צו באַפרוכפּערונג. דער באַפרוכפּערונג־אַקט, די געשלעכטלעכע צונויפגיסונג פון צוויי קעמערלעך איז דער סאַמע אָנהייב פון יעדן פילקעמערלדיקן אינדיווידום, אַקוראַט, ווי דער באַפרוכפּערונגס־אַקט שטייט אין אָנהייב פון יעדער דורות־קייט, וואָס ציט זיך פון די איינקעמערלדיקע עלעמענטאַר־באַשעפענישן. וואָרעם אָט דער אַקט ווירקט דורך אַ סך דורות, וועלכע דאַרפן מער נישט אָנקומען צו קיין

געשלעכטלעכער צונויפגיסונג, כּדי זיך צו פאַרמערן דורך טיילונג; ביז עס קומט אַ מאָמענט, ווען די נישט־געשלעכטלעך געבוירענע דורות מוזן אויפסניי אָנקומען צו אַן אַקט פון געשלעכטלעכער צונויפשמעלצונג און אַלץ הייבט זיך ווידער אָן פון דאָסניי. אַזוי־אַרום איז דאָס קאָמפּליצירטע לעבן פון דער קעמערלעך־רעפּובליק, וואָס איז לכתּחילה אַנטשטאַנען פון צוויי צונויפגעוואַקסענע קעמערלעך, דאָס צוזאַמענלעבן פון אַ סך דורות איינקעמערלדיקע באַשעפענישן, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אומגעשלעכטלעך. די רעפּובליק פון די קעמערלעך וואַקסט צוליב דעם כּסדרדיקן טיילן־זיך. געשלאָסן ווערט דער באַפרוכפּערונג־קרייז דעמאָלט, ווען די געשלעכט־קעמערלעך (אָט יענע קעמערלעך, וועלכע האָבן זיך אויסגעגעבן לדעת ספּעציעל צום אויפשטעלן נייע דורות דורך באַפרוכפּערונג) האָבן דערפילט זייער צוועק און האָבן געפונען דעם וועג צו אַ נייער לעבן־שאַפנדיקער צונויפמישונג.

דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ איז געלעגן מיט אַ עמבריאָלאָגיע אָנגעשפּאַרט אין נריבל פון האַרץ און געלייענט וועגן דער אַנטוויקלונג פון אָרגאַניזם פון יענער רגע אָן, ווען דער זוימען־פּאָדים איז אַריין אין ווייבלעכן איי. צווישן אַ סך אַנדערע, איז ער אַריין דער ערשטער, געהאָלפן זיך מיט די בייטשנדיקע באַוועגונגען פון זיין עק, אַ שטאָך געטאָן מיטן שפּיץ־קעפּל אין גאַלאַרעט־הייטל פון איי און זיך אַריינגעבוירעט אין דעם בערגיקן בית־קיבול, וועלכן די פּראָטאָפּלאַזמע פון איי האָט אַרויסגעלאָזט קעגן אים. מ'קאָן זיך נישט אויסמאָלן קיין שום קוריאָז און שפּאַס, וועלכן די נאַטור זאָל נישט האָבן אויסגעקליבן ביים אויספירן די דאָזיקע שטענדיקע פּראָצעסן. ס'זיינען פאַראַן באַשעפענישן, ביי וועלכע דער זכר זיצט אין די געדערים פון דער נקבה, ווי אַ פּאַראַזיט. פאַראַן אַנדערע, ביי וועלכע דער באַפרוכפּערער קריכט אַריין מיטן אָרעם צו דער באַפרוכפּערטער דורך דער שלונג אינעווייניק אַריין, כּדי דאָרטן אַוועקצולייגן זיינע זוימען. באַלד דערנאָך קריכט ער פון דאָרטן אַרויס אַן אָפּגעביסענער און באַשפּיגענער אויף די פינגער; דעריבער האָט ער, אַזוי־אַרום, צעטומלט די וויסנשאַפט, וועלכע האָט אים לאַנג געהאַלטן פאַר אַ זעלבשטענדיק באַשעפעניש

און איִם אַפילו אָנגערופן מיט אַ באַזונדער גריכיש־לאַטייניש נאָ־
מען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געלייענט וועגן דער מחלוקת צווישן
דער אָוויסטישער* שול און דער אַנימאַליסטישער**. איין צד פון
זיי האָט געהאַלטן, אַז דאָס איי איז אין זיך אַ פאַרענדיקטע קליינע
זשאַבע, הונט אָדער מענטש און דער מענלעכער זוימען איז בלויז
דער אָנרעגער פון זיין וואַקסן. דער אַנדערער צד האָט געזען אין
זוימען־פאָדים, וואָס האָט אַ קאָפּ, הענט און פיס, אַ לעבעדיק באַ־
שעפעניש, פאַר וועלכן דאָס איי איז בלויז אַ דערנערונג־באָדן. צום
סוף איז מען דורכגעקומען, אַז סיי דאָס איי־קעמערל סיי דאָס זוי־
מען־קעמערל (וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט פון באַפּרוכפּערונג־קעמער־
לעך, וואָס מ׳קאָן נישט לכתחילה אונטערשיידן), האָבן אַ גלייך
חלק. ער האָט געזען, ווי דער איין־קעמערלדיקער אָרגאַניזם פון באַ־
פרוכפּערטן איי ווערט אַ פיל־קעמערלדיקער אָרגאַניזם, אַדאַנק דעם,
וואָס ער האַלט זיך אין איין קנייטשן און טיילן זיך. ער האָט
געזען, ווי די קעמערלעך גיבן זיך צונויף און ווערן אַ שליים־
הויט־בלאָנע, האָט געזען, ווי דאָס פרוכט־בלעזל זעצט זיך אַראָפּ
און בילדעט אַ מין בעכער און חלל, וואָס הייבט אָן אויפצונעמען
שפייז און צו פאַרדייען. דאָס איז די געדערים־לאַרווע, דאָס אור־
באַשעפעניש, די גאַסטרולאַ, די גרונד־פאָרם פון יעדער לעבעדיק באַ־
שעפעניש, די גרונד־פאָרם פון דער שיינקייט, צו וועלכער דאָס לייב
שטרעבט. די צוויי הויט־בלעטלעך, די אויסנווייניקסטע און די אי־
נעווייניקסטע, דאָס הויט־חושים־בלאַט און דאָס געדערים־דריזן־בלאַט,
האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פרימיטיווע אָרגאַנען. דורך אויפוויקלונג
און אָפּוויקלונג בילדן זיך פון זיי די דריזן, די געוועבן, די חושים־גע־
פעסן, די וויטערדיקע קערפּער־טיילן. איין פאַס פון אויסנווייניקסטן
פרוכט־בלאַט ווערט דיקער, וויקלט זיך איין, ווי אַ רינווע, שליסט
זיך צונויף אין אַ נערוון־רער און ווערט אַ חוט־השדרה, אַ מוח.
ער האָט אויך געזען, ווי דער פרוכט־שליים פאַרוואַנדלט זיך אין אַ
פעדעמדיק בינד־געוועב, ווערט פאַרהאַרטעוועט אין אַ ביינדל. דערביי

* פון לאַטייניש ovum = איי.

** פון לאַטייניש animal = לעבעדיק באַשעפעניש.

הערן אויף די גאַלאַרעט=קעמעלעך אויסצוטיילן מוצין* און גיבן אַרויס אַ ליים=סובסטאַנץ. ער האָט אויך געזען, ווי אויף טייל ערטער זייגן אין זיך אַריין די קעמערלעך פון די בינד=געוועבן קאַלך=זאַלץ און פעטס פון די אַרומפליסנדיקע זאַפטן און בילדן אויס דערפון ביינער. דער עמבריאָן פון מענטש ליגט אײַנגעקנײלערט און אײַנגעבויגן, מיט אַ וויידל און ס'איז אַבסאָלוט ענלעך צום עמבריאָן פון אַ חזיר. ער האָט אַן אומגעהויערן פעמפיק, מיט פאָרמלאָזע הענט און פיס, די פנים=לאַרווע געבויגן צום אָנגעבלאָזענעם בויך. דאָס ווערן פון עמבריאָן איז פאַר דער וויסנשאַפט, וואָס האָט אין די ענינים קנאַפּע און טונקעלע ידיעות, אַ מין גיכע איבערחזרונג פון אַ זאָאָלאָגישער שטאַם=געשיכטע. צייטווייליק האָט דער מענטשלעכער עמבריאָן בקזשעלעס, ווי אַ ראָך=פיש. מ'קאָן אָדער מ'מוז גאָר פון די אַנטוויקלונגס=סטאַדיעס, וואָס דער עמבריאָן האָט דורכגעמאַכט, אַרויסדרינגען, וואָס פאַר אַ נישט=הומאַניסטישע צורה ס'האָט געהאַט דער פּאַרטיקער מענטש אין אור=צייטן. זיין הויט איז געווען פול מיט צוקנדיקע מוסקולן, כדי זיך אויסצוהיטן פון די אינזעקטן, און איז געווען געדיכט באַוואַקסן מיט האָר. די שליים=הויט, אין וועלכער ס'געפינט זיך דער חוש=הריח, האָט געמוזט זיין געוואַלדיק גרויס. זיינע אָפּשטייענדיקע, באַוועגלעכע אויערן, מיט וועלכע ער האָט געשאָקלט, האָבן געשיקטער אויפגעכאַפּט אַ קלאַנג, ווי היינט. זיינע אויגן, וואָס זיינען געווען געשיצט מיט אַ דריטן דעקל, זיינען געשטאַנען זייטיק אין קאָפּ, אַחוץ דעם דריטן אויג, פון וועלכן עס איז נאָך פאַרבליבן אַ הודימענטערע דריז און וועלכע איז דעמאָלט געווען בכוח צו זען, וואָס ס'טוט זיך אין דער הייך. אין עמבריאָן איז דאָ בלויז דערפון אַ רודימענטערע דריז. דער דאָזיקער מענטש האָט, אַחוץ אַלעם, געהאַט זייער אַ לאַנגע קישקע, אַ כך באַק=ציין אין מויל, קלאַנג=טאָרבעס אין קעל צום ברילן. די מענלעכע געשלעכט=דריזן זיינען געווען פאַרבאָרגן אינעווייניק אין בויך.

די אַנאַטאָמיע האָט אָפּגעשיילט און פּרעפּאַרירט פאַר אונזער

---

* שליים=סובסטאַנץ.

פאַרשער די גלידער פון מענטשלעכן קערפּער, האָט אים געזין די איבערפלעכלעכע און די טיפע, הינטערשטע מוסקולן און בענדער: פון די שענקלען, פון פוס און אָרעמס, פון איבער-און אונטער-אָרעמס. די אַנאַטאָמיע האָט אים געלערנט די לאַטיינישע נעמען, מיט וועלכע די מעדיצין — דער שאָטן פון הומאַניסטישן גייסט — האָט זיי אויף אַ נאָבעלן און גאַלאַנטן אופן אָנגערופן און אונטערגעשיידט. זי האָט אים אויך געלאָזט אַריינדרינגען ביזן שקעלעט. די אויסבילדונג פון שקעלעט האָט אים געגעבן נייע קוקפּונקטן, דורך וועלכע ס'איז בולט געוואָרן די איינהייט פון אַלדאָס מענטשלעכע און די ענגע שייכות פון אַלע וויסנשאַפטן. וואָרעם דאָ האָט האַנס קאַסטאָרפּ זיך אָנגעשטויסן אויף זיין אייגנטלעכן (מ'מוז אפשר גאָר זאָגן: פריערדיקן) באַרוף, אויף יענעם וויסנשאַפטלעכן ראַנג, מיט וועלכן ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אָנקומענדיק אַהער (פאַר ד"ר קראָקאָווסקי און סעטעמברינין). כדי עפּעס וואָס צו לערנען — ס'איז אייגנטלעך געווען אַלץ איינס וואָס — האָט ער אין די הויך-שולן שטודירט דאָס אין יענץ וועגן סטאַטיק, וועגן בויגונגפעיקע שטיצונגען, וועגן באַלאַסטונג און וועגן קאָנסטרוקציע, וואָס גיט די מעגלעכקייט גוט אויסצונוצן דאָס מעכאַנישע מאַטעריאַל. ס'וואָלט געווען קינדיש צו מיינען, אַז די אינזשעניער-וויסנשאַפט, די כללים פון מעכאַניק זאָלן קאָנען אָנגעווענדט ווערן אויף דער אָרגאַנישער נאַטור. פונדעסטוועגן קאָן מען פונקט אַזוי ווייניק זאָגן, אַז פון דאַנען ציען זיי זייער שורש. זיי ווערן דאָ פּשוט איבערגעחזרט און פאַרשטאַרקט. דער פּרינציפּ פון הוילע צילינדערס איז אינם בוי פון די לאַנגע רעריקע ביינער אויסגענוצט אַזוי, אַז מיטן אָפּגעמאָסטענעם מינימום פון פעסטער סובסטאַנץ ווערט אינגאַנצן באַפרידיקט די סטאַטישע פאָדערונג. אַ קערפּער, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געלערנט, וואָס איז געבויט פון מעכאַניש-אָנווענדבאַרע שטאַבעס און דרענגער, כדי אויסצוהאַלטן דעם דרוק און שלעפּ, וואָס ער וועט מוזן פאַרטראָגן — וועט אויסהאַלטן די אייגענע באַלאַסטונג, ווי אַ מאַסיווער קערפּער פון דעם זעלבן שטאָף. דאָס האָט מען אויך געקאָנט זען ביי דער אַנטשטייונג פון די רערן-ביינער. פון אויסנווייניק האָט זיך קאָנצענטרירט די קאָמפּאַקטע סובסטאַנץ און היות

די אינעווייניקסטע טיילן זיינען געוואָרן מעכאַניש נישט-נייטיק, האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין פעטס-געוועבן, אין געלן מאַרך. דער אייבערשענקל-ביין איז אַ מין הייב-שטאַנג. ביי זיין קאָנסטרוקציע האָט די אָרגאַנישע נאַטור (אַדאַנק דער ריכטונג, וואָס זי האָט געגעבן די ביינער-דרענגלעך) איבערגעפירט אַקוראַט אויף אַ האָר יענע קרומע ליניעס פון שלעפ און דרוק, וועלכע דאַנס קאַסטאָרפ וואָלט געדאַרפט גענוי אָפּהיטן, ווען ער וואָלט געוואָלט אָנצייכענען אַ געצייג, וואָס דינט צו אַזעלכע צוועקן. ער האָט דאָס צוגעזען מיט הנאה, ווייל פון איצט אָן שטייט ער צום שענקל-ביין, אָדער צו דער אָרגאַנישער נאַטור בכלל אַזש אין דריי שייכותן: אין אַ לירישער, מעדיצינישער און טעכנישער. אַזוי ווייט האָט אים דאָס אַלץ אויפגעוועקט. די דאָזיקע דריי שייכותן, האָט ער געפילט, זיינען איינס אין מענטש, זיי זיינען אָפּענדערונגען פון איין און דער זעלבער שטאַרקער באַדערפעניש — הומאַניסטישע פאַקולטעטן...

ביי אַלעמען איז די טעטיקייט פון דער פראָטאָפּלאַזמע געבליבן אומדערקלערלעך. דאָס לעבן טאָר, אַפּנים, נישט משיג זיין זיך אַליין. דער גרעסטער טייל ביאָ-כעמישע פּראָצעסן זיינען נישט בלויז אומבאַקאַנט, נאָר זיי זיינען אַפילו בטבע נישט צוגענגלעך פאַר דער באַטראַכטונג. וועגן דעם בוי, וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער לעבנס-איינהייט, וואָס מ'רופט אָן „קעמערל“, ווייסט מען כמעט גאָרנישט. וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס מ'געפינט אויס די באַשטאַנדטיילן פון טויטן מוסקול? דער לעבעדיקער לאָזט זיך כעמיש נישט אויספאָרשן. שוין יענע פאַרענדערונגען, וועלכע די טויט-שטייפקייט רופט אַרויס, זיינען גענוג מבטל צו זיין דעם ווערט פון אַלע עקספּערימענטן. קיינער קאָן נישט דעם שטאָף-וועקסל, דעם מהות פון דער נערוון-פונקציע. צוליב וועלכע אייגנשאַפטן האָבן פאַרשיידענע זאַכן דעם אָדער יענעם טעם? און וואָס באַשטייען די פאַרשיידענע רעגונגען, וועלכע די שמעקנדיקע שטאָפן רופן אַרויס אין די נערוון? וואָס איז דער מהות פון שפירן ריחות בכלל? דער ספּעציפישער ריח פון מענטשן און חיות נעמט זיך דערפון, וואָס געוויסע סובסטאַנצן פאַרוואַנדלען זיך אין גאַזן. אָבער קיינער ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ סובסטאַנצן דאָס זיינען. די אויסטיילונג, וואָס ווערט אָנגערופן שווייס,

איז ווייניק קלאָר. די דריזן, וואָס גיבן אַרויס דעם שווייס, טיילן אויס אַראָמאַטן, וועלכע שפּילן ביי זייג-חיות אָן-שום-ספק אַ וויכטיקע ראָל. אָבער וועגן זייער באַדייטונג ביים מענטש ווייסט מען גאָרנישט. די פיזיאָלאָגישע באַדייטונג פון וויכטיקע קערפּער-טיילן איז נאָך אַ סוד. מ'קאָן דאָ אַרויסלאָזן דעם פּראָבלעם פון דער בלינדער קישקע, וואָס איז אַ מיסטעריע. ביי די קינגלעך איז די בלינדע קישקע אַלעמאָל פול מיט אַ מין ברײַ און ס'איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין, ווי אַזוי ער קאָן אַרויס אָדער באַנייען זיך. אָבער ווי אַזוי קאָן מען זיך דערקלערן די ווייכע און גרויע סובסטאַנץ פון קאָפּ-מאַרך, דאָס זע-בערגל, וואָס קאָמוניקירט זיך מיטן „אָפּטיקוס“ און די גרויע פאַרטיפונגען פון דער „בריק“? די סובסטאַנץ פון מוח און פון דער חוט-השדרה איז אויף אַזוי ווייט קאָמפּליצירט, אַז ס'איז גאָר נישטאָ קיין האָפענונג, מ'זאָל ווען נישט איז דערגרונטעווען איר ג.ה.ת. וואָס אַזוינס הערט אויף צו פונקציאָנירן אין דער קאָרע פון גרויס-מוח, בעת מען שלאָפט איין? וואָס שטערט, אַז דער מאָגן זאָל זיך נישט אַליין פאַרדייען, אַ זאַך, וואָס טרעפט זיך טאַקע טיילמאָל ביי געשטאָרבענע? מ'ענטפערט: דאָס לעבן, אַ ספּעציעלע ווידערשטאַנד-קראַפט פון דער לעבעדיקער פּראָטאָפּלאַזמע. דערביי מאַכט מען אַ מינע גלייך מ'וואָלט נישט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ מיסטישע דערקלערונג. די טעאָריע וועגן אַזאַ אַלטעגלעכער דערשיינונג, ווי פיבער, איז פול מיט סתירות. דער געשטייגערטער שטאָף-וועקסל איז גורם אַ שטאַרקערע פּראָדוקציע פון וואַרעמקייט אינם קערפּער. אָבער פאַרוואָס ווערט נישט פאַרגרעסערט, ווי אַלעמאָל, קאָמפּענזאַטאָריש די אַרויסגעבונג פון היץ? צי דער אָפּשטעל פון שווייס-אַרויסגעבונג נעמט זיך פון הויט-קאַרטש? דאָס געשעט, אָבער, נאָר בעת ס'שווידערט. אַחוץ דעם פאַל איז די הויט גאָר הייס. מען האַלט, אַז אין צענטראַלן נערוון-סיסטעם דאַרף מען זוכן די סיבות פונם פאַרגרעסערטן שטאָף-וועקסל און פון די פאַרענדערונגען אין דער הויט, וועלכע מ'רופט אָן אומנאָרמאַלע, ווייל מען ווייסט נישט, וואָס צו זאָגן.

אָבער וואָס פאַר אַ באַטייט האָט אָט דאָס גאַנצע נישט-וויסן אין פאַרגלייך מיט דער הילפלאָזיקייט, מיט וועלכער מ'בלייבט שטיין

פאר דער דערשיינונג פון זיכרון, אָדער פאר יענעם בריימערן און דערשטוינענדיקן זיכרון, וואָס דריקט זיך אויס אין איבערגעבן בירושה דערוואָרבענע איינגשאַפטן? אויף אַזעלכע טעטיקייטן פון דער קער־מערל־סובסטאַנץ איז לחלוטין אוממעגלעך צו געבן אַפילו אַ זכר פון מעכאַנישע דערקלערונגען. דער זוימען־פאָדים פון פאָטער, וואָס טראָגט איבער אָן־אַ־שיעור קאָמפּליצירטע מין־און אינדיווידום־איינגשאַפטן אינם ווייבלעכן איי, איז מיקראָסקאָפּיש־קליין. אַפילו דורך דער שטאַרקס־טער פאַגרעסערונג זעט ער נישט אויס אַנדערש, ווי אַ קערפּער פון אייגענעם מין און ס'איז אוממעגלעך צו באַשטימען די אָפּשטאַמונג זיינע. ער זעט אויס כמעט ביי אַלע באַשעפענישן גלייך. דאָס איז גורם דערצו, מ'זאָל אָננעמען, אַז אָט־דאָס קעמערל איז פונקט אַזוי קאָמפּליצירט, ווי דער קערפּער, וועלכער וואַקסט אַרויס דערפון; אַז דאָס קעמערל אַליין איז אַ העכערער אָרגאַניזם, וואָס איז אויך צו־נויפגעשטעלט פון לעבעדיקע קערפּערס, אינדיווידועלע לעבנס־איינהייטן. מ'מוז, הייסט עס, איבערגיין פון כלומרשט־קלענסטן צום נאָך קלע־נערן, מ'איז געצוואונגען צו צעקרישלען דאָס עלעמענטאַרע אויף נאָך עלעמענטאַרערע חלקים. ס'איז קיין ספק נישט, אַז אַקוראַט ווי די באַשעפענישן באַשטייען פון פאַרשיידענע מינים און אַקוראַט ווי דער חיהש־מענטשלעכער אָרגאַניזם באַשטייט פון אַ גאַנצן קאָמפּלעקס פאַרשיידענע קעמערלעך, אַקוראַט אַזוי באַשטייט יע־דעס קעמערל ווידער פון אַ נייעם און פאַרשיידענעם קאָמפּלעקס עלע־מענטאַרע לעבנס־איינהייטן. זייער גרייס איז טיף אונטער דער גרע־נעץ פון אַליץ, וואָס מען קאָן זען דורכן מיקראָסקאָפּ; זיי וואַקסן זעלבשטענדיק, לויטן געזעץ, אַז יעדעס פון זיי קאָן נאָר אַרויס־ברענגען אַן ענלעכס צו זיך, זיי פאַרמירן זיך און דינען לויטן געזעץ פון אַרבעט־פאַרטיילונג צוזאַמען מיט דער העכערער לעבנס־אָרדענונג פון קעמערל.

דאָס זיינען די גענען, די ביאָבלאַסטן, די ביאָפאָרן. האַנס קאַס־טאָרפּ איז געווען דערפרייט, בשעת ער האָט געלייענט וועגן זיי אין דער פּראַקטיקער נאַכט. הגם זיי האָבן אין זיך לעבן, מוזן זיי זיין אָרגאַניזירט, ווייל לעבן שטיצט זיך אויף אָרגאַניזאַציע. אָבער

אויב זיי זיינען אָרגאַניזירט, קאָנען זיי דאָך שוין ממילא נישט זיין עלעמענטאַר, ווייל אַן אָרגאַניזם איז נישט עלעמענטאַר, ער איז פיל־פאַך. זיי זיינען בלויז לעבנס־איינהייטן אין שייכות צום קעמערל, וואָס איז דורך זיי אָרגאַניש קאָנסטרויִרט. אָבער אויב ס'איז ווייטער אַזוי, מוזן זיי, נישט געקוקט דערויף, וואָס זייער קלײנקייט גייט־איבער יעדע השגה, אַליין זיין „קאָנסטרויִרט", דאָס הייסט: זיין „קאָנסטרויִרט" אָרגאַניש, ווי אַ לעבנס־סיסטעם. ווייל דער באַגריף פון לעבנס־איינהייט איז אידענטיש מיט דעם באַגריף פון זיין אויפגעבויט פון קלענערע, נידעריקערע לעבנס־איינהייטן, וועלכע שטעלן צונויף דאָס העכערע לעבן. אַזוי לאַנג ווי די חלקים זיינען אָרגאַנישע איינהייטן אין האָבן די אייגנשאַפטן פון לעבן, דאָס הייסט: די פעיִקייט צו נערן זיך, צו וואַקסן און צו פאַרמערן זיך — קאָן מען נישט באַשטימען קיין גרענעץ. אַזוי לאַנג ווי ס'גייט וועגן לעבנס־איינהייטן, איז פאַלש צו ריידן וועגן עלעמענטאַר־איינהייטן. ווייל דער באַגריף פון איינהייט שליסט איין אין זיך ad infinitum[*] דעם מיטבאַגריף פון קלענערע קאָנסטרויִרנדיקע איינהייטן. קיין עלעמענטאַר לעבן, דאָס הייסט: עפּעס אַזוינס, וואָס איז שוין לעבן און איז דאָך עלעמענטאַר, קאָן נישט געמאָלט זיין.

אָבער נישט געקוקט אויף דער לאָגישער אוממעגלעכקייט, מוז סוף־כל־סוף פאָרט זיין עפּעס אַזוינס. וואָרעם די אידעע פון אור־געבורט, דאָס הייסט: די אַנטשטייונג פון לעבן אויס דעם נישט־לעבנדיקן, לאָזט זיך פאָרט נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. יענער תהום, וועלכן מ'קאָן בשום־אופן נישט אויספילן אין דער אויסנווייניקסטער נאַטור, ד. ה. דער תהום צווישן לעבן און נישט־לעבעדיקן, מוז אין דער אָרגאַנישער אינעווייניקדיקייט פון דער נאַטור ווי־ס'איז אויסגעפילט ווערן; אָדער עס מוז איבער אים איבערגעוואָרפן ווערן אַ בריק. ערגעץ־וואו מוז די טיילונג דערפירן צו אַזעלכע „איינהייטן", וואָס זיינען טאַקע צונויפגעשטעלט, פונדעסטוועגן — נאָך נישט אָרגאַניזירט, צו עפּעס אַזוינס, וואָס פאַרמיטלט צווישן לעבן און נישט־לעבן, צו אַזעלכע מאָלעקול־גרופּעס, וואָס בילדן דעם

* ביז צו דער אומענדלעכקייט.

איבערגאַנג צווישן לעבן און טויטער כעמיע. אָבער ווען מ'האַלט שוין ביים כעמישן מאָלעקול, געפינט מען זיך אויפסניי פאַר אַ תהום, וואָס איז אַ סך מיסטעריעזער, ווי דער תהום צווישן אָרגאַנישער און נישט־אָרגאַנישער נאַטור: נאָענט צום תהום, וואָס שטייט צווישן דעם מאַטעריעלן און נישט־מאַטעריעלן. וואָרעם דער מאָלעקול איז צו־נויפגעשטעלט פון אַטאָמען און דער אַטאָם איז ווייט נישט אויך אַזויפיל גרויס, מ'זאָל אים קענען באַצייכענען פאַר אויסערגעוויינ־לעך קליין. ער איז אויך אַזוי הייט קליין, אַזוי ווייט אַ ווינציקע, פריע און איבערגענגלעכע קאָנצענטרירונג פון אומשטאָפּלעכן, פון נאָך־נישט־שטאָפּלעכן, אָבער שוין שטאָף־ענלעכן, פון ענערגיע, — אַז מ'קאָן זיך אים פאָרשטעלן קוים פאַר שוין מאַטעריעל, אָדער קוים פאַר נאָך מאַטעריעל; גיכער — פאַר אַ מיטלפונקט און גרע־נעץ־פונקט צווישן מאַטעריעלן און דעם אוממאַטעריעלן. דאָ אַנט־שטייט אַ פּראָבלעם פון אַן אַנדערער אור־געבורט, וואָס איז אַ סך מער רעטעניש, ווי די אָרגאַנישע אור־געבורט: ס'איז די אור־געבורט פון שטאָף אויס דעם אומשטאָפּלעכן. פאַקטיש פאָדערט דער תהום צווישן מאַטעריע און נישט־מאַטעריע פונקט אַזאַ נייטיקע און אפשר נאָך נייטיקערע אויספילונג, ווי דער תהום צווישן אָרגאַנישער און נישט־אָרגאַנישער נאַטור. מ'מוז אָנקומען דערצו, אַז ס'איז פאַראַן אַ כעמיע פון אוממאַטעריעלע, אומשטאָפּלעכע פאַרבינדונגען, פון וועלכע ס'אַנטשטייט שטאָף, אַקוראַט ווי די אָרגאַניזמען אַנטשטייען פון נישט־אָרגאַנישע פאַרבינדונגען. די אַטאָמען דאַרפן פאָרשטעלן די פּראָביען און מאָנערן* פון דער מאַטעריע, בטבע אי יאָ שטאָפּ־לעך, אי נאָך נישט. אָבער קוים דערגייט מען צו עפּעס, וואָס „איז אַפילו שוין נישט קליין", גליטשט זיך אַרויס יעדע מאָס. „אַפילו מער נישט קליין" איז דאָס אייגענע ווי „אומגעהייער גרויס". דער טריט צום אַטאָם ווייזט זיך דערפאַר אַרויס אָן שום גוזמא פאַר געפערלעך: וואָרעם אין דער רגע, ווען דאָס מאַטעריעלע ווערט צעטיילט און פאַרקלענערט ביזן סאַמע לעצט — צעעפנט זיך פלוצ־לונג דער אַסטראָנאָמישער קאָסמאָס!

* אור־באַשעפענישן.

דער אַטאָם איז אַ קאָסמישער סיסטעם, אָנגעלאָדן מיט ענערגיע; וועלט־קערפּערס דרייען זיך דאָרטן אין אַ ווילד געיעג אַרום אַ צענטרום, ווי אַרום אַ זון. אין זיין עטערישן חלל לויפן אַרום מיט דער געשווינדקייט פון ליכט־יאָרן קאָמעטן, וועלכע ווערן געשטויסן דורכן כוח פון דעם צענטראַלן קערפּער אויף זייערע עקסצענטרישע וועגן. דאָס איז אַקוראַט אַזוי נישט אַ בלויזער פאַרגלייך, ווי ס'איז נישט קיין בלויזער פאַרגלייך, ווען מ'רופט אָן דעם קערפּער פון אַ פיל־קעמערלדיקן אָרגאַניזם „מלוכה פון קעמערלעך“. די שטאָט, די מלוכה, יעדע סאָציאַלע געמיינשאַפט, וואָס איז געבויט לויטן פּרינציפּ פון אַרבעט־פּאַרטיילונג, איז נישט בלויז געגליכן צום אָרגאַנישן לעבן, זי חזרט אויך איבער אָט־דאָס לעבן. פּונקט אַזוי חזרט זיך איבער די אינעווייניקייט פון דער נאַטור, אין דער טיפסטער אָפּשפּיגלונג פון דער מאַקראָקאָסמישער* שטערן־וועלט, וואָס אירע מחנות און גרופּעס פיגורן שוועבן איצט — בלייכע פון דער לבנה — איבער דעם קאָפּ פון אײַנגעפּאַקטן האַנס קאַסטאָרפּ און איבערן גאַנצן פּראָסטיק־צעפּינקלטן טאָל. צי איז נישט דערלויבט צו טראַכטן, אַז געוויסע פּלאַנעטן פון אַטאָמישן זון־סיסטעם (אָט־די מחנות און מילך־וועגן פון די זון־סיסטעמען, וואָס קאָנסטרויִרן די מאַטעריע), אַז דער אָדער יענער פון די אַטאָמישע וועלט־קערפּערס געפינט זיך אין אַ מצב, וואָס איז געגליכן צו דעם מצב פון אונזער ערד און אַז ס'זיינען דאָרטן דאָ מעגלעכקייטן פאַר לעבן? פאַר אַ יונגן אַדעפּט מיט היץ, וועלכע קומט פון צענטראַלן נערוון־סיסטעם און פון אַ נישט נאָרמאַלער הויט־אייגנשאַפט, פאַר אַזאַ איינעם, וואָס האָט שוין געהאַט נישט איין דערפאַרונג אויפן געביט פון אומדערלויבטן, איז דאָס געווען נישט בלויז אַ מעגלעכע זאַך, נאָר אַפילו אַ נאָענטע ביז צודרינגלעכקייט גאָר איבערצייגנדיקע ספּעקולאַציע און לאָגישע רעדוקציע. די „קליינקייט“ פון אָט־דעם אַטאָמישן פּלאַנעט וואָלט דאָ גאָר קיין טענה נישט געווען. וואָרעם די מאָס פון גרויס און קליין איז בטל געוואָרן תיכּף, ווי ס'איז קלאָר געוואָרן דער קאָסמישער כאַראַקטער פון די „קלענסטע“ שטאָף־טיילן. אויך די באַגריפן פון „אויסנווי-

* מאַקראָקאָסמאָס (גריכיש) = די גרויסע וועלט, דער וועלט־בנין.

ביק" און „אינעווייניק" האָבן דערביי פאַרלוירן זייער פעסטקייט. די וועלט פון אַטאָם איז אַ דרויסן, פונקט ווי אונזער פלאַנעט ערד איז מסתמא זיכער אַ טיפע אינעווייניקייט, אויב מ׳נעמט עס פון אַ אָרגאַנישן שטאַנדפונקט. צי האָט דען נישט אַ פאָרשער גערעדט מיט פאַנטאַסטישער דרייסטקייט וועגן „מילך-וועג-באַשעפעניש", וועגן קאָסמישע ריזן-היות, וואָס זייער פלייש, ביינער און געהירן זיינען געבויט פון זון-סיסטעמען? אָבער אויב ס׳איז אַזוי, ווי האַנס קאַסטאָרפ האָט געטראַכט, דעמאָלט הייבט זיך אַלין אָן אויפסניי גראָד דאָרטן, וואו מ׳מיינט, אַז מ׳איז שוין געקומען צום סאַמע סוף. אויב אַזוי, איז מעגלעך, אַז אינעווייניק און אין סאַמע אינעווייניקסטן פון זיין נאַטור ליגט אפשר נאָכאַמאָל ער אַליין, נאָכאַמאָל, אָדער נאָך הונדערט מאָל, וואַרעם איינגעהילט, אין אַ באַלקאָן-לאָזשע מיט אַן אַרויסקוק אין דער לבנהדיקער פראָסטיקער בערג-נאַכט און ער שטודירט צוליב הומאַניסטיש-מעדיצינישער איבערגענומענקייט מיט געפרוירענע פינגער און מיט אַ הייס פנים דאָס לעבן פון קערפער?

קעגן רויטן שיין פון נאַכט-לעמפל איז געשטאַנען זייטיק אָנגעשפאַרט אַ באַנד פון פאַטאָלאָגישער אַנאַטאָמיע. אין דעם אילוסטרירטן טעקסט האָט ער געלערנט וועגן דעם מהות פון פאַראַזיטישע קעמערלעך-פאַראייניקונג און וועגן אינפעקציע-געשווירן. דאָס זיינען געוועב-פאָרמען, און טאַקע באַזונדערס געדיכטע געוועב-פאָרמען. זיי ווערן אַרויסגערופן צוליב דעם, וואָס ס׳דרינגען אַריין פרעמדע קעמערלעך אין אַן אָרגאַניזם, וועלכער איז גענייגט זיי אויפצונעמען און וועלכער גיט אויך וואָס-פאַר-ס׳איז אופן (כאָטש מ׳וואָלט געדאַרפט זאָגן: אויף אַ צעלאָזענעם אופן) גוטע באַדינגונגען פאַר זייער אַנטוויקלונג. דער עיקר שאַדט נישט דאָס, וואָס דער פאַראַזיט נעמט צו ביי די אַרומיקע געוועבן די נערונג. ניין, אויסער דעם שאַפט ער — בעת עס קומט פאָר, ווי ביי יעדן קעמערל, אַ שטאָף-וועקסל — אַזעלכע אָרגאַנישע פאַרבינדונגען, וועלכע זיינען פאַר די קעמערלעך פון אויפנעמענדיקן אָרגאַניזם געוואַלדיק גיפטיק און מאַכן פון זיי זיכער אַ תל. ס׳איז געלונגען פון אייניקע מיקראָ-אָרגאַניזמען אויסצוטיילן די טאַקסין*-שטאָפן און זיי צו לאָזן פאַרגליווערט ווערן.

* גיפט-שטאָפן.

פון די דאָזיקע שטאָפן, וואָס געהערן פשוט צו דער ריי פון אי-הויים-
פאַרבינדונגען, האָט מען אַריינגעלאָזט די סאַמע קלענסטע דאָזעס אין
בלוט פון פאַרשיידענע באַשעפעניש'ן און מ'איז באמת דערשטוינט גע-
וואָרן פון זייער געפערלעכער גיפטיקייט און כוח אַ תל צו מאַכן
פון לעבעדיקע אָרגאַניזמען. דער אויסגעווייניקסטער סימן פון דער
דאָזיקער קאָרופּציע איז די אויפגעבלאָזנקייט פון די געוועבן, די
פּאַטאָלאָגישע געשווירן, אייגנטלעך די רעאַקציע פון די קעמערלעך
אויף דעם רייץ, וואָס זיי באַקומען פון די באַצילן, וואָס האָבן
זיך אַריינגעכאַפּט צווישן זיי. ס'בילדן זיך אויס גולקעלעך גרייס, ווי
הירזש-קערנדלעך; די גולקעלעך באַשטייען פון קעמערלעך, וואָס זיי-
נען ענלעך צו שליים-הויט-געוועבן. צווישן זיי אָדער אין זיי נעסטן
זיך די באַצילן. טייל פון זיי זיינען זייער רייך אין פּראָטאָפּלאַזמע,
זיינען ריזיק-גרויס און ס'זיינען דאָ אין זיי אַ סך קערנס. אָבער די
דאָזיקע שפע דערפירט באַלד צו אַ חורבן. ווייל אָט הייבן אָן די
קערנס פון די ריזיקע קעמערלעך זיך איינצושרומפן און זיך פונאַנ-
דערצופאַלן, זייער פּראָטאָפּלאַזמע ווערט געריננען. די פרעמדע ריי-
צונג כאַפּט אַרום אַלץ ווייטערדיקע געוועב-טיילן. די אָנטצינ-
דונג-פּראָצעסן פאַרברייטערן זיך און ציען אַריין די שכנותדיקע גע-
פעסן אין דער קרענק. ווייסע בלוט-קייקעלעך קומען אָן, כדי זיך
קעגנצושטעלן די מתנות שונאים. דערווייל ווערט כסדר געריננען פּראָ-
טאָפּלאַזמע און זי שטאַרבט אָפּ. בינו-לבינו באַרויש'ן די צעלאָזענע
באַקטעריע-גיפטן די נערוון-צענטרען. דער אָרגאַניזם באַקומט היץ
און ער גייט אַקעגן דעם טויט מיט אַ צעוויגטער ברוסט, אַזוי צו
זאָגן.

אויף אַזוי ווייט — די פּאַטאָלאָגיע, די וויסנשאַפט פון דער
קראַנקהייט, די באַטאָנונג פון דעם ווייטאָג אין קערפּער, וואָס איז —
אויף חילוק ס'איז באַטאָנונג פון קערפּערלעכן — אויך אַ באַטאָנונג
פון לעבנס-חשק. קראַנקהייט איז די אומריינע פאָרם פון לעבן. און
דאָס לעבן גופא? איז עס אפשר אויך בלויז אַן אינפעקציעזע
קראַנקהייט פון דער מאַטעריע? פונקט ווי דאָס, וואָס מ'רופט-אָן
אור-געבורט פון דער מאַטעריע, איז נאָר אַ קראַנקהייט, אַ צערייי-
צונג פון דעם אוממאַטעריעלן? דעם ערשטן טריט צום שלעכטן,

צו תאַווה און טויט דאַרף מען אָן שום ספק זען דאָרטן, וואו דאָס גייסטיקע האָט זיך דאָס ערשטע מאָל צונויפֿגעקנאָדערט צוליב דעם קיצל פֿון אַן אומבאַקאַנטער אינפֿילטראַציע*, דאָרטן, וואו ס'האָט זיך געשאַפֿן יענע פּאַטאָלאָגישע, פּאַראַזיטישע געשוויר אין זיין געוועב, וועלכע איז געווען האַלב פֿאַרגעניגן, האַלב פֿאַרטיידיקונג און אַזוי־אַרום געבילדעט די עלטסטע פֿאָר־מדרגה פֿון סובסטאַנציעלן, דעם איבערגאַנג פֿון אומשטאָפֿלעכן צום שטאָפֿלעכן. דאָס איז געווען די ערשטע זינד. די צווייטע אור־געבורט, די געבורט פֿון אָרגאַנישן אים דעם נישט־אָרגאַנישן איז געווען בלויז נאָך אַ שטייגערונג פֿון קערפּערלעכקייט צו באַוואוסטזיין, אַקוראַט ווי די קראַנקהייט פֿון אָרגאַניזם איז אַ באַרוישנדיקע שטייגערונג און נישט־פֿיינע באַטאָנונג פֿון זיין קערפּערלעכקייט. דאָס לעבן איז געווען בלויז נאָך איין ווייטערדיקער טריט אויף דעם אַוואַנטורישן וועג פֿון פֿאַרשוועכטן גייסט, אַ רעפֿלעקס פֿון בושה־ברען אין דער מאַטעריע, וואָס איז אויפֿגעוועקט געוואָרן צו פֿילעוודיקייט און וואָס איז נאָך פֿון פֿריער געווען אויפֿנאַם־פֿעיק פֿאַר דער דאָזיקער וועקונג...

די ביכער זיינען געלעגן אָנגעוואָרפֿן אויף דעם טישל, איינס איז געלעגן אויף דער ערד, לעבן דער ליג־שטול, אויף דער ראָגאָזשע פֿון באַלקאָן. דאָס בוך, וועלכעס האַנס קאַסטאָרפּ האָט געלייענט צום לעצט, איז אים געלעגן אויפֿן בויך און געקוועטשט, אים שטאַרק פֿאַרשווערט דעם אָטעם. פֿונדעסטוועגן האָט די מוח־שאָל נישט געגעבן קיין באַפֿעל די מוסקולן, זיי זאָלן עס באַזייטיקן. ער האָט איבערגעלייענט די זייט ביז אַראָפּ, זיין גאָמבע איז צוגעקומען ביז דער ברוסט, די אויגן־דעקלעך זיינען אַראָפּגעפֿאַלן איבער זיינע תמימותדיקע בלויע אויגן. ער האָט געזען דאָס בילד פֿון לעבן, זיין בליענדיקן גלידער־געבוי, די שיינקייט, וואָס ווערט געטראָגן הורכן לייב. זי האָט אַוועקגענומען די הענט פֿון נאַקן. אירע צעעפֿנטע אָרעמס (אויף דער אינעווייניקסטער זייט ווייכער, באַזונדערס אונטער דער צאַרטער הויט פֿון די עלנבויגן־געלענקען, האָבן זיך בלוילעך אָפּגעצייכנט די בלוט־געפֿעסן, די צווייגן פֿון די גרויסע

---

* צריינדרינגען, אריינשטראָמען.

ווענען) זיינען געווען אומבאַשרייבלעך זיס. זי האָט זיך צוגעבויגן, צוגעבויגן זיך צו אים, איבער אים, ער האָט געשפּירט איר אָרגאַנישן ריח, געשפּירט דעם שפּיציקן קלאַפּ פון איר האַרץ. אַ הייסע צערט־לעכקייט האָט אַרומגענומען זיין האַלז. און בשעת ער האָט — אַ פּאַר־זונקענער אין תענוג און שרעק — אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף אירע אָרעמס, דאָרט, וואו די קערניקע הויט (וואָס איז איבערגעצויגן איבערן triceps) איז שמעקעדיק־קיל — האָט ער דערפילט אויף זיינע ליפּן דאָס פייכטע אַיינזויגן זיך פון איר קוש.

---

## טויטנטאַנץ

קורץ נאָך ווייַנאַכט איז געשטאָרבן דער אַריסטאָקראַט... אָבער פריער איז געפייערט געוואָרן ווייַנאַכט, אָט־די צוויי יום־טוב־טעג, אָדער די דריי, אויב מ'זאָל צורעכענען אויך דעם הייליקן אָוונט. אָט־די דריי טעג האָט האַנס קאַסטאָרפּ אויסגעקוקט מיט אַ געוויסער שרעק און ספקדיקער אָפּוואַרטונג. ער האָט אַלץ נישט געוואוסט, ווי אַזוי זיי וועלן דאָ אויסזען. פאַקטיש זיינען זיי געקו־מען און אַדורך נישט אַנדערש, ווי אַלע אַנדערע טעג — כ'איז פרימאָרגן, מיטאָג, אָוונט. דאָס וועטער איז געווען אַ מיטלס און דער שניי איז אַ ביסל צעגאַנגען, אויך נישט אַנדערש ווי אַלע טעג. אויסערלעך זיינען די טעג געווען אַ ביסל שענער און יום־טובדיקער און אין משך פון זייער אָפּגעמאָסטענער צייט געווירקט מיט זייער עקסיסטענץ אויף די קעפּ און די הערצער פון עולם. שפּעטער, אַז זיי זיינען אַריבער, האָבן זיי איבערגעלאָזט אַ זכר פון נישט־וואָכעדיקייט און זיינען געוואָרן פאַרגאַנגענהייט — פריער אַ נאָענטע און דערנאָך אַ ווייטע...

דעם הויפראַטס זון, וואָס האָט געהייסן קנוט, איז געקומען אויף די פעריען צו־גאַסט און געוואוינט ביי זיין פאָטער אין זייטיקן פליגל. ער איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן, אָבער דער נאַקן איז אויך ביי אים שוין געווען אַ ביסל צופיל אַרויסגעזועצט. מ'האָט גע־שפּירט אין דער אַטמאָספער, אַז דער יונגער בערענס איז דאָ. די דאַמען האָבן מער ווי אַלעמאָל אַרויסגעוויזן חשק צו לאַכן, צו

פּוצן זיך און זיי זיינען געווען אויפֿגערעגט. מ'האָט כסדר געשמועסט וועגן באַגעגענישן מיט קניטן — אין גאָרטן, אין וואַלד אָדער אין קאַסינאָ=קוואַרטאַל. אַגב, זיינען בײַ אים אַליין געווען געסט: ס'איז געקומען צו אים אַ גרופּע אוניווערסיטעט=חברים, זעקס אָדער זיבן סטודענטן, וואָס האָבן געוווינט אין שטעטל, אָבער זיי האָבן געגעסן מיטאָגן בײַם הויפּראַט און אַלע צוזאַמען אין אַ חבֿריא אַרומגעוואַנדערט איבער דער געגנט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיי אויסגעמיטן. ער צוזאַמען מיט יאָאַכימען האָבן אויסגעמיטן די יונגעלײַט, און געווייכט פֿון זיי, ווען ס'איז אויסגעקומען זיך מיט זיי צונויפֿטרעפֿן. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען אַן אייגענער דאָ אויבן, און אַ גאַנצע וועלט האָט אים אָפּגעשיידט פֿון אָט=די זינגערס, וואַנדערער און וואוילע=יונגען. ער האָט פֿון זיי נישט געוואָלט הערן און וויסן. אַחוץ דעם האָט ס'רובֿ פֿון זיי, דאַכט זיך, געשטאַמט פֿון צפֿון, גאַנץ מעגלעך, אַז ס'זיינען דאָרטן געווען האַמבורגער אויך און האַנס קאַסטאָרפּ האָט געפֿילט די גרעסטער מורא פֿאַר היימישע. ער האָט אַפֿילו אָפֿט געטראַכט מיט עגמת=נפֿש וועגן דער מעגלעכקייט, ס'זאָל אָנקומען אַהער, אין „בערגהאָף" אַ האַמבורגער, בפֿרט נאָך, ווען בערענס האָט געזאָגט, אַז די דאָזיקע שטאָט שטעלט צו דער סאַנאַטאָריע אַ היפּשן קאָנטינגענט. אפֿשר זיינען געווען עטלעכע צווישן די שווער=קראַנקע אין מכּוֹן=שלאָפֿע, וועלכע מ'זעט נישט. פֿון יענער געגנט האָט מען בלויז געזען איינעם, אַ סוחר מיט אײַנגעפֿאַלענע באַקן, וואָס איז זינט עטלעכע וואָכן געזעסן בײַ פֿרוי אילטיסעס טיש און וואָס האָט געוואָלט שטאַמען פֿון קוקסהאַווען. טאַקע דערפֿאַר האָט האַנס קאַסטאָרפּן אַזאַ הנאה געטאָן, הלמאַי ס'איז אַזוי שווער צו קומען אין באַרירונג מיט מענטשן פֿון אַנדערע טישן און אויך דערפֿאַר, וואָס זיין געגנט איז אַזאַ גרויסע און האָט אַזויפֿיל פֿאַרשיידענע ספֿערן. דער פֿאַקט, וואָס אָט=דער סוחר איז געווען אַזוי גלײַכגילטיק צו אים, האָט אין אַ גרויסער מאָס געמינערט זיין זאָרג און שייכות צום אָנקומען פֿון האַמבורגער פּאַציענטן.

בקיצור, דער היילקער אָוונט האָט זיך דערנענטערט, אין איינעם אַ טאָג איז ער שוין געשטאַנען בײַ דער שוועל און צו=מאָרגנס

איז ער שוין דאָ געווען. דעמאָלט, ווען האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געוואונדערט, הלמאַי מ'רעדט שוין וועגן ווייַנאַכט, איז נאָך געווען היפּשלעך זעקס וואָכן צייט צו יום-טוב; לויטן חשבון גענומען — אַזויפיל צייט, וויפיל ס'האָט געדויערט פון זיין אָנקומען, ביז ער איז אויפגעשטאַנען פון בעט. נישט געקוקט דערויף, איז עס דעמאָלט געווען אַ מאַסע צייט, באַזונדערס — די ערשטע העלפט, אַזוי האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּן שפּעטער אויסגעדאַכט. דערפאַר אָבער האָבן אָט-די זעקס וואָכן, וואָס האָבן לויטן חשבון געדויערט אַקוראַט ווי יענע, געהאַט גאָר אַ קליינעם באַטייט, כמעט גאָרנישט. דער עולם פון עס-זאַל — האָט ער דערנאָך זיך איבערצייגט — איז גערעכט געווען, וואָס זיי האָבן זיי גענומען אַזוי לייכט. זעקס וואָכן — אַפילו נישט אַזויפיל, וויפיל ס'זיינען דאָ טעג אין דער וואָך. וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס געהאַט לגבי דער פראַגע: וואָס איז דאָס בכלל אַזוינס אַ וואָך, אַ ריידל פון מאָנטאָג ביז זונטאָג און ווייטער אַזוי. מ'דאַרף זיך בלויז מער אָפּשטעלן אויף דעם ווערט און באַטייט פון דער קלענערער צייט-מאָס, כדי צו פאַרשטיין, אַז די סומירונג פירט נישט אַ סך ווייטער; אַז דער סך-הכל פאַרקירצט נאָך, פאַרווישט, מאַכט אײַנשרומפּן. וואָס איז געווען אַ טאָג, אויב מ'זאָל רעכענען פון דער מינוט, ווען מ'זעצט זיך עסן מיטאָג ביז דעם זעלבן מאָמענט אין פיר-און-צוואַנציק שעה אַרום? גאָרנישט — כאָטש ס'גייען אַריבער פיר-און-צוואַנציק שעה. און וואָס איז אַ שעה, וועלכע מ'פאַרברענגט אויף ליג-קוראַציע, אויף אַ שפּאַציר, אָדער בײַם עסן — די איינציקע זאַכן, וועלכע פאַרנעמען נישט מער צייט? ווידער-אַמאָל גאָרנישט. אָבער דער סך-הכל פון אַ סך מאָל גאָרנישט האָט בטבע אַ קנאַפּן ווערט. גאָר ערנסט איז געוואָרן דער ענין פאַרקערט, בעת מ'האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו די כאַמע קלענסטע צייט-מאָסן. יענע זיבן מאָל זעכציק סעקונדן, ווי לאַנג מ'דאַרף האַלטן דעם טערמאָמעטער צווישן די ליפּן, כדי צו קאָנען ווייטער פירן די דיאַגראַמע — גראָד זיי זיינען געווען הויערנדיק און וואָגיק. זיי זיינען זיך צעוואַקסן אין אַ קליינער אייביקייט, האָבן געבילדעט אַ געשלאָסענעם קרייז פון העכסטער סאָלידקייט אין דעם שטענדיקן פאַרביילויף פון דער גרויסער צייט...

דער יום־טוב האָט כמעט נישט געשטערט דעם לעבן פון בערגהאָף. נאָך מיט עטלעכע טעג פריער האָט מען געהאַט אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן יאָדלע־בוים אין דער רעכטער שמאָלער זייט פון עס־זאַל, ביים שלעכטן רוסן־טיש. זיין ריח, וואָס פלעגט זיך טיילמאָל דורכרייסן דורך די ריחות פון די שפייזן, האָט אַריינגערופן אַ מין פאַרקלערטקייט אין די אויגן פון טייל פאַציענטן ביי די זיבן טישן. ביים אָוונט־עסן אין 24טן דעצעמבער איז דער בוים שוין געווען רייך באַצירט מיט לאַמעטטאַ*, גלעזערנע באַלנס, גאָלדיקע שישקעס, קליינע עפּעלעך, וואָס האָבן געהאַנגען אין נעצן און מיט כלערליי קאָנפעקטן. אין משך פון דער מאָלצייט און שפּעטער האָבן געברענט די פאַרביקע וואַקס־ליכט. אויך אין די צימערן פון יענע, וואָס ליגן אין די בעטן, זיינען געשטאַנען ביימלעך און ס'האָבן געברענט ליכט — אַזוי האָט מען געשמועסט. אין יעדן צימער באַזונדער. אין די לעצטע טעג איז אָנגעקומען מיט דער פּאָסט אַ סך פּאַקעטן. אויך יאָאַכים צימסען און האַנס קאַסטאָרפּ האָבן באַקומען פּאַקעטן פון דער ווייטער און טיפער היים, גוט פאַרפּאַקטע מתנות, וועלכע זיי האָבן אויסגעלייגט אין די צימערן. ס'זיינען דאָרטן געווען מלבושים, קראַוואַטן, לוקסוס־זאַכן, פון לעדער אָדער ניקל, אַ סך יום־טובדיק געבעקס, עפּל און מאַרציפּאַנעס — מאַכלים, אויף וועלכע די קוזינען האָבן געקוקט מיט פרעגנדיקע בליקן. זיי האָבן אַליין נישט געוואוסט, ווען ס'וועט זיך דאָ מאַכן די געלעגנהייט צו געניסן דערפון. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געוואוסט, אַז זיין פּאַקעט האָט באַזאָרגט שאַלעען און אַז זי האָט פריער אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ וועגן דעם מיט די פעטערס, איידער זי האָט איינגעקויפט די מתנות. ס'איז אויך ביגעלייגט געווען אַ בריוו פון דזשעמס טינאַפּעל, אויף דיק פּריוואַט־פּאַפּיר, אָבער געשריבן אויף אַ מאַשין. דער פעטער האָט דאָ איבערגעגעבן דעם עלטער־פעטערס און זיינע וואונטשן אויף יום־טוב און אויף אַ רפואה. צוליב פּראַקטישע סיבות האָט ער גלייכצייטיק צוגעשריבן אַ גראַטולאַציע לכבוד ניי־יאָר. דאָס אייגענע האָט, אַגב, אויך געטאָן האַנס קאַסטאָרפּ, ווען ער

---

* פּאַרזילבערטע דראָטענע שנירלעך.

האָט ליגנדיק אָנגעשריבן זײַנע װײַנאַכט=װאונטשן צוזאַמען מיטן קלי=
נישן ראַפּאָרט.

דער בוים אין עס=זאַל האָט געברענט, געקנאַקט, געשמעקט
און געװעקט אין די קעפּ און אין די הערצער דעם באַװאוסטזײַן
פון דער יום=טובדיקער שעה. דער עולם האָט זיך אויסגעפּוצט.
די מענער האָבן געטראָגן אָװנט=אָנצוגן, די פרויען האָבן געטראָגן
צירונג, װאָס די ליבע מענער האָבן זײ, מסתּמא, צוגעשיקט פון
אונטן. אויך קלאַװדיאַ שאָשאַ האָט געביטן איר היג=מאָדישן װאָ=
לענעם סװעטער אויף אַ סאַלאָן=קלייד, ס'האָט אָבער געהאַט אין זיך
עפּעס ספּעציעלס אָדער ריכטיקער נאַציאָנאַלס. ס'איז געװען אַ העל=
געשטיקטער קאָסטיום מיט אַ פּאַסיק אין רוסיש=פּויערישן, אָדער באַל=
קאַנישן און אפשר בולגאַרישן כאַראַקטער. ס'איז געװען באַזעצט
מיט גאָלדענע פּליטערלעך. דער קאָסטיום איז געװען געפאַלדע=
װעט און האָט צוגעגעבן איר געשטאַלט אַ נישט=געװײנלעך װייכע
פולקייט. דאָס אַלין האָט אויסגעצייכנט האַרמאָניזירט מיט דעם,
װאָס סעטעמברִיני פלעגט אָנרופן „טאַטערישע פיזיאָגנאָמיע” און „אויגן
פון אַ סטעפּ=װאָלף”. ביים גוטן רוסן=טיש איז געװען זייער פריי=
לעך. דאָרטן האָט צוערשט געגומען קנאַלן דער שאַמפּאַניער, װעלכן
מ'האָט דערנאָך געטרונקען כמעט בײַ אַלע טישן. בײַ די קוזינענס
טיש האָט די רוסישע עלטער=מומע באַשטעלט שאַמפּאַניער פאַר
איר פּלימעניצע און זי האָט אַלע מכבד געװען.
דער מענו איז געװען אַ געקליבענער און געענדיקט זיך מיט קעז=
קוכן און באָנבאָנס. שפּעטער האָט מען געטרונקען קאַװע און לי=
קער. פון צייט צו צייט האָט זיך אָנגעצונדן אַ צװייג אין בוים.
ביים לעשן פלעגט װערן אַ איבערגעטריבענע און קװיטשיקע פּאַ=
ניק. סעטעמבריני, װאָכעדיק אָנגעטאָן, איז ביים סוף פון דער יום=
טובדיקער סעודה געזעסן אַ װײַלע ביים טיש מיט די קוזינען, האָט
געהאַלטן דעם צאָן=שטעכער צװישן די ליפּן, זיך אַ ביסל געריצט
מיט דער פרוי שטער און עפּעס גערעדט װעגן דעם זון פון אַ
סטאָליער און רבי פון דער מענטשהייט, װעמענס געבורטס=טאָג מ'פײַ=
ערט איצט. צי יענער האָט באמת געלעבט — איז אַ ספק, אָבער
דאָס, װאָס ס'איז דעמאָלט געבוירן געװאָרן און האָט אָנגעהויבן אַ

זיג=מאַרש, וועלכער געדויערט ביזן הײנטיקן טאָג — דאָס איז די אידעע וועגן דעם ווערט פון דעם יחידס נשמה און גלײכצײטיק די אידעע פון גלײכהײט, בקיצור — די אינדיווידואַליסטישע דעמאָקראַטיע. אויף דעם האָט ער טאָאַסטירט מיט דעם גלאָז, וואָס מ'האָט אים אונטערגערוקט. פרוי שטער האָט געהאַלטן, אַז ער האָט זיך אויסגעדריקט „עקוויוואָק* און נישט=געמיטלעך". זי האָט זיך איפגעהויבן אויף פּראָטעסט און היות מ'האָט סײ=ווי=סײ אָנגעהויבן איבערצוגײן אין די סאַלאָנען, האָבן אַלע איבעריקע אויך געגעטאָן דאָס אײגענע.

דער צוניפקום פון אָט=דעם אָוונט איז געווען באַלעבטער און וואָגיקער צוליב די מתנות, וואָס מ'האָט דערלאַנגט דעם הויפראַט. ער איז אַהער געקומען אויף אַ האַלבע שעה צוזאַמען מיט קנוטן און מיט דער מילענדאָנק. פאָרגעקומען איז די פײערלעכקײט אין סאַלאָן מיט די אָפּטישע אַפּאַראַטן אויף צו זען קאָמישע זאַכן. די באַזונדערע מתנה פון די רוסן איז באַשטאַנען אין עפּעס אַ זילבערנעם זײער גרויסן, קײלעכדיקן טעלער. אין זײן מיט איז געווען אויסגראַווירט דעם הויפראַטס נאָמען. די אומנוציקײט פון אָט=דעם טעלער האָט זיך פּשוט געוואָרפן אין די אויגן. אויפן שעזלאָנג, וועלכן ס'האָבן געגעבן די איבעריקע געסט, האָט מען זיך כאָטש געקאָנט צולײגן, כאָטש ער האָט נאָך נישט געהאַט קײן דעקע און קײן קישן, נאָר איז בלויז געווען איבערגעצויגן מיט שטאָף. דאָך האָט מען געקאָנט רוקן דעם קאָפּ=אָנלען און בערענס האָט אויסגעפּרוּווט, צי דער שעזלאָנג איז באַקוועם. ער האָט אַרונטערגענומען דעם אומנוציקן טעלער אונטערן אָרעם, זיך איסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג, צוגעמאַכט די אויגן און גענומען שנאָרכן, ווי אַ בלאָז=זאַק, טענהנדיק, אַז ער איז פאַפניר* מיטן אוצר. די שמחה איז געוואָרן אַ גרויסע. אויך פרוי שאָשאַ האָט שטאַרק געלאַכט פון דער דאָ=

---

* צווײדײטיק (פראַנצויזיש).

** אַ צפון=גערמאַנישע מיטאָלאָגישע געשטאַלט. דער געלטגיריקסטער פון דער גאַנצער משפּחה, האַלט ער דעם אוצר, וואָס ער האָט באַקומען פאַרן דערהרגענען דעם אײגענעם ברודער.

זיקער קוניק, דערביי האָבן זיך אירע אויגן צוזאַמענגעצויגן און איר מויל איז געווען אָפן, האַנס קאַסטאָרפּ האָט געדענקט, אַז אַקוראַט אַזוי האָט אויסגעזען היפּפּע, בעת ער פלעגט לאַכן.

באַלד נאָכדעם, ווי דער שעך איז אַוועקגעגאַנגען, האָט מען זיך אַוועקגעזעצט צו די שפּיל-טישן. דער רוסישער עולם האָט, ווי אַלעמאָל, פאַרנומען דעם קליינעם סאַלאָן. עטלעכע געסט זיינען געשטאַנען אין סאַלאָן אַרום דעם ווינאַכט-בוים, האָבן זיך צוגעקוקט, ווי די ליכט גייען אויס אין זייערע קליינע מעטאַלענע רערלעך און האָבן גענאַשט פון דעם זיסוואַרג, וואָס האָט דאָרטן געהאַנגען. ביי די טישן, וואָס זיינען שוין געדעקט געווען צום ערשטן פרישטיק, זיינען געזעסן איינצלנע מענטשן, ווייט אָפּגערוקט איינער פונם צווייטן, אין פאַרשיידענע פּאָזיציעס און האָבן אָפּגעזונדערט געשוויגן.

דער ערשטער ווינאַכט-טאָג איז געווען אַ פייכטער און נעפּלדיקער. מ׳געפינט זיך ממש צווישן וואָלקנס — האָט בערענס געזאָגט. קיין נעפּלען זיינען נישט פאַראַן דאָ אויבן. אָבער צי וואָלקנס, צי נעפּל — אַלנפאַלס האָט מען געפילט די נאַסקייט. דער ליגנדיקער שניי האָט אַ ביסל געשמאָלצן אייבערפלעכלעך, געוואָרן צעלעכערט און קלעביק. דאָס פּנים און די הענט זיינען בעת ליג-קוראַציע אַ סך פיינלעכער שטייף געוואָרן, ווי בעת אַ זוניקן פראָסט.

דער דאָזיקער טאָג איז אויסגעצייכנט געוואָרן דורך אַ מוזיקאַלישן אָוונט, אַן אמתדיקער קאָנצערט, איינגעאָרדנט דורך דער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף“ פאַר די פּאַציענטן, מיט שורות שטולן פאַר פּובליקום און מיט געדרוקטע פּראָגראַמען. ס׳איז געווען אַ לידער-אָוונט, געגעבן פון אַ פרוי, אַ פּראָפעסיאָנעלע זינגערין, וואָס וואוינט דאָ אין שטעטל און גיט לעקציעס. אין דער זייט, אונטער דעם אויסשניט פון איר באַל-קלייד האָבן געהאַנגען צוויי מעדאַלן, אָרעמס האָט זי געהאַט, ווי דרענגער, און אין דער כאַראַקטעריסטישער טאָנלאָזיקייט פון איר שטים האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן צוליב וואָס פאַר אַ נישט-פריילעכע סיבות זי האָט זיך דאָ באַזעצט. זי האָט געזונגען:

איך טראָג מיין ליבע
מיט מיר אַרום.

דער פּיאַניסט, וואָס האָט איר אַקאָמפּאַנירט, איז אויך געוועזן אַ היימישער פֿון שטעטל... פֿרוי שאָשאַ איז געזעסן אין דער ערשטער ריי, אָבער זי האָט אויסגענוצט די פּויזע, כּדי איננאַנצן אַוועקצוגיין, אַזוי, אַז פֿון דעמאָלט אָן האָט האַנס קאַסטאָרפּ שוין געקאָנט הערן די מוזיק (מוזיק איז עס אַלנפֿאַלס געווען) מיט אַ רויִקער האַרץ. בשעת די זינגערין האָט געזונגען, האָט ער מיטגעלייענט דעם טעקסט פֿון די לידער, וואָס איז געווען געדרוקט אין די פּראָגראַמען. אַ ווײַלע איז לעבן אים געזעסן סעטעמבריני, באַלד איז ער אָבער אויך נעלם געוואָרן. פֿאַר דעם האָט ער אַ זאָג געטאָן עפּעס שאַרפֿס און פּלאַסטישס וועגן טעמפּן „בעל קאַנטאָ"* פֿון די היגע און אויסגעדריקט סאַטיריש זײַן צופֿרידנקייט, וואָס מ'קאָן אויך הײַנט אינאָווענט צוזאַמען פֿאַרברענגען אַזוי היימיש און געמיטלעך. דעם אמת געזאָגט — איז האַנס קאַסטאָרפּן לײַכטער געוואָרן אויפֿן האַרץ, בשעת זיי זײַנען בײַדע אַוועק, די שמאָל־אויגיקע שאָשאַ און דער פּעדאַגאָג. איצט האָט ער געקאָנט מיט אַ פֿרײַ געמיט זיך צוהערן צו די לידער. ער האָט געהאַלטן, אַז ס'איז אַ גוטע זאַך, וואָס אויף דער גאַנצער וועלט און בײַ אַלע באַדינגונגען פּראַוועט מען פֿונדעסטוועגן מוזיק, מסתּמא — אַפֿילו אויף די פּאָלאַר־עקספּעדיציעס.

דער צווייטער ווײַנאַכט־טאָג האָט זיך אונטערגעשיידט פֿון אַ געוויינלעכן זונטאָג אָדער אַ בלויזן וואָכעדיקן טאָג נאָר מיטן לײַכטן באַוואוסטזײַן, אַז ס'איז פּאָרט יום־טוב. ווען ער איז געהאַט אַריבער, האָט שוין דער ווײַנאַכט־יום־טוב געהערט צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, אָדער — מ'וואָלט אַקוראַט אַזוי געקאָנט זאָגן — ער איז ווידער געווען אַ זאַך פֿון דער ווײַטער צוקונפֿט, אָפּגערוקט אויף אַ יאָר: צוועלף חדשים איז איצט געווען ביז צו דער צײַט, ווען דער יום־טוב וועט צוריקקומען אין דעם אייביקן לויף — אייגנטלעך בלויז זיבן חדשים מער, וויפֿל האַנס קאַסטאָרפּ איז שוין געזעסן דאָ.

אָבער תּיכּף נאָך דעם היי־יאָריקן יום־טוב, נאָך פֿאַר ניי־יאָר, איז, הייסט עס, געשטאָרבן דער אַריסטאָקראַט. די קוזינען זײַנען עס

* דאָס שיינע זינגען (איטאַליעניש).

געוואָר געוואָרן פון אַלפרעדאַ שילדקנעכט, וועלכע מ׳האָט גערופן די שוועסטער בעיטאַ, — די פלעגערין פון דעם אָרעמען פריץ ראָטביין. זי האָט זיי דערציילט פון דעם סוד אין קאָרידאָר. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך שטאַרק איבערגעטראָגן דערפון, אַ ביסל דערפאַר, ווייל דעם אַריסטאָקראַטס הוסטן האָט געהערט צו די סאַמע ערשטע איינדריקן, וועלכע ער האָט דאָ איבן באַקומען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז צוליב אָט=דעם הוסט האָט ער דאָס דעמאָלט צום ערשטן מאָל געקריגן יענע היץ אין פּנים, וועלכע איז מער נישט אָפּגעטרעטן. אַ ביסל האָט ער זיך אויך איבערגענומען צוליב מאָראַלישע — מ׳וואָלט געקאָנט זאָגן: גייסטלעכע סיבות. ער האָט לאַנג פאַרהאַלטן יאָאַכימען אין אַ שמועס מיט דער שוועסטער, וועלכע איז געווען אַזש צודרינגלעך דאַנקבאַר, וואָס זי קאָן זיך סוף=כל=סוף דורכשמועסן. ס׳איז פּשוט אַ נס — האָט זי געזאָגט — וואָס דער אַריסטאָקראַט האָט דערלעבט דעם יום=טוב. ער האָט זיך שוין לאַנג געהאַלטן, ווי אַ פעסטער קאַוואַלער, אָבער ס׳איז אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין, מיט וואָס ער האָט געאָטעמט די לעצטע צייט. נאָך לאַנג האָט ער זיך געהאַלטן בלויז מיט דער הילף פון רייניקע מאַסן זויער=שטאָף: נעכטן אַליין האָט ער פאַרנוצט פערציק באַלאָנען, צו זעקס פראַנק אַ שטיק. דאָס האָט געמוזט אַ סך אָפּקאָסטן, קאָנט איר אויסרעכענען. דערביי מוז מען געדענקען, אַז זיין פרוי, אין וועמענס אָרעמס ער איז אויסגעגאַנגען, איז געבליבן אינגאַנצן אָן מיטלען. יאָאַכימען איז נישט געפעלן אָט=די איבערגעריי. צוליב וואָס טויג דאָס גאַנצע פייניקן און צו=וואָס מיט אַזעלכע הוצאות קינסטלעך אויפהאַלטן דאָס לעבן, ווען אַלץ איז בחינם? אויף דעם מענטש דאַרף מען נישט האָבן פאַראיבל, וואָס ער האָט בלינד פאַרצערט דעם טייערן לעבנס=גאַז, וועלכן מ׳האָט אין אים אַריינגעגייט. אָבער די דאָקטוירים וואָלט געדאַרפט האַנדלען שכלדיקער און אים לאָזן דערציען צום אומפאַרמיידלעכן סוף, אַלץ איינס, ווי דער פינאַנסיעלער מצב זאָל נישט אויסזען. בפרט נאָך, ווען די לאַגע איז אַזעלכע. די לעבעדיקע האָבן נאָך אויך אַ שטיקל דעה און אַזוי ווייטער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים עקשנותדיק איבערגעשפּאַרט. יאָאַכים רעדט שוין כמעט ווי סעטעמבריני, אָן הרך=ארץ

און אָפּשיי פאַר ליידן. דער אַריסטאָקראַט איז דאָך סוף־כּל־סוף געשטאָרבן. ממילא איז דאָ נישטאָ קיין אָרט פאַר קיין שום שפּאַס און מען דאַרף זיך האַלטן ערנסט. און אַז פאַר אַ שטאַרבנדיקן דאַרף מען האָבן דעם גרעסטן דרך־ארץ און יראת־הכּבוד — דערין האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּ געהאַלטן פעסט. ער וויל בלויז האָבן, אַז אויך דעם אַריסטאָקראַט האָט בערענס נישט אָנגעשריגן און אים נישט מבזה געווען אין די לעצטע מינוטן? כ'איז נישט געווען קיין סיבּה דערצו — האָט דערקלערט די פריילין שילדקנעכט. אַ קליי־נעם, אומבאַרעכנטן פּרוּוו צו אַנטלויפן האָט אַפילו לעצטנס יאָ גע־מאַכט דער אַריסטאָקראַט און געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון בעט. אָבער אַ לייכטע באַמערקונג, אַז דאָס האָט נישט קיין צוועק, איז גע־נוג געווען, ער זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך אָפּזאָגן דערפון.

האַנס קאַסטאָרפּ איז געגאַנגען אָנקוקן דעם מת. ער האָט עס געטאָן אויך צו־להכעיס דעם היגן מנהג צו מאַכן אַ סוד פון אַזעלכע זאַכן. צו דעם עגאָיסטישן מאַכן זיך נישט־ווויסנדיק, נישט־זעענדיק, נישט־הערנדיק פון דעם עולם האָט ער געפילט אַ ביטול און דערפאַר געוואָלט טאָן דאָס קאַמע פאַרקערטע. ביים טיש האָט ער אַפילו געפּרוּווט ריידן וועגן דעם טויט־פאַל, אָבער ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַזאַ איינשטימיקן און פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד, אַז ער האָט זיך פאַרשעמט און ס'האָט אים פאַרדראָסן. די פרוי שטער האָט פשוט אַרויסגעוויזן גראָבקייט. וואָס פאַלט אים איין צו ריידן וועגן אַזעלכע זאַכן — האָט זי געפרעגט — און וואו אייגנט־לעך האָט מען אים דערצויגן. די אָרדענונג פון דער קאָנאַטאָריע שיצט זי, די פּאַציענטשאַפט, זאָרגעוודיק דערפאַר, אַז זי זאָל זיך נישט דאַרפן באַרירן מיט אַזעלכע מעשיות. צום סוף קומט נאָך אַזאַ יינגל און רעדט וועגן דעם הויך, דערצו נאָך ביים בראָטן און אין דער קעגנוואַרט פון ד״ר בלומענקאָל, וועלכן ס'קאָן יעדן טאָג טרעפן (דאָס צווישן זיך געשמועסט). אויב אַזאַ זאַך וועט זיך איבערחזרן, וועט זי זיך מוזן פאַרקלאָגן. טאַקע אין דעם מאָמענט האָט דער פאַרשריגענער האַנס קאַסטאָרפּ באַשלאָסן — און אויך עס אַרויסגע־זאָגט — אָפּצוגעבן דעם געשטאָרבענעם שכן דעם לעצטן כּבוד דער־

מיט, וואָס ער וועט צו אים אַריינגיין אין אָפּריכטן ביי זיין געלע־
גער אַ שטילע תפילה. ער האָט אַפילו געפּועלט ביי יאָאַכימען,
ער זאָל דאָס אויך טאָן.

הזרך דער שוועסטער אַלפרעדאַס פּאַרמיטלונג איז זיי געלונגען
אַריינצוקומען אין דעם טויטן־צימער, וואָס האָט זיך געפונען אויפן
ערשטן שטאָק אונטער זייערע אייגענע צימערן. ס׳האָט זיי אויפ־
גענומען די אַלמנה, אַ קליינע, צעשויבערטע, נישט־אויסגעשלאָפענע
בלאָנדינע, מיט אַ טאַשן־טיכל צוגעדריקט צום מויל, מיט אַ רוי־
טער נאָז און אין אַ דיקן פּלעד־מאַנטל מיט אַן אויפגעשטעלטן
קאָלנער, ווייל אין צימער איז געווען זייער קאַלט. די הייצונג האָט
מען דאָרטן אָפּגעשטעלט, די באַלקאָן־טיר איז געווען אָפן. די
יונגעלייט האָבן שטילערהייט געזאָגט, וואָס מ׳זאָגט געוויינטלעך אין
אַזאַ פאַל. די אַלמנה האָט זיי אַ באַצערטע געוויזן מיט דער האַנט
צום בעט צו. זיי זיינען צוגעגאַנגען מיט יראַת־הכבודיק־וויגנדיקע
טריט, אויף די נעגל און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביים מת, יעדער
אויף זיין שטייגער. יאָאַכים איז געשטאַנען מיליטעריש און מיט
צוזאַמענגערוקטע פיס, אין אַ סאַלוטירנדיק האַלב־פאַרבויגונג, האַנט
קאַסטאָרפ איז געשטאַנען אָפּגעלאָזן און איינגעבויגן, די הענט —
פאַרבראָכן פאַר זיך, מיטן קאָפּ אויפן אַקסל. אַ מינע האָט ער
דערביי געמאַכט, ווי בעת ער פלעגט הערן מוזיק. דעם אַריסטאָקראַטס
קאָפּ איז געלעגן הויך־אונטערגעבעט, אַזוי, אַז דער קערפּער —
אָט־דער פּועל־יוצא פון דורות־לאַנגער אַנטוויקלונג און אומצאָליקער
פאַרכפערונג — מיט די אויסגעשפּיצטע פיס ביים סוף הינטער דער
קאָלדרע, האָט אויסגעזען פלאַטשיק, ווי אַ ברעט. דאָרטן, וואו ס׳דאַרפן
זיין די קני, איז געלעגן אַ בוקעט בלומען און די פּאַלמע־צווייג,
וואָס האָט אַרויסגעשטאַרט דערפון, האָט אָנגערירט די גרויסע, געלע,
ביינעריקע הענט, וואָס זיינען געלעגן צונויפגעלייגט אויף דער איינ־
געפאַלענער ברוסט. געל און ביינעריק איז אויך געווען דאָס פּנים
מיט דעם גאָלן שאַרבן, מיט דער פאַרבויגענער נאָז, מיט די שאַרפע
באַקן־ביינער און מיט די געדיכטע רויטע וואָנסן, וואָס צוליב זייער
דיקקייט האָבן די גרויע נישט־געגאָלטע לעכער פון די באַקן אויס־
געזען נאָך איינגעפאַלענער. די אויגן זיינען געווען עפּעס אויף אַן

אומנאַטירלעכן אויפן פעסט געשלאָסן, נישט צוגעמאַכט, נאָר צו־געקוועטשט — אַזוי האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט. דאָס צומאַכן ביים טויטן די אויגן האַלט מען פאַר דעם לעצטן חסד, כאָטש מ׳טוט עס מער צוליב די לעבעדיקע, ווי צוליבן טויטן. מ׳מוז עס אויך טאָן באַצייטנס, באַלד נאָכן שטאַרבן. ווייל בעת אין די מוסקולן האָט זיך שוין געבילדעט מיאָזין*, קאָן מען עס מער נישט טאָן און ער בלייבט ליגן מיט אויסגעגלאָצטע בליקן און די שיינע פאַרשטע־לונג פון איינגעשלאָפנקייט איז געפטרט.

האַנס קאַסטאָרפּ איז געשטאַנען ביי דעם מת א באַהאַוונטער און צוליב אַ כך טעמים געפילט זיך אין זיין עלעמענט. ר׳איז גע־ווען באַהאַוונט, אָבער פרום. ער זעט אויס, ווי ער וואָלט געשלאָפן — האָט ער געזאָגט צוליב דרך־ארץ, כאָטש ס׳איז געווען אַ גרוי־סער אונטערשייד. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ טאַקטיש־צו־געדושעט קול שמועסן מיט דער אַלמנה פון אַריסטאָקראַט, אויסגע־פרעגט זיך וועגן דער קראַנקהייט פון איר מאַן, וועגן זיינע לעצטע טעג און רגעס און אויך וועגן דעם איבערטראַנספּאָרטירן דעם מת קיין קאַרינטיע, וואָס האָט געדאַרפט פּאָרקומען. דערביי האָט ער אַרויסגעוויזן אי אַ מעדיצינישע, אי אַ גייסטלעך־עטישע פּאַראינטע־רעסירטקייט און געניטשאַפט. די אַלמנה האָט אים געענטפערט מיט איר עסטרייכיש־שלעפּענדיק און פאָנפעוואַטע לשון, דערביי האָט זי פון צייט צו צייט געטאָן אַ שלוכץ. זי האָט עס געהאַלטן פאַר מערק־ווערדיק, וואָס זיי, יונגעלייט, זיינען אויפגעלייגט צו פאַרנעמען זיך מיט פרעמדע צרות. דערויף האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענטפערט, אַז ביי ער, סיי זיין קוזין זיינען אַליין קראַנקע, וואָס ס׳איז נוגע אים אַליין, האָט ער גאָר פרי ביינעוואוינט דעם טויט פון נאָענטע. ער איז אַ טאָפּלטער יתום און ער איז מיטן טויט פון לאַנג היי־מיש, אויב מ׳קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. וואָס פאַר אַ פּראָפעסיע האָט ער אויסגעקליבן? — האָט זי געפרעגט. ער האָט איר געענטפערט, אַז ר׳איז „געווען" אַ טעכניקער. — „געווען"? — געווען אין דעם

* מיאָזין אָדער מוסקול־פיברין איז אַן אייווייס־שטאָף, וואָס ווערט גע־רינען און איז גורם ביי טויטע דאָס פאַרשטייפן פון די מוסקולן.

זין, וואָס אינדערמיט איז אַריינגעפאָרן די קראַנקהייט און ער מוז אַ אומבאַשטימטע צייט דאָ בלייבן. דאָס איז אַ באַדייטנדיקער איבערדרייס און מעגלעך אַפילו אַ ווענד־פונקט אין לעבן. וואָס קאָן מען וויסן (יאָאַכים האָט אים דערביי אָנגעקוקט מיט פאַרשנדיקער שרעק. און וואָס איז מיט אייער קוזין? — ער וויל ווערן אַ סאָלדאַט אין פלאַכלאַנד, ער איז אַן אָפיציר־אַספיראַנט. — אָ — האָט זי געענטפערט — די מלאכה פון קריג איז אויך אַ פּראָפעסיע, וואָס נייגט צו ערנסטקייט. אַ סאָלדאַט מוז זיך רעכענען דערמיט, אַז ס'וועט אים אויסקומען צו קומען אין אַ נאָענטער באַרירונג מיטן טויט און ער טוט דערפאַר גוט, וואָס ער געוויינט זיך באַצייטנס צו אים אָנצוקוקן. זי האָט געזעגנט די יונגעלייט מיט אַ דאַנק און מיט אַ פריינדלעכקייט, וועלכע האָט אַרויסגערופן הרך־ארץ, ווען מ'האָט גענומען אין חשבון איר טרויעריקן מצב און באַזונדערס די חובות פאַר זויער־שטאָף, וואָס איר מאַן האָט איבערגעלאָזט. די קוזינען זיינען צוריק אַרויף מיט די טרעפ. האַנס קאַסטאָרפּ האָט איינגעזען צו זיין צופרידן פון דעם באַזוך און גייסטלעך־אָנגערעגט פון די איינדריקן, וואָס ער האָט באַקומען.

Sit tibi terra :האָט ער געזאָגט — * Requiescat in pace — levis **. Requiem aeternam dona ei, Domine***.
זעסטו, ווען ס'גייט וועגן טויט און ווען מ'רעדט צו אַ טויטן אָדער וועגן אַ טויטן, שטייט ווידער לאַטיין אויפן טאָג־אָרדענונג. דאָס איז די אָפיציעלע שפּראַך אין אַזעלכע פאַלן, דערביי פילט מען, אויף ווי ווייט דער טויט איז אַ גאַנץ באַזונדערער ענין. אָבער נישט צוליב הומאַניסטישער קורטואַזיע רעדט מען לכבוד דעם מת אויף לאַטיין. די שפּראַך ביים טויטן איז נישט קיין שול־לאַטיין, פאַרשטייסטו, נאָר פון אַ גאַנץ אַנדערן גייסט, פון אַ גאַנץ פאַרקערטן, קאָן מען אַפילו זאָגן. דאָס איז סאַקראַל־לאַטיין, מאָנאַכן־לאַטיין, מיטלאַלטער, אין אַ געוויסער מאָס — אַזאַ טעמפּ, איינטאָניק, אונ־

* זאָל ער רוען אין שלום.

** די ערד זאָל דיר לייכט זיין.

*** אייביקע רו גיב אים, הצר.

טערערדיש געזאַנג. סעטעמברינין וואָלט עס נישט געפעלן. עס איז נישט פאַר קיין הומאַניסטן און רעפּובליקאַנער און פאַר אַזעלכע פּעדאַגאָגן. עס איז פון אַ אַנדערער גייסטיקער ריכטונג, וועלכע איז אויך פאַראַן. איך האַלט, אַז מ׳דאַרף זיך קלאָר מאַכן די פאַרשיידענע גייסט־ריכטונגען, אָדער בעסער געזאָגט: גייסט־שטימונגען. ס׳זיינען פאַראַן פרומע און פרייע. זיי האָבן ביידע זייערע מעלות. אויב ס׳ליגט מיר עפּעס אויפן האַרץ קעגן דער פרייער, דער סעטעמברינישער, מיין איך, איז עס בלויז דאָס, וואָס זי וויל אינגאַנצן נעמען אין אַרענדע דעם מענטשלעכן ווערט. דאָס איז שוין איבערגעטריבן. די אַנדערע ריכטונג האָט אויך אויף איר שטייגער אַ סך מענטשלעכן ווערט און איז דער גורם פון אַ סך פיינקייט, גיטער האַלטונג און איידעלע מידות, אפשר מער פון דער „פרייער“ ריכטונג, הגם זי האָט אינזינען די מענטשלעכע שוואַכקייטן און געפאַלנקייט אין דער געדאַנק וועגן טויט און צעפאַלונג שפּילט דאָ אַזאַ וויכטיקע ראָל. צי דו האָסט געזען אַמאָל אין טעאַטער „דאָן קאַרלאָס“ און ווי ס׳זעט אויס אין שפּאַנישן הויף, ווען דער קיניג פיליפּ קומט אַריין, אינגאַנצן אין שוואַרצן, מיט דעם אָרדער פון „הויזן־באַנד“ און מיט דעם אָרדער פון דער „גאָלדענער וואָל“, ציט אַראָפּ פּאַמעלעך דעם הוט, וואָס זעט שוין כמעט אויס, ווי אונזערע מעלאָנען, גיט אים אַזאַ צי אין דער הויך און זאָגט: „טוט אָן די היטן, מיינע גראַנדן“, אָדער עפּעס ענלעכס. דאָס אַליך איז אין דער העכסטער מדרגה איבערגערעכנט, מוז מען מודה זיין, פון קיין שלימזלדיקייט און אָפּגעלאָזנקייט קאָן דאָ קיין רייד נישט זיין. פאַרקערט. די קיניגין זאָגט טאַקע הויך: „אין מיין פראַנקרייך איז דאָך געווען אַנדערש“. אַוודאי, פאַר איר איז עס צו אַקוראַט און צערעמאָניאַל. זי וואָלט געוואָלט, ס׳זאָל זיין לייכטער, מענטשלעכער. אָבער וואָס איז מענטשלעך? מענטשלעך איז אַליץ. דאָס שפּאַנישע גאָטספאָרכטיקע, הכנעה־דיק־פייערלעכע און שטרענג־אָפּגעמאָסטענע איז זייער אַ ווערדיקער פאַכאָן פון מענטשלעכקייט, אַזוי מיין איך. פון דער אַנדערער זייט קאָן מען מיט דעם וואָרט „מענטשלעך“ פאַרדעקן יעדן מין שלימזלדיקייט און אָפּגעלאָזנקייט. וועסט מודה זיין, אַז כ׳בין גערעכט.

— דערחיף גיב איך דיר געדעכט — זאָגט יאָאַכים. — שלימזלדיקייט און אָפּגעלאָזנקייט קאָן איך אויך נישט ליידן. דיסציפּלין מוז זיין.

— יאָ, דו זאָגסט עס, ווי אַ מיליטער־מענטש, און כ'בין מודה, אַז ביים מיליטער פאַרשטייט מען זיך אויף אַזעלכע זאַכן. די אַלמנה איז גאַנץ גערעכט געווען, וואָס זי האָט געזאָגט וועגן אַייער מלאכה, אַז ס'איז אַן ערנסטער ענין. וויל איר מוזט אַלעמאָל גרייט זיין אויף דעם עקזאַמען פאַל און אויך דערויף, איר זאָלט קומען אין באַריהונג מיטן טויט. איר טראָגט אַן אוניפאָרם, וואָס איז שמאָל און זויבער און האָט אַ שטייפן קראַגן. דאָס גיט אייך צו בכבודיקייט. אַחוץ דעם האָט איר ראַנגען, דיסציפּלין, און איר גיט אייך אָפּ צערעמאָניאַלע כיבודים איינער דעם צווייטן. דאָס איז אין שפּאַנישן גייסט, דער גייסט פון פרומקייט. אין תוך געפעלט עס מיר טאַקע. ביי אונז ציווילסטן וואָלט אויך מער געדאַרפט הערשן דער דאָזיקער גייסט, אין אונזערע מידות און פירונגען, איך וואָלט געהאַט אַ הנאה דערפון, עס וואָלט געווען פּאַסיק. איך האַלט, אַז די וועלט און דאָס לעבן איז געשטעלט אַזוי, אַז אַלע זאָלן גיין אָנגעטאָן אין שוואַרצן, מיט אַ געקראָכמאַלעטער האַלז־קרויז אָנשטאָט אַ קראַגן און מ'זאָל ערנסט און צערעמאָניעל באַנעמען זיך, האָבנדיק אינזינען דעם טויט — אַזוי וואָלט געווען אין מיינע אויגן גוט, ס'וואָלט געווען מאָראַליש. זעסט, דאָס איז אויך אַ טעות און אַ איינגערעדטקייט מצד כעטעמבריני, נאָך איין טעות און ס'איז גאַנץ גוט, וואָס כ'בין געקומען דערויף אין דעם שמועס. נישט בלויז די מענטשלעכע ווערדע האָט ער, ווי ס'דאַכט זיך אים, גענומען אין אַרענדע, נאָר אויך די מאָראַל און דאָס אַלין: מיט זיין „פּראַקטישער לעבנס־אַרבעט“, מיט זיינע זונטאָגדיקע פּראָגרעס־פייערונגען (גלייך דווקא זונטאָג האָט מען שוין וועגן גאָרנישט צו טראַכטן, אַחוץ וועגן פּראָגרעס) און מיט זיין סיסטעמאַטישער אויסראָטונג פון די ליידן. דו ווייסט, אגב, גאָרנישט וועגן דעם, אָבער מיר האָט ער עס צוליב פּעדאַגאָגישע טעמים דערציילט. ער וויל זיי אויסראָטן סיסטעמאַטיש, מיט דער הילף פון אַ לעקסיקאָן. און ווי איז, אַז גראָד דאָס זעט מיר אויס צו זיין אוממאָראַליש? וואָס איז דע־

מאָלט? אים זאָג איך עס נישט, נאַטירלעך. ער פֿאַרעדט מיך פֿון קאָפּ ביז די פֿיס מיט זיינע בילדלעכע דיבורים און טענהט: איך וואָרן איַיך, אינזשיניער! אָבער טראַכטן קאָן מען, ווי אַזוי מ'וויל. „סירע, גיט אונז געדאַנקען-פֿרייהייט"*. איך וויל דיר עפּעס זאָגן. מיט די דאָזיקע ווערטער פֿאַרענדיקט ער (זיי זיינען אַריין אין יאָאַכימס צימער און יאָאַכים גרייט זיך צו צו מאַכן ליג-קוראַציע).— איך וועל דיר זאָגן, וואָס איך האָב מיר פֿאָרגענומען צו טאָן: מ'לעבט דאָ אַזוי טיר-ביי-טיר מיט שטאַרבנדיקע מענטשן און מיט די שווערסטע יסורים און פּיין. אָבער נישט בלויז מ'מאַכט זיך, גלייך ס'וואָלט אינגאַנצן נישט אָנגעגאַנגען, נאָר מ'ווערט אויך געשיצט און אָפּגעהיטן דערפֿון, מ'זאָל דערמיט נישט האָבן די מינדסטע שייכות און מ'זאָל עס לחלוטין נישט אָנקוקן. דעם אַריסטאָקראַט וועט מען מסתמא אויך אַזוי בכּוד אַרויסנעמען, בשעת מיר וועלן עסן אָוונט-ברויט אָדער פֿרישטיק. איך האַלט, אַז דאָס איז אוממאָראַליש. די שטער איז געוואָרן מלא-רציחה, פֿאַרוואָס כ'האָב בלויז דערמאָנט וועגן דעם פֿאַל מיטן אַריסטאָקראַט. דאָס איז שוין צו נאַריש. אויב זי איז שוין טאַקע אַזאַ עם-האָרץ און מיינט, אַז „לייזע, לייזע, פּראָממע ווייזע**" איז אין „טאַנהייזער", ווי זי האָט דאָ נישט לאַנג געזאָגט ביים טיש — וואָלט זי כאָטש געדאַרפֿט פֿילן זיך אַ ביסל מאָראַלישער, און אַנדערע — אויך. איך האָב מיר פֿאָרגענומען אין דער צוקונפֿט מער צו געדענקען וועגן די שווער-און מכוּבֿן-קראַנקע פֿון דער סאַנאַטאָריע. דאָס וועט מיך מאַפֿרידיקן. פֿון אונזער איצטיקן באַזוך בין איך אין אַ געוויסער מאָס אויך צופֿרידן. דער אָרעמער רייטער דעמאָלט, פֿון נומער 25, וועלכן כ'האָב אין די ערשטע טעג פֿון מיין אָנקומען איינמאָל געזען דורך דער טיר. איצט איז ער שוין זיכער אויך אַוועק אַד פּענאַטעס*** און מ'האָט אים אַרויסגענומען בסוד. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַזעלכע

* די ווערטער פֿון מאַרקיז פּאָזאַ צו קיניג פֿיליפּ אין שילערס „דאָן קאַרלאָס".

** די ווערטער קומען פֿאָר אין וועבערס אָפּערע „דער פֿרייער שיסער".

*** צו די געטער = אויפֿן עולם האמת.

משונה-גרויסע אויגן. אָבער ס'זיינען נאָך דאָ אַנדערע, די סאַנאַטאָריע איז פול און מ'האַלט אין איין צוקומען. די שוועסטער אַלפרעדאַ, אָדער גאָר די אייבערין, אָדער אַפילו בערענס אַליין וועלן אונז זיכער זיין בייהילפיק אָנצוקניפּן באַציִונגען מיט דעם אָדער יענעם שווער-קראַנקן. דאָס וועט נישט אָנקומען שווער. לאָמיר אָננעמען, אַז ביי אַ מסוכן-שלאָפן איז געבורטס-טאָג און מיר ווערן געוואָר — אַזעלכע זאַכן קאָן מען זיך דערוויסן. גוט, מיר שיקן צו אָט-דעם קראַנקן — אים אָדער איר, ווער ס'איז — אַ וואַזאָן מיט בלומען אין צימער אַריין; אַן איפמערקזאַמקייט פון צוויי אומבאַקאַנטע קאָלעגן — מיר ווינטשן אַ רפואה-שלמה. אַ רפואה שלמה איז אַלעמאָל אויפן אָרט און העפלעך. פאַרשטייט זיך, אַז מ'וועט יענעם זאָגן, ווער מיר זיינען און ער אָדער זי וועט אונז פון קראַנקן-בעט איבערשיקן דורך דער טיר אַ פריינדלעכן גרוס, אָדער אפשר וועלן מיר גאָר קאָנען אויף אַ ווײַלע אַרײַנגיין אין צימער און וועלן קאָנען מיט אים ריידן עטלעכע מענטשלעכע ווערטער, איידער ער שטאַרבט אָפּ. אַזוי שטעל איך עס מיר פאָר. דו ביסט נישט מסכים? איך פון מיין זייט האָב עס אַלנפאַלס באַשלאָסן.

יאָאַכים האָט, אין גרונד גענומען, נישט געהאַט אַ סך פאָרצוואַרפן קעגן דעם דאָזיקן פּלאַן. — עס איז קעגן דער אָרדענונג פון דער סאַנאַטאָריע — האָט ער געזאָגט. — אין אַ געוויסער מאָס וועט עס הייסן, אַז דו ברעכסט דעם סדר. אָבער אין אַן אויסנאַם, אויב וועסט אַמאָל שטאַרק וועלן, וועט דיר מסתמא בערענס געבן אַ דערלויבעניש, מיין איך, דו קאָנסט זיך אויך פאַררופן אויף דיין אינטערעס צו מעדיצין.

— יאָ, צווישן אַנדערן אויך דערויף — האָט געזאָגט האַנס קאַסטאָרפּ, ווייל זיין וואונטש איז פאַקטיש אַרויסגעוואַקסן פון פאַרוויקלטע מאָטיוון. דער פּראָטעסט קעגן דעם הערשנדיקן עגאָיזם איז בלויז געווען איינער פון זיי. אַ סך האָט דאָ געווירקט אויך זיין גייסטיקע באַדערפעניש צו נעמען ערנסט ליידן און טויט און צו האָבן דרך-ארץ פאַר זיי. מיט זיין דערנענטערונג צו די שווער- און מסוכן-קראַנקע האָט ער געוואָלט באַפרידיקן און פאַרשטאַרקערן

די מוזיקע באַדערפֿעניש. עס האָט געזאָלט זיין אַ קעגנגעוויכט קעגן די אַלע באַליידיקונגען, אויף וועלכע זיין געפֿיל איז געווען אויסגעשטעלט אויף טריט און שריט, יעדן טאָג און יעדע שעה. כּעטעמבּרינים געוויסע מיינונגען האָבן דאָס אַלץ נאָך מער פֿאַרשטאַרקט. בּיישפּילן זיינען געווען זייער אַ סך. ווען מ׳וואָלט האַנס קאַסטאָרפּן געווען געפֿרעגט, וואָלט ער זיך קודם־כּל געוומען ריידן וועגן אַזעלכע פֿערזאָנען פֿון „בּערגהאָף“, וואָס זיינען לכל־הדעות בּכלל נישט קראַנק געווען און האָבן דאָ געלעבּט אינגאַנצן פֿריי־וויליק, אונטער דעם אָפֿיציעלן תּירוץ, אַז די לונגען זיינען בּיי זיי לייכט פֿאַרנומען. פֿאַקטיש האָבן זיי עס געטאָן צוליבּ פֿאַרגעניגן און דערפֿאַר, ווייל דאָס לעבּן אין דער סאַנאַטאָריע איז זיי געפֿעלן. אַ בּיישפּיל האָט געקאָנט זיין די שוין־דערמאָנטע אַלמנה האַסענפֿעלד, אַ לעבּעדיקע פֿרוי, וואָס האָט געהאַט אַליידנשאַפֿט צו וועטן זיך. זי האָט זיך געוועט מיט די מענער, האָט זיך געוועט וועגן אַלץ און אין אַלץ, האָט זיך געוועט, וואָס פֿאַר אַ וועטער ס׳וועט זיין, וואָס פֿאַר אַ מאַכלים מ׳וועט דערלאַנגען, וועגן די רעזולטאַטן פֿון דער גענעראַל־אונטערזוכונג און דערזיף, וויפֿל חדשים מ׳וועט יעדן איינעם צולייגן. זי האָט זיך געוועט וועגן די נסיעות פֿון בּאָבּ־און אייז־שליטנס, ווען די רעזולטאַטן פֿון גליטשער־אָדער סקי־געיעגן אָדער אַנדערע ספּאָרט־געיעגן, וועגן דעם אָפּלויף פֿון ניי־אָנגעהויבּענע ליבּעס צווישן די געסט און אויף הונדערט אַנדערע זאַכן, אָפֿט גאַנץ נישטיקע און גלייכגילטיקע ענינים. זי האָט זיך געוועט אין שאָקאָלאַדע, אין שאַמפּאַניער און קאַוויאַר, איבּער וועלכע מ׳האָט דערנאָך געפֿראַוועט אַ סעודה אין רעסטאָראַן, זי האָט זיך געוועט אין געלט, אין קינאָ־בּילעטן און אַפֿילו אין קושן — צו געבּן און צו קריגן. בּקיצור, זי האָט מיט אָט דער ליידנשאַפֿט אַריינגעבּרענגט אַ סך געשפּאַנטקייט און לעבּן אין עס־זאַל, אָבּער דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ האָט איר פֿירונג געהאַלטן פֿאַר ווייניק ערנסט, נאָך מער, אים האָט איר זיין דאָ אויסגעוויזן, ווי אַ פּחיתת־הכּבוד פֿאַר אַ סאַנאַטאָריע פֿון ליידנדיקע מענטשן.

וואָרעם ער האָט אינערלעך און איפּריכטיק געשטרעבט הערצו, צו שיצן דעם כּבוד פון די לײדנדיקע, ווי שווער דאָס זאָל נישט זײן פאַר עמעצן, וואָס איז שױן דאָ כּמעט אַ האַלב יאָר צווישן דעם עולם. די באַאָבאַכטונגען, וועלכע ער האָט כּסדר געמאַכט בנוגע זײער לעבן און פירונג, מידות און מײנונגען, האָבן ווײניק גע־שטימט מיט זײן גוטן ווילן. ס'זײנען דאָ געווען יענע צווײ דאַרע פּאַצעטן, זיבעצן־און אַכצן־יעריקע, וועלכע מ'האָט גערופן „מאַקס און מאָריץ". זײ פלעגן זיך בײנאַכט אַרױסכאַפּן שפּילן אין פּאָקער, אָדער איך אַ גלעזל משקה, און מ'האָט אין דאַמען־געזעלשאַפט געהאַט וועגן דעם אַ סך וואָס צו רײדן. ערשט נישט לאַנג, דאָס הײסט: בערך אַכט טעג נאָך נײ־יאָר (ווײל מ'מוז אינזינען האָבן, אַז בעת מיר דערצײלן אַזוי, האַלט די צײט אין אײן שטראָמען פאָרויס איך איר שטילן אופן און אָן אויפהער) האָט זיך בײם פרי־שטיק פאַרשפרײט די ידיעה, אַז דער באָד־מײסטער האָט אינדער־פרי בײדע געטראָפן ליגן אין זײערע בעטן אין צעקנאָדערטע אָונט־אָנצוגן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט איך געמוזט לאַכן. אמת, אַז ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ בזיון, אָבער ס'איז נאָך געווען נאָר־נישט אין פאַרגלײך מיט דער געשיכטע מיטן אַדוואָקאַט אײנהוף פון יוטערבאָרג, אַ פערציק־יעריקער מאַנצביל מיט אַ שפּיציק בערדל, די הענט באַוואַקסן מיט שוואַרצע האָר. זינט אַ צײט איז ער גע־זעסן אויף דעם אויסגעהײלטן שוועדס אָרט בײ סעטעמברינים טיש. ער פלעגט נישט בלויז יעדע נאַכט אַהײמקומען שיכּור, נאָר איז לעצטנס אײנמאָל בכלל נישט אַהײמגעקומען און מ'האָט אים גע־פונען ליגן אויף דער לאָנקע. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ געפערלעכן גזלן. פרוי שטער האָט אַפילו געקאָנט אָנווײזן מיטן פינגער אויף אײנער אַ יונגער דאַמע (וואָס איז, אַגב, אין פלאַכ־לאַנד געווען אַ כּלה פאַר עמעצן), וועלכע מ'האָט געזען אין אַ באַשטימטער שעה אַרױסגײן פון אײנהופס צימער, אָנגעטאָן בלויז אין אַ פוטער, און הינטער דעם — בלויז אין אַ פּאָר רעפאָרם־הויזן. דאָס איז געווען אַ סקאַנדאַל, נישט בכלל אין מאָראַלישן זין, נאָר סקאַנדאַליעז און באַלײדיקנדיק פאַר האַנס קאַסטאָרפּן פערזענלעך, צו־ליב זײנע גײסטיקע שטרעבונגען. ס'איז אָבער דערגאַנגען דערצו, אַז

ער האָט נישט געקאָנט טראַכטן וועגן אַדוואָקאַט און נישט גע-
דענקען דערביי אין פראַנקע אָבערדאַנק, יענעם גלאַט-האָריק טעב-
טערל, וואָס איז אַרויפגעבּרענגט געוואָרן אַהער מיט עטלעכע וואָכן
צוריק פון איר מוטער, אַ בכבודיקע דאַמע פון דער פּראָווינץ. ביים
אָנקומען און נאָך דער ערשטער אונטערזוכונג האָט מען געהאַלטן,
אַז פראַנקע אָבערדאַנק איז לייכט קראַנק. אָבער — צי זי איז באַגאַנ-
גען עפּעס אַ פעלער, אָדער אין איר פאַל איז די לופט באַלד אַ נ-
אָנהויב נישט אַזוי ווייט גוט געווען קעגן דער קראַנקהייט, ווי
קודם-כל פאַר דער קראַנקהייט, אָדער די קליינע איז פאַרפלאָנ-
טערט געוואָרן אין עפּעס אַ אינטריגע און אין אַ אויפרעגונג, וועלכע
האָט איר געשאַדט, — אַ פאַקט איז, אַז: פיר וואָכן נאָך איר
קומען האָט זי אַמאָל אַריינקומענדיק אין עס-זאַל אַ וואָרף געטאָן
איר האַנט-טעשל אין דער לופט און אַ רוף געטאָן הויך: הוראַ,
אַ יאָר מוז איך דאָ בלייבן!! אין גאַנצן זאַל איז געוואָרן אַ
הילכיק געלעכטער. אָבער פערצן טעג שפּעטער האָט זיך פאַר-
שפּרייט די ידיעה, אַז דער אַדוואָקאַט איינהויף איז זיך באַגאַנגען
מיט פראַנקע אָבערדאַנק ווי אַן אויסוואורף. דעם דאָזיקן אויס-
דרוק באַנוצן מיר, אַגב, אויף אונזער אייגענעם חשבון אָדער אויף
האַנס קאַסטאָרפּס. ווייל פאַר יענע, וואָס האָבן צעטראָגן די ידיעה,
איז זי גאָרנישט געווען אַזוי אויסטערליש, זיי זאָלן דאַרפן באַנוצן
אַזאַ שאַרפע באַצייכענונג. מ'האָט געשאָקלט מיט די אַקסלען און
געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ זאַך מוז אָפּגעטאָן ווערן דורך צוויי
און אַז זי איז מסתמא נישט אָפּגעטאָן געוואָרן קעגן דעם ווילן
פון איין צד. אַלנפאַלס האָט פרוי שטער אַזוי געקוקט אויף דעם
ענין און אַזעלכע איז געווען איר עטישע אויפפאַסונג.

קאַראָלינע שטער איז געווען שרעקלעך. אויב עפּעס האָט גע-
שטערט דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ אין זיינע ערלעך-געמיינטע
גייסטיקע באַמיִונגען, — איז עס געווען די עקסיסטענץ און מהות פון
אָט דער פרוי. כ'וואָלטן אַפילו געקלעקט דערויף בלויז אירע עס-
הארצישע צאַצקעס: אָנשטאָט „גסיסה“ האָט זי באַנוצט — „אַגאָ-
ניע“. אויב זי האָט עמעצן געוואָלט זאָגן, אַז ער איז אַ חוצפּה-
ניק, האָט זי אים גערופן „אינסאָלווענט“. וועגן די אַסטראָנאָמישע

סיבות, וואָס זיינען גורם אַ ליקוי־חמה, האָט זי געפּלאַפּלט די שרעקלעכסטע נאַרישקייטן. וועגן די מאַסן אָנגעפּאַלענעם שניי האָט זי געזאָגט, אַז ס'איז „אַן אמתע קאַפּאַציטעט". אין איינעם אַ טאָג האָט זי גורם געווען, אַז סעטעמבריני זאָל בלייבן שטיין נבהל ונשתומם: זי האָט אים דערציילט, אַז זי האָט איצט גענומען אַ בוך אין דער סאַנאַטאָריע־ביבליאָטעק, וואָס וועט אים פּאַראינטערעסירן, נעמלעך: בענעדעטטאָ טשענעל, אין שילערס איבערזעצונג! זי האָט זיך באַנוצט מיט אויסדרוקן, וועלכע האָבן דענערווירט דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ צוליב זייער געשמאַקלאָזיקייט און מאָריש־אָרדינערער אָפּגענוצטקייט. זי פּלעגט, צום ביישפּיל, זאָגן: „אַ געוואַלדיקע זאַך", אָדער „דו האָסט נישט קיין אַנונג". די באַצייכענונג „בלענדנד" פּלעגט דער המון אַ לאַנגע צייט באַנוצן אָנשטאָט „גלענצנד", אָדער „אויסגעצייכנט". לעצטנס האָט זיך עס שוין געהאַט אינגאַנצן אויסגעוועפּט, איז געוואָרן אָפּגעלאַקירט, פּראָסטיטויִרט און פאַרעלטערט. מילא, האָט זי זיך געוואָרפן אויף דעם סאַמע נייעסטן, אויף דעם וואָרט „תל־עולם". פון איצט אָן האָט אַליץ אויף אַן אמת אָדער אין אַ שפּאַס געמאַכט אַ „תל־עולם" — דער שליט־וועג, די מעל־שפּייז און איר אייגענע טעמפּעראַטור, דאָס איז ממש געווען עקלדיק. דערצו איז נאָך צוגעקומען איר לשון־הרע, וועלכע איז איבערגעגאַנגען יעדע גרענעץ. זי איז, אמת, אפשר אַ ביסל גערעכט געווען, ווען זי האָט דערציילט, אַז פרוי סאַלאָמאָן טראָגט היינט די טייערסטע שפּיצן־וועש, ווייל זי דאַרף היינט אונטערגעזוכט ווערן און זי גרויסט זיך פאַר די דאָקטוירים מיט איר פיינער אינטערוועש. דערין איז געלעגן אַ שטיק אמת. האַנס קאַסטאָרפּ אַליין האָט באַקומען דעם איינדרוק, אַז די פּראָצעדור פון אונטערזוכן, אומאָפּהענגיק פון רעזולטאַט, פאַרשאַפט הנאה די ווייבער און אַז זיי פּוצן זיך טאַקע דאַמאָלסט אויס מיט דער גאַנצער קאָקעטעריע. אָבער וואָס האָט מען געקאָנט זאָגן וועגן אַזאַ מין פאַרזיכערונג מצד פרוי שטער, אַז: די פרוי רעדיש פון פּויזן, וועגן וועלכער ס'איז דאָ אַ חשד, אַז זי האָט טובערקולאָז אין חוט־השדרה, מוז יעדע וואָך צען מינוט זיך אַרומדרייען ביים הויפראַט בערענס אינגאַנצן נאַקעט? די אויסגעטראַכטקייט פון אָט דער מעשה איז אַקוראַט אַזוי גרויס געווען ווי די מיאוסקייט — אָבער פרוי

שטער האָט זיך געהאַלטן דערין מיט עקשנות און געשוואָרן ביי אַלץ אין דער וועלט, אַז ס'איז אמת. דערביי איז שווער געווען צו באַגרייפן, ווי אַזוי זי האָט געקאָנט אָנווענדן אויף אַזעלכע זאַכן אַזויפיל ענערגיע און עקשנות, אין דער צייט, ווען זי קאָן זיך נישט קיין עצה טאָן מיט אירע אייגענע ענינים. וואָרעם פון צייט צו צייט פלעגט זי קריגן ספּאַזמאַטישע אָנפאַלן פון פּחדנות און פאַרזאָרגטקייט. די סיבה דערפון האָט געזאָלט זיין איר וואַקסנדיקע „שלאַפקייט", אָדער דאָס שטייגן פון איר דיאַגראַמע. זי פלעגט קומען צום טיש אַ שלוכצנדיקע, די פעסטע, רויטע באַקן באַגאָסן מיט טרערן און זי האָט אַריינגעיאָמערט אין איר טאַשן־טיכל, אַזוי, אַז בערענס האָט געזאָגט, אַז ער וועט איר מוזן הייסן גיין אין בעט אַריין. זי, ווייטער, פלעגט זיין נייגעריק צו וויסן, וואָס ער האָט געזאָגט הינטער אירע פּלייצעס וועגן איר קראַנקהייט, ווי זי האַלט אין דער וועלט; זי האָט געוואָלט קוקן דעם אמת אין פּנים אַריין! צו איר גרויסער שרעק האָט זי אין איינעם אַ טאָג באַמערקט, אַז איר בעט שטייט מיטן צופוסנס צו דער טיר און זי האָט כמעט געקריגן קראַמפּן, בעת זי האָט געמאַכט אָט־די אַנטדעקונג. מ'האָט ניט תיכף געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס זי איז אַזוי איבערגעשראָקן און מלא רציחה. דער עיקר האָט זיך נישט געקאָנט כאַפּן האַנס קאַסטאָרפּ. נו, איז וואָס? וואָס הייסט? פאַרוואָס זאָל דאָס בעט נישט שטיין, ווי עס שטייט? אָבער ריבונו־של־עולם, צי באַגרייפט ער נישט, וועגן וואָס ס'גייט! „מיט די פיס צו דער טיר"...! זי האָט געמאַכט אַ ווילדן ליאַרם און מ'האָט תיכף געמוזט איבערשטעלן די בעט, כאָטש פון איצט אָן האָט זי געמוזט פון קישן קוקן גלייך אין דער ליכט אַריין און דאָס האָט געשטערט איר שלאָף.

דאָס אַלץ איז נישט געווען ערנסט און עס האָט ווייער ווייניק געשטימט מיט האַנס קאַסטאָרפּס גייסטיקע באַדערפענישן. אַ באַזונדערן איינדרוק האָט געמאַכט אויף דעם יונגמאַן אַ טראַגיקער צופאַל, וואָס איז געשען אין דער צייט בעת איינער אַ מאָלצייט. אַ נייער פּאַציענט, דער לערער פּאָפּאָוו, אַ מאָגערער און שטילער מענטש, וואָס איז געזעסן מיט זיין כלה — אויך אַ שטילע און אַ מאָגערע — ביים גוטן רוסן־טיש, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן עפּילעפּטיקער.

בעתן סאַמע מיטן עסן האָט ער באַקומען אַן אָנפאַל מיט יענעם דעמאָנישן און איבערמענטשלעכן געשריי, וואָס איז שוין נישט איינמאָל געשילדערט געוואָרן. ער איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד און איז לעבן דער שטול געלעגן אין מיאוסטע קראַמפן און געוואָרפן מיט הענט און פיס. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס מ׳האָט גראָד געגעסן פיש, אַזוי אַז מ׳האָט מורא געהאַט, פּאָפּאָוו זאָל זיך נישט אַמאָל אין זיינע קראַמפן צעקאַלעטשען מיט אַ ביין. דער טומל איז געווען אומבאַשרייבלעך. די דאַמען מיט פרוי שטער בראַש און די כאַלאָמאָן, רעדיש, האַסנפעלד, מאַגנוס, איל-טיס, לעווי און ווי זיי הייסן דאָרטן זיינען נישט אָפּגעשטאַנען -- האָבן באַקומען אַלערליי אַטאַקעס, אַזוי אַז עטלעכע פון זיי האָבן כמעט אויסגעזען ווי פּאָפּאָוו אַליין. זייערע געשרייען האָבן פאַרטויבט, מ׳האָט געזען פאַר זיך בלויז פאַרקוועטשטע אויגן, אָפענע מיילער און פאַרקרימטע קערפּערס. בלויז איין איינציקע איז געפאַלן אין חלשות. צוליב דעם, וואָס יעדער איינציקער איז איבערראַשט גע-וואָרן אין סאַמע מיטן קייען און שלינגען, איז געוואָרן אַ געקרעכץ. איין טייל פון עולם ביים טיש איז אַנטלאָפן דורך אַלע מעג-לעכע אַרויסגענג, אַפילו דורך די וועראַנדע-טירן, כאָטש אינדרויסן איז געווען זייער קאַלט און נאַס. אָבער דאָס גאַנצע געשעעניש האָט— אַחוץ דער גאַנצער שרעקלעכקייט — געהאַט אין זיך עפּעס אַ מיאוסן נאָך-ריח. די סיבה דערפון איז געווען זייער אַ נאָענטע אַסאָציאַציע, וואָס האָט זיך געבונדן מיט ד״ר. קראָקאָווסקיס לעצטן רעפעראַט. דער אַנאַליטיקער איז גראָד אין לעצטן מאָנטאָג, בעת ער האָט געמאַכט זיינע אויספירונגען וועגן דער ליבע ווי אַ קראַנקהייט, וואָס שאַפט די קראַנקהייט, אַרויף אויף אַ שמועס וועגן עפּילעפּסיע. די דאָזיקע ליידן, אין וועלכע די מענטשהייט האָט אין די פאַר-אַנאַלי-טישע צייטן געזען איינמאָל עפּעס הייליקס, נביאיש, אַ צווייט מאָל גאָר טייוולאָניש, האָט ד״ר קראָקאָווסקי מיט האַלב-פּאָעטישע האַלב אומברחמנותדיק-וויסנשאַפטלעכע ווערטער געשילדערט ווי אַן עקוויוואַלענט פון ליבע און ווי אַן אָרגאַזם פון די געהירן. בקיצור, ער האָט עס געשילדערט אויף אַזאַ פאַרדעכטיקן אופן, אַז די צוהערער האָבן איצט געקוקט אויף פּאָפּאָווס אָנפאַל, אויף אָט דער לעבעדיקער

אילוסטראַציע פון רעפּעראַט, ווי אויף עפּעס אַ וויסטע אַנטפּלעקונג און מיסטעריעזן סקאַנדאַל, אַזוי אַז אין די איבערס אַנטלויפן איז אויך געלעגן אַ שטיק בושה. דער הויפּראַט איז געווען ביי דער מאָלצייט. און ער טאַקע, צוזאַמען מיט דער מילענדאָנק און עטלעכע פעסטע יונגע טיש־שכנים, האָבן אַרויסגעטראָגן פון זאַל אין דער האַלע דעם עפּילעפּטיקער, וואָס איז געווען בלאָ, שטייף, פאַרקרימט און דער שוים איז אים גערונען פון מויל. די דאָקטוירים, די איבעריקע פּערסאָנאַל האָט זיך דאָרטן נאָך לאַנג געפּאָרעט אַרום אים. דערנאָך האָט מען אים אַוועקגעטראָגן אויף אַ טראָג־ברעט. אָבער נישט לאַנג דערנאָך האָט מען ווידער געזען פּאָפּאָוון זיצן ביים גוטן רוסן־טיש צוזאַמען מיט זיין כלה, ביידע מיט אַ שטילער הנאה, גלייך ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען. זיי האָבן פאַרענדיקט דאָס מיטאָג.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך צוגעקוקט צו דעם געשעעניש מיט אויסווייניקסטע סימנים פון דרך־ארץ און שרעק. אָבער אין גרונט גענומען האָט אויך דאָס אויף אים נישט ערנסט געווירקט, זאָל אים גאָט מוחל זיין. פּאָפּאָוו האָט זיך אוודאי געקענט דערשטיקן מיט אַ ביין. אָבער פּאַקטיש האָט ער זיך נישט דערוואָרגן. ווייזט אויס, אַז ביי דעם גאַנצן אָנפאַל פון אומבאַוואוסטזיניקייט און שגעון, האָט ער שטילערהייט דאָך אַ ביסל אַכטונג געטאָן. איצט איז ער געזעסן גאַנץ לוסטיק, האָט פאַרענדיקט דאָס עסן און געמאַכט אַ מינע, גלייך ווי ער וואָלט קיינמאָל זיך נישט געוואָרפן ווי אַ משוגענער אָדער ווי אַ ווילדער שיכור. ער האָט מסתמא אויך נישט געדענקט דערין. אויך זיין גאַנצע אויסערלעכקייט איז נישט געווען צוגעפּאַסט דערצו צו פאַרשטאַרקן אין האַנס קאַסטאָרפן דעם יראת־הכבוד פאַרליידן. אויך אָט־די אויסערלעכקייט האָט פאַרשטאַרקט אין האַנס קאַסטאָרפן דעם איינדרוק, אַז אַלץ איז דאָ נישט־ערנסט און צעלאָזן. ער האָט עס דאָ געזען אויף טריט און שריט, כאָטש ר'האָט זיך קעגנגעשטעלט. טאַקע דערפאַר האָט ער געוואָלט קומען אין נעענטערער באַריִרונג מיט דער שווער־און מס'כן־קראַנקער, כאָטש ס'איז דאָ געווען קעגן מנהג.

אויפן זעלבן עטאַזש, וואו ס'האָבן געוואוינט די קוזינען, נישט ווייט פון זייערע צימערן, איז געלעגן אַ גאַנץ יונג מיידל, מיטן

נאָמען ליילאַ גערנגראָס. לויט ווי די שוועסטער אַלפֿרעדאַ האָט דערציילט, האָט יענע געהאַלטן בײַ שטאַרבן. אין משך פֿון צען טעג האָט זי געקראָגן פֿיר שטאַרקע בלוט־שטורצן און אירע עלטערן זיינען אַרויפֿגעקומען, כּדי זי אפשר נאָך אַהיימצונעמען אַ לעבעדיקע. אָבער דאָס האָט זיך נישט געלאָזט מאַכן. דער הויפּראַט האָט געזאָגט, אַז מ'קאָן די קליינע נישט אַריבערטראַנספּאָרטירן. זי איז געווען אַ מיידל פֿון אַ יאָר זעכצן־זיבעצן. דאָ האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזען די אמתע געלעגנהייט אויסצופֿירן זיין פּלאַן מיט דעם בלומען־וואַזאָן און מיט דעם וואונטש אויף אַ רפֿואה שלמה. אמת, אַז ס'איז איצט נישט געווען ליילאַס געבורטס־טאָג און לויט ווי מען האָט געקאָנט פֿאָראויסזען, וועט זי שוין, מסתּמא, דאָס נישט דערלעבן. ווייל איר געבורטס־טאָג פֿאַלט־אויס, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויסגעפֿאָרשט, ערשט אין פֿרילינג. פֿונדעסטוועגן האָט דאָס, לויט זיין מיינונג, נישט געדאַרפֿט זיין קיין מניעה פֿאַר אַזאַ רחמנותדיקער אויפֿמערקזאַמקייט. אויף אַ פֿאַר־מיטאָג־שפּאַציר אין דער געגנט פֿון קאַסינאָ, איז ער צוזאַמען מיט זיין קוזין אַריין אין אַ בלומען־געשעפֿט. ער האָט דאָרטן טיף איינגעאָטעמט אין זיך די ערדיק־פֿייכטע לופֿט, וואָס איז איבערגעזאַפּט מיט גוטע ריחות און האָט דאָרטן באַשטעלט אַ גרויסן וואַזאָן מיט האָרטענסיעס. ער האָט דאָס געהייסן אַוועקטראָגן דער קליינער מסוכּן־קראַנקער אין צימער אַריין און נישט אָנגעגעבן קיין נעמען, בלויז אויפֿגעשריבן אויף אַ קאַרטע: פֿון צוויי שכנים, מיט די בעסטע וואונטשן אויף אַ רפֿואה. ער האָט עס געטאָן מיט פֿרייד, אָנגענעם באַרוישט פֿון פֿלאַנצן־הויך, פֿון דער לוילעכער וואַרעמקייט אין געוועלב. בעת ער איז אַריינגעקומען פֿון פֿראָסט אַהין, זיינען אים אַזש איבערגעלאָפֿן די אויגן. זיין האַרץ האָט דערביי געקלאַפּט און ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ס'איז דאָ עפּעס אַוואַנטוריסטישס, דרייסטס און אויפֿמוטערישס אין זיין פּלומרשט נישט־וויכטיקן טאַט, און וועלכן ער האָט בסוד געזען אַ סימבאָלישן באַטייט.

ליילאַ גערנגראָס האָט נישט געהאַט קיין פּריוואַטע פֿלעגערין. ס'האָבן זיך פֿאַרנומען מיט איר דירעקט די פֿריילין פֿאָן מילענדאָנק און די דאָקטוירים. אָבער די שוועסטער אַלפֿרעדאַ איז געווען בײַ איר אַ שטענדיקע איינגייערין און זי האָט אָפּגעגעבן די יונגלייט אַ באַ־

ריכט וועגן דער ווירקונג, וואָס זייער מתּנה האָט געהאַט אויף דער קראַנקער. די קליינע, וואָס מוז צוליב איר קרענק ליגן אינגאַנצן אָפּ־געזונדערט, האָט זיך קינדיש געפרייט מיט דעם פרעמדן גרוס. דער וואַזאָן מיט די בלומען שטייט ביי איר בעט און זי צערטלט זיי מיט די אויגן און מיט די הענט, האָט אין זינען, מ'זאָל זיי באַגיסן און אין די ערגסטע אָנפאַלן פון הוסטן נעמט זי נישט אַראָפּ קיין אויג פון זיי. אירע עלטערן, דער דימיסיאָנירטער מאַיאָר גערנגראָס און זיין ווייב, זיינען אויך געווען גערירט און דערפרייט. היות זיי האָבן אַפילו נישט געקאָנט פּרוּוון טרעפן, ווער ס'האָט דאָס צוגעשיקט, ווייל זיי קאָנען דאָ נישט קיינעם, האָט זיך אַלפרעדאַ שילדקנעכט נישט געקאָנט איינהאַלטן (זי האָט עס אַליין מודה געווען) דעם סוד און סוף־כּל־סוף אויסגעזאָגט די נעמען פון די קוזינען. זי האָט זיי טאַקע געבּעטן די ביטע פון די דריי גערנגראָס'ס, זיי זאָלן זיך פּאַרשטעלן, כּדי מען זאָל זיי קאָנען דאַנקען. צומאָרגנס האָט זי די שוועסטער אַוועקגעפירט אויף די שפּיצן פינגער אין ליילאַס קראַנקן־צימער אַריין.

די שטאַרבנדיקע איז געווען אַ רייצנדיק בלאָנד באַשעפעניש מיט אויגן ממש, ווי פאַרגעסמיכנישט־בלימעלעך. נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט געהאַט אַזעלכע מוראדיקע בלוט־פאַרלוסטן און וואָס זי האָט געעטעמט בלויז מיט אַ קליין שטיקל איבערגעבלי־בענע לונג, האָט זי פונדעסטוועגן נישט אויסגעזען שלעכט, בלויז — איידל. זי האָט געדאַנקט און גערעדט מיט אַ ביסל אַ מאַטע, אָבער אָנגענעמער שטים. איף אירע באַקן איז אַרויסגעטרעטן אַ ראָזע קאָליר און אַזוי געבליבן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט איר און אירע על־טערן אויסגעקלערט די מאָטיוון פון זיין האַנדלונג, ווי מ'האָט גע־קאָנט פאַראַיכזען און זיך אין אַ געוויסער מאָס אַנטשולדיקט. גערעדט האָט ער שטיל און גערירט, כּמעט און מיט דרך־ארץ. ס'האָט נישט געפעלט אַ סך — די אינעווייניקסטע טרייב־קראַפט איז אַלנפאַלס געווען, — ער זאָל זיך פאַר דעם בעט אַנידער־וואַרפן אויף די קני. ער האָט לאַנג געהאַלטן ליילאַס האַנט אין זיינער, כאָטש איר הייס הענטל איז נישט בלויז געווען פייכט, נאָר ממש נאַס. דאָס קינד האָט שטאַרק געשוויצט. זי האָט אַרויב־

געגעבן פֿון זיך אַזויפֿיל וואַסער, אַז איר פֿלייש וואָלט שוין לאַנג געהען אײַנגעשרומפּן און פֿאַרטריקנט געוואָרן, ווען זי זאָל נישט געווען טרינקען כּסדר מיט אַזאַ דאָרשט לימאָנאַד. אײַך איר נאַכט־טישל איז טאַקע געשטאַנען אַ פֿולע קאַראַפֿינקע, צוליב דעם איז מער ווייניקער געהאַלטן געוואָרן גלייכגעוויכט. ווי פֿאַ־צרהט די על־טערן זיינען נישט געווען, האָבן זיי זיך פֿונדעסטוועגן אויסגע־פֿרעגט בײַ די קוזינען פֿאַרשיידענע פּרטים, געשמועסט וועגן דעם און יענעם און אַזוי־אַרום זיך אָנגעשטרענגט, אַז דער קורצער גע־שפּרעך זאָל אַרויסקומען לייטיש. דער מאַיאָר איז געווען אַ מענטש מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ קורצן שטערן און שפּיציקע וואָנסן — אַ ריז, וואָס זיין אָרגאַנישע אומשולדיקייט אין דעם טעכטערלס גע־נייגטקייט צו שווינדזוכט האָט זיך ממש געוואָרפֿן אין די אויגן. גיכער איז, אַפּנים, שולדיק געווען דערין זיין פֿרוי, אַ נידעריקע, פֿון אמתן טיפּ שווינדזיכטיקע; איר געוויסן איז, אַפּנים, נישט ריין געווען צוליב דער דאָזיקער ירושה אירער. אין אַ צען מינוט אַרום האָט מען געזען, אַז לײַלאַ איז שוין מיד, אָדער בעסער געזאָגט: צופֿיל צערייצט (די ראָזיקייט פֿון איר פּנים איז שטאַרקער געוואָרן און די פֿאַרגעסמיכנישט־אויגן האָבן גענומען באַאומרויקנדיק גלאַנצן). די שוועסטער אַלפֿרעדאַ האָט דעמאָלט אײַך די קוזינען אַ קוק געטאָן מיט אַן אָנצוהערעניש און זיי האָבן זיך געזעגנט. פֿרוי גערנגראָב האָט זיי דערבײַ באַגלייט צו דער טיר און דאָרטן גענומען באַשולדיקן זיך אַליין. האַנס קאַסטאָרפּ איז דערפֿון געוואָרן שטאַרק גערירט. פֿון איר, פֿון איר אַליין האָט זי עס איבערגענומען — האָט זי געטענהט אַ צעבראָכענע. נאָר פֿון איר האָט דאָס אָרעמע קינד עס געקאָנט איבערנעמען. איר מאַן האָט דאָ נישט די מינדסטע שולד, האָט דערמיט קיין שום שייכות נישט. אָבער אויך זי, קאָן זי פֿאַרזיכערן, האָט געליטן דערפֿון בלויז פֿאַראיבערגייענדיק, בלויז אַ ביסל, אַ גאַנץ קורצע צייט, ווען זי איז נאָך געווען אַ יונג מיידל. דערנאָך האָט זי עס גובֿר געווען, אינגאַנצן. אַזוי האָט מען איר געזאָגט אָפּיציעל. ווײַל זי האָט געהאַט בדעה חתונה צו האָבן, חתונה האָבן און לעבן. ס׳איז איר טאַקע געלונגען זיך אינגאַנצן אויסצוהיילן, איידער זי איז זיך צונויפֿגעגאַנגען מיט איר

ליבן אײַזן־שטאַרקן מאַן, וועלכער איז הימל־הויך געווען פון אַלעלכע זאַכן. אָבער ווי ריין און שטאַרק ער איז נישט — האָט ער דאָך נישט געקאָנט אויסמײַדן דאָס אומגליק דורך זײַן אײַנפלוס. ווייל בײַם קינד איז דאָס שרעקלעכע, דאָס באַגראָבענע און פאַרגעסענע ווידער אַרויס. זי, דאָס קינד, קאָן שוין נישט פּטור ווערן דערפון, גייט צו גרונד, אין דער צייט, ווען די מוטער איז עס איבערגעקומען און דערגרייכט אַ מער־זיכערע עלטער. עס שטאַרבט, דאָס אָרעמע ליבע באַשעפעניש, די דאָקטוירים גיבן מער נישט קיין שום האָפענונג און זי אַליין איז שולדיק דערין.

די יונגעלייט האָבן זי געפּרוּווט טרייסטן, געפּרוּווט זאָגן, אַז די קראַנקהייט קאָן נאָך אַמאָל אָננעמען אַ גליקלעכע ווענדונג. אָבער די מאַיאָרין האָט בלויז גענומען שלוכצן און האָט זיי, אַלנפאַלס, נאָכאַמאָל געדאַנקט פאַר אַלץ, פאַר דער האָרטענסיע און דערפאַר, וואָס זיי האָבן מיט זייער באַזוך דאָס קינד אַ ביסל דערפרייט און צעשטרייט. אָט ליגט זי, די אומגליקלעכע, אין אירע יסורים און אײַנזאַמקייט, אין דער צייט, ווען אַנדערע יונגע קינדער האָבן אַ הנאה פון זייער לעבן און טאַנצן אַרום מיט שיינע בחורים. ווי קראַנק מ'זאָל נישט זיין, ווערט אָט־דער חשק נישט אָפּגעטויט. זיי האָבן איר אַריינגעברענגט אַ ביסל זון, מיין גאָט, אפשר שוין דאָס לעצטע. די האָרטענסיע איז פאַר איר געווען ווי ערפאָלג אויף אַ באַל און די פאָר ווערטער מיט די ביידע קאַוואַלירן — אַ מין קליינער פלירט. זי, די מוטער, האָט עס גאַנץ גוט געזען.

דאָס האָט אויף האַנס קאַסטאָרפּן געמאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק, באַזונדערס אויך דערפאַר, ווייל די מאַיאָרין האָט דאָס וואָרט „פלירט“ אַרויסגעזאָגט נישט ריכטיק, דאָס הייסט: נישט אויף ענגליש, נאָר מיט אַ דייטשער i. דאָס האָט אים אָן אַ שיעור שאָקירט. ער איז אויך נישט געווען קיין עלעגאַנטער קאַוואַליער, נאָר האָט באַזוכט די קליינע ליילאַ צוליב פּראָטעסט קעגן דעם הערשנדיקן עגאָיזם און געהאַט דערביי מעדיציניש־גייסטלעכע כוונות. בכלל, ער איז געווען אַ ביסל דערשלאָגן צוליב דעם לעצטן רעזולטאַט פון זיין אויפטו; אָבער דאָס אַלץ, אויף וויפל ס'איז געגאַנגען

וועגן דער מאַיאָרין. אויסער דעם איז ער געווען זייער אויפגעלעבט
און אויפגערודערט צוליב דעם, וואָס ער פירט אויס זיינע פּלענער.
דער עיקר זיינען אים געבליבן דערפון אין זכרון און אין האַרץ
צוויי איינדריקן דערפון: די ערדיקע ריחות פון בלומען-געוועלב און
די נאַכקייט פון לייזאַס העמטל. הגם דער אָנהייב איז שוין גע-
מאַכט געוואָרן, האָט ער זיך נאָך אין איינענעם טאָג אָפּגעשמועסט
מיט דער שוועסטער אַלפרעדאַ אַ באַזוך ביי פריין ראָטביין, וועלכן
זי האָט געפּלעגט און וועלכער האָט זיך אַזוי שרעקלעך געלאַנג-
ווייליקט מיט איר, כאָטש לויט אַלע סימנים איז אים באַשערט
געווען נאָך גאָר קורץ אָנצוהאַלטן.

כ'האָט דעם וואָילן יאָאַכים גאָרנישט געפעלט. ער האָט
געמוזט מיטהאַלטן. האַנס קאַסטאָרפּס חשק און זיין באַרעמהאַר-
ציקער אונטערנעמערישער גייסט זיינען שטאַרקער געווען פון זיין
קוזינס נישט געניינטקייט. יאָאַכים האָט עס, אַגב, געקאָנט אַרויס-
ווייזן בלויז מיט זיין שווייגן אָדער מיט דעם, וואָס ער האָט אַראָפּ-
געלאָזט די אויגן; ווייל ער האָט זיין קאָפּן חשק צו אַזעלכע
זאַכן נישט געקאָנט באַגרינדן אַנדערש, ווי מיט מאַנגל אין קריסט-
לעכע געפילן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען
און דאָס אויסגענוצט. ער האָט אויך געניי פאַרשטאַנען דעם מי-
ליטערישן זין פון אָט-דער נישט-געניינטקייט צו אַזעלכע זאַכן.
אָבער וואָס קאָן ער טאָן, אַז ער אַליין פילט זיך פּאָרט לעבעדיק
און גליקלעך צוליב אָט-די אונטערנעמונגען און זיי האָבן אים אויס-
געזען נוצלעך? באין-ברירה האָט ער געמוזט זיך נישט ווינדיק
מאַכן וועגן יאָאַכימס שטילן ווידערשטאַנד. ער האָט זיך מיט אים
מיישב געווען, צי מ'זאָל דעם יונגן פריץ ראָטביין שיקן אָדער
ברענגען בלומען, כאָטש אָט-דער חולה-מבוכן איז אַ מאַנסביל. ער
האָט זייער חשק געהאַט עס צו טאָן. ער האָט געהאַלטן, אַז
בלומען זיינען דאָ אויפן אָרט. די המצאה מיט דער האָרטענזיע,
וואָס איז געווען פּיאָלעט און שיין-געפּאָרעמט, איז אים זייער שטאַרק
געפעלן. צום סוף האָט ער באַשלאָסן, אַז פריץ ראָטביינס מענלעכ-
קייט דאַרף דאָ נישט שפּילן קיין ראָל, ווייל ער האַלט שוין
שטאַרק און אַז כדי אים צו דערלאַנגען בלומען, דאַרף מען נישט

האָבן, ס׳זאָל זיין געבורטס־טאָג. ווייל שטאַרבנדיקע דאַרפן שטענדיק אָן שום טענות באַהאַנדלט ווערן ווי מענטשן, וואָס פֿראַווען זייער געבורטס־טאָג. אין אַזאַ שטימונג האָט ער צוזאַמען מיט זיין קוזין ווידער אויסגעזוכט דאָס בלומען־געשעפֿט מיט די ערדיק־וואַרעמע ריחות און איז שפּעטער אַריין צום הער ראָטביין מיט אַ פֿריש־באַשפּריצטן בוקעט שמעקעדיקע רויזן, נעלקן און לעווקאָיע. אַריינגעפֿירט האָט איִם אַלפֿרעדאַ שילדקנעכט, וועלכע האָט פֿריער דעם קראַנקן געמאָלדן די געסט.

דער שווער־קראַנקער — קיים צוואַנציק יאָר אַלט און דערביי שוין אַ ביסל ליסע און גרוי, וואַקס־געל און אויסגעצערט, מיט גרויסע הענט, אַ גרויסער נאָז און גרויסע אויערן — איז געווען דאַנקבאַר ביז טרערן פֿאַר דער טרייסט און צעשטרייונג. פֿון שוואַכקייט האָט ער פֿאַקטיש אַ ביסל גענומען וויינען, בעת ער האָט באַגריסט ביידע יונגעלייט און צוגענומען דעם בוקעט. באַלד האָט ער אָבער, אין שייכות צום בוקעט, אָנגעהויבן ריידן מיט אַ שעפּטשענדיק קול וועגן אייראָפּעישן בלומען־האַנדל און זיין פֿרידיקן וואוקס און פֿאַרברייטערונג. ער האָט גערעדט וועגן געוואַלדיקן עקספּאָרט פֿון די גערטנעריי־פּראָדוקטן אין ניצע און קאַן, וועגן די וואַגאָן־לאָדונגען, און פּאָסט־שיקונגען, וואָס גייען אָפּ פֿון יענער געגנט טאָג־טעגלעך אין אַלע זייטן, אויף די אַנגראָ־מאַרקן פֿון פּאַריז און בערלין און קיין רוסלאַנד. וואָרעם ער איז געווען אַ סוחר, דער קראַנקער, און ער האָט זיך אינטערעסירט מיט מסחר, ווי לאַנג ער האָט נאָך געלעבט. זיין פֿאָטער, דער לאַלקע־פֿאַבריקאַנט פֿון קאָבורג, האָט איִם געשיקט בילדן זיך קיין ענגלאַנד — אַזוי האָט ער דערציילט שעפּטשענדיק — און דאָרט איז ער קראַנק געוואָרן. מ׳האָט אָבער זיין היץ אָנגענומען פֿאַר טיפֿוס און אַזוי־אַרום איִם באַהאַנדלט, דאָס הייסט: איִם געקאָרמעט מיט קלעי, און צוליב דעם איז ער אַזוי געפֿאַלן פֿון די כּוחות. דאָ אויבן האָט ער גענומען אַ סך עסן און ער האָט עס טאַקע געטאָן. מיט דער גרעבער מי פֿלעגט ער זיצן אין בעט און אין זיך אַריינצווינגען עסן. אָבער ס׳איז שוין געווען צו־שפּעט. ליידער איז די שווינדזוכט אַריבער אויך אויף די געדערים. אומזיסט האָט מען איִם צוגעשיקט פֿון דער

היים לעקער און געווירצערטע אַל־פּיש. ער האָט עס מער נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן. איצט דאַרף זיין פּאַטער קומען פֿון קאָבורג, בערענס האָט אים טעלעגראַפיש אַרויסגערופֿן. וואָרן ס'האַלט ביי אַ וויכטיקן שריט, מ'גרייט זיך אים צו מאַכן אַ ריפּן־רעסעקציע. מ'וויל עס אַלנפאַלס איבערפּרוּוון, כאָטש די שאַנסן זיינען זייער קליינע. ראָטביין האָט וועגן דעם געשעפּטשעט אין זייער אַ זאַכלעכן טאָן און האָט גענומען די פֿראַגע פֿון דער אָפּעראַציע לחלוטין פֿון דער געשעפֿטלעכער זייט. אַזוי לאַנג ווי ער לעבט, אַלנפאַלס, וועט ער קוקן אויף די זאַכן פֿון אַזאַ קוק־ווינקל. די קאָסטן — האָט ער געשעפּטשעט — אַריינרעכענענדיק די אַנאַסטעזיע* פֿון הויט־השדרה — וועט דאַרפֿן אָפּקאָסטן אַ טויזנט פֿראַנק. ווייל ס'גייט דאָ כמעט וועגן גאַנצן ברוסט־קאַסטן, וועגן זעקס ביז זיבן ריפּן און ס'איז אַ פֿראַגע, צי דער גאַנצער עסק וועט לוינען. בערענס רעדט אים צו. אָבער פֿאַר יענעם איז דער אינטערעס אַ קלאָרער, אין דער צייט, ווען פֿאַר אים, ראָטביינען, איז עס אַ צווייפֿלהאַפֿטע מעשה און ער וואָלט אפשר גאָר קליגער געטאָן, ווען ער וואָלט גלייכער געשטאָרבן מיט די ריפּן.

ס'איז שווער געווען אים צו געבן אַן עצה. די קוזינען האָבן אַרויסגעזאָגט זייער מיינונג, אַז אין דער קאַלקולאַציע מוז גענומען ווערן אין חשבון די באַדייטנדיקע כירורגישע געניטקייט פֿון הויפּטראַט. צום סוף האָט מען איינשטימיק באַשלאָסן איבערצולאָזן דעם באַשלוס דעם אַלטן ראָטביין, וואָס האַלט ביי קומען צו פֿאָרן. ביים געזעגענען האָט דער יונגער פֿריץ ווידער אַ ביסל לייכט געוויינט. כאָטש ס'איז געשען בלויז צוליב שוואַכקייט, זיינען די טרערן, וואָס ער האָט פֿאַרגאָסן, געשטאַנען אין אַ מאָדנער סתירה צו דער טרויקענער זאַכלעכקייט פֿון זיין אופֿן טראַכטן און ריידן. ער האָט געבעטן די קוזינען, זיי זאָלן זיך נאָכאַמאָל אַריינכאַפּן צו אים און זיי האָבן עס ברייטהאַרציק צוגעזאָגט. ס'איז אָבער מער נישט אויסגעקומען. ווייל אין אייגענעם אָוונט איז אָנגעקומען דער לאַלקע־פֿאַבריקאַנט און צומאָרגנס פֿאַר מיטאָג האָט מען זיך גענומען צו

* דאָס מאַכן צו אָבער אומפילבאַר אויף אַ שטיקל צייט.

דער אָפּעראַציע. נאָך דער אָפּעראַציע האָט דער יונגער פּריץ מער נישט געקאָנט אויפנעמען קיין געסט. צוויי טעג שפּעטער האָבן האַנס קאַסטאָרפּ און יאָאַכים פאַרבייגייענדיק געזען, ווי מ'פּאָרעט זיך אַרום ראָטביינס צימער. די שוועסטער אַלפרעדאַ איז שוין אַוועק פון „בערגהאָף“ מיט איר וואַליזקעלע, ווייל מ'האָט זי אויך גיך באַשטעלט צו אַן אַנדער מסוכן־קראַנקן אין אַן אַנדערער סאַנאַטאָריע. זיפצנדיק, מיטן שנירל פון די בינאָקלען הינטערן אויער איז זי אַוועק צו אים, ווייל דאָס איז געווען איר איינציקע פּערספּעקטיוו.

אַ „פּאַרלאָזן“, אַ פריי־געוואָרן צימער, די טאָפּל־טירן אָפן, דאָס מעבל אָנגעלייגט אין אַ קופּע און מ'פּאָרעט זיך דאָרטן — דאָס האָט אַ סך געהאַט צו זאָגן. אָבער מ'האָט עס אַזוי אָפט געזען אויפן וועג צום עס־זאַל אָדער צום אַרויסגאַנג, אַז מ'האָט זיך שוין כמעט נישט אָפּגעשטעלט דערויף. בפרט נאָך, אַז יעדער איינער האָט זיך אַמאָל אַריינגעצויגן אין אַזאַ — און אויף אַזאַ אופן — „פריי־געוואָרן“ און אויסגערוימטן צימער און דערנאָך זיך דאָרט געפילט היימיש. טיילמאָל האָט מען אויך געוואוסט, ווער ס'האָט געוואוינט פריער אין דעם צימער. דאָס האָט שפּעטער דערוועקט פאַרשיידענע מחשבות. דער פאַל איז טאַקע איצט געשען מיט האַנס קאַסטאָרפּן און אויך אַכט טעג שפּעטער, בעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס צימער פון דער קליינער גערנגראָס און עס געטראָפן אין אַזאַ מעמד. דאָסמאָל איז ער אין דער ערשטער רגע אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן פון דער פּאָרעניש אינעווייניק. ער איז געשטאַנען און זיך צוגעקוקט, פאַרקלערט און געטראָפן. דערביי איז אַדורכגעגאַנגען דער הויפראַט.

— כ'שטיי דאָ און קוק מיך צו, ווי מ'פּאָרעט זיך — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט. — גוט־מאָרגן, הער הויפראַט. די קליינע ליילאַ...

— טיאַ — האָט געענטפערט בערענס און אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען. נאָך אַ ווײלע שווייגן, וואָס איז נייטיק געווען, כדי אַרויסצוברענגען אָט־די מינע, האָט ער צוגעגעבן:

— איידער זי האָט צוגעמאַכט אַן אויג, האָט איר נאָך באַוויזן זיך צוצושאַרן צו איר? — ס'איז גאַנץ שיין פון אייער זייט,

וואָס איר געדענקט אַמאָל אָן מיינע פייגעלעך, וואָס פייפן מיט די לונגען אין די שטייגן. איר זענט נאָך רעלאַטיוו ביי די כּוחות. אַ שיינער זשעסט פון אייער זייט, נו־נו, לאָמיר האָסמאָל זאָגן דעם אמת: ס'איז אַ גאַנץ שיינער שטריך אין אייער כאַראַקטער. זאָל איך אייך ביי אַ געלעגנהייט פון צייט צו צייט אַריינפירן צו עמעצן? איך האָב דאָ נאָך אַ סך טשיזשיקעס זיצן — אויב ס'אינטערעסירט אייך. איצט, צום ביישפּיל, כאַפּ איך מיך אַריין צו מיין „איבערגעפולטער". איר ווילט מיט מיר אַריינגיין? איך וועל אייך גאַנץ פּשוט פאָרשטעלן פאַר אַ אָנטייל־נעמענדיקן פּאַציענט.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט דערהייף געענטפערט, אַז דער הויפּראַט האָט אים אַרויסגעכאַפּט דאָס וואָרט פון מויל און אים ממש פאָרגעלייגט דאָס, וואָס ער האָט געהאַט בדעה צו בעטן ביי אים. ער וויל מיט דאַנקבאַרקייט אויסנוצן די דערלויבעניש און גייט מיט. אָבער ווער איז דאָס די „איבערגעפולטע" און ווי אַזוי דאַרף מען פאַרשטיין אָט־דעם נאָמען.

— ווערטלעך — האָט געענטפערט דער הויפּראַט. — גאַנץ פּרעציז און נישט מעטאַפאָריש. זי וועט עס אייך אַליין דערציילן. זיי מאַכן עטלעכע טריט און זיינען שוין דאָ אין צימער פון דער „איבערגעפולטער". דער הויפּראַט שטופּט זיך אַריין אין דער טאָפּל־טער טיר און הייסט זיין באַגלייטער צוּוואַרטן. בעת בערענס קומט דאָרטן אַריין, דערהערט מען אינעווייניק אַ קורץ־אָטעמדיק אָנגעשטרענגט, אָבער אַ העל און לוסטיק געלעכטער. דערנאָך ווערט עס אָפּגעהאַקט. אָבער שפּעטער, מיט עטלעכע מינוט, ווען האַנס קאַסטאָרפּ ווערט אַריינגעלאָזט און בערענס שטעלט אים פאָר דער בלאָנדער דאַמע, וואָס ליגט אין בעט — דערהערט ער ווידער אָט־דאָס געלעכטער. זי באַטראַכט אים נייגעריק מיט אירע בלויע אויגן. זי איז האַלב אויפגעזעצט, מיטן קישן הינטערן רוקן, זעט אויס צו זיין אומרויק און האַלט אין איין לאַכן דראָבנע, הויך און זילבערן. בשעת־מעשה פעלט איר כּסדר אויס אָטעם, ווייל ס'האָט זי, ווי ס'זעט אויס, געריסן און געקיצלט אין האַלז פון לופט־מאַנגל. פונדעסטוועגן האָט זי אויך געלאַכט פון דעם אופן, ווי אַזוי דער הויפּראַט האָט איר פאָרגעשטעלט דעם גאַסט. בערענס איז באַלד

דערנאָך אַוועק און זי האָט אים אַ סך מאָל נאָכגערופן אַדיע און אַ שיינעם דאַנק און צום ווידערזען. זי האָט אים דערביי צוגעשאָקלט מיט דער האַנט, קלינגענדיק אָפּגעזיפצט, געלאַכט זילבערן, פאַרלייגט די הענט אויף דער צעוויגטער ברוסט הינטערן באַטיסטענעם העמד און נישט געקאָנט אײַנרוען מיט די פיס. זי האָט געהייסן פרוי צימערמאַן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט זי געקאָנט פון עטלעכע מאָל זען. אַ פּאָר וואָכן איז זי געזעסן בײַם טיש פון דער פרוי סאַלאָמאָן און פון זיללוסובאַדיקן גימנאַזיסט און האָט שטענדיק אַ סך געלאַכט. דערנאָך האָט מען זי איבערגעהערט צו זען און ס'איז דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ ווייניק אָנגעגאַנגען. זי איז מסתמא אַוועקגעפאָרן, האָט ער געקלערט, אויף וויפל ער האָט בכלל געקלערט וועגן דעם. איצט האָט ער זי דאָ דאָ געטראָפן, מיט אַ נאָמען „איבערגעפילטע", וועלכן ער האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין.

— האַ־האַ־האַ־האַ — האָט זי גענומען לאַכן פערלדיק, געקיצלט. און איר ברוסט האָט זיך געהויבן גיך אַראָפּ און אַרויף. — ער איז אַ מוראדיק קאָמישער מענטש, אָט דער בערענס, אויסטערליש קאָמיש און אַמוזאַנט, מ'קאָן פּלאַצן פון געלעכטער. זעצט אײַך, הער קאַסטען, הער קאַרסטען, אָדער ווי איר הייסט דאָרטן. איר האָט אַזאַ קאָמישן נאָמען, האַ־האַ־הי־הי, אַנטשולדיקט! זעצט אײַך אויף דער שטול מיר צופוסנס, אָבער ערלויבט מיר צו קלאַפּן מיט די פיס, איך קאָן מיך נישט — האַ...אַ.... האָט זי אַ זיפץ געטאָן מיט אַן אָפן מויל און ווידער גענומען לאַכן פערלדיק. — כ'קאָן מיך נישט אײַנהאַלטן.

זי איז געווען כמעט אַ שיינע, האָט געהאַט קלאָרע, אַ ביסל צו בולטע, אָבער אָנגענעמע שטריכן און אַ קליין גורדערל. אָבער אירע ליפּן זײַנען געווען בלאָלעך, אויך דער שפּיץ נאָז איז אַרײַנגעפאַלן אין אַזאַ קאָליר, אָן שום ספק צוליב אויספעלונג פון אָטעם. אירע הענט זײַנען געווען סימפּאַטיש אויסגעמאָגערט און ס'האָבן זיי געפּאַסט די שפּיצן־מאַנזשעטן פון נאַכט־העמד, אָבער זיי האָבן אויך אַזוי ווייניק געקאָנט אײַנרוען ווי די פיס. איר האַלז איז געווען אַ מיידלערישער מיט גריבלעך פאַר די סובטעלע שליסל־ביינער. אויך איר ברוסט, וואָס האָט זיך געהויבן פון כסדרדיקן לאַכן און אָטעם־

מאַנגל אומרויִק און דישענדיק, האָט אויסגעזען צאַרט און יונג. האַנס קאַסטאָרפּ האָט באַשלאָסן אויך איר צו שיקן אָדער צו ברענגען שיינע בלומען פון די עקספּאָרט-גערטנערייען אין ניצצאַ אָדער קאַן, באַשפּריצטע און שמעקנדיקע. ער האָט מיט אַ לייכטער פאַר-לעגנהייט זיך געפּרוּווט צופּאַסן צו פראוי צימערמאַנס צעשטרייטער און אָנגעשטרענגטער פריילעכקייט.

— איר באַזוכט דאָ, הייסט עס, די מכוּבן-קראַנקע? האָט זי געפרעגט — ווי אַמוזאַנט און פריינדלעך דאָס איז פון אייער זייט. האַ-האַ-האַ-האַ! שטעלט אייך אָבער פאָר, אַז איך געהער נישט צו זיי, דאָס הייסט, איך בין עס אייגנטלעך נישט געווען, נאָך ביז ערשט ניט לאַנג, לחלוטין נישט... ביז ס'האָט זיך מיר לעצטנס אָט די געשיכטע... הערט נאָר אויס, צי דאָס איז נישט דאָס קאָמע קאָמישסטע, וואָס איר האָט נאָר אין אייער גאַנץ לעבן... קעמפנדיק כסדר פאַר אָטעם און נישט אויפהערנדיק צו טרילערן און צו שיטן מיט פערלדיקן געלעכטער, האָט זי דערציילט, וואָס ס'האָט זיך איר גע-טראָפן.

זי איז אַרויפגעקומען עטוואָס קראַנק — אַלנפאַלס קראַנק, ווען נישט, וואָלט זי דאָך נישט געקומען. קאָן אפשר זיין נישט אינ-גאַנצן לייכט, אָבער מער לייכט ווי שווער. ס'האָט אויך איר אויך גלענצנדיק געווירקט דער פּנעאומאָטאָראַקס, אָט די יונגע דער-גרייכונג פון דער כירורגישער טעכניק, וואָס איז זייער גיך באַליבט געוואָרן. די אָפּעראַציע איז פולשטענדיק געלונגען, פראוי צימערמאַנס געזונט האָט זיך כסדר פאַרבעסערט אויפן דערפרייענדיקסטן אופן. איר מאַן — ווייל זי האָט אַ מאַן, כאָטש קיין קינדער נישט — האָט זי געזאָלט צוריק אָפּנעמען אין אַ דריי אָדער פיר חדשים אַרום. אָבער דאָ איז איר איינגעפאַלן צוליב פאַרווייילונג צו מאַכן אַן אויספלוג קיין ציריך. קיין אַנדערן מאָטיוו האָט זי נישט געהאַט ביי אָט דער נסיעה אַחוץ צו אַמוזירן זיך. זי האָט זיך טאַקע אַמוזירט וויפל נאָר דאָס האַרץ האָט געגלוסט. אָבער דערביי האָט זי דערשפּירט די נויטווענדיקייט זיך צו לאָזן אויספילן מיט שטיקשטאָף און זיך גע-ווענדט וועגן דעם צו אַ דאָרטיקן דאָקטאָר. אַ ליבער, קאָמישער יונגערמאַן, האַ-האַ-האַ-האַ, האַ-האַ-האַ, אָבער וואָס, מיינט איר, איז

געשען? ער האָט זי איבערגעפולט! קיין אַנדער באַצייכענונג קאָן מען דערפאַר נישט געפינען, אָט־דאָס וואָרט זאָגט אַליך. ער האָט געוואָלט מאַכן צו־גוט, ער האָט אָבער נישט גוט פאַרשטאַנען דעם ענין, קורץ און וואויל: זי איז געקומען צוריק אַרויף אַהער אַן איבערגעפולטע, — ההאַ! היהיהי! — מיט האַרץ־קראַמפן און שטיקעניש. בערענס האָט שרעקלעך געזידלט און איר תיכף געהייסן זיך לייגן אין בעט אַריין. ווייל איצט איז זי שווער קראַנק, נישט מכּוח איינגטלעך, אָבער קאַליע־געמאַכט, פאַרפאַסקודעט — האַהאַהאַ! גיט נאָר אַ קוק די מינע! פאַרוואָס מאַכט איר אַזאַ קאָמישע מינע? זי נעמט הייזן מיטן פינגער און אַזוי שטאַרק לאַכן פון זיין מינע, אַז איר שטערן ווערט אויך בלוי. אָבער צום מיינסטן קאָמיש — זאָגט זי, — איז געווען בערענס מיט זיינע זידלערייען און מיט זיין גראָבקייט. תיכף ווי זי האָט דער־שפירט, אַז זי איז איבערפולט, האָט זי פאַרשטאַנען, וואָס בערענס וועט זאָגן און שוין פאָרויס געלאַכט. „אַייער לעבן איז אַבסאָלוט אין סכנה“! — האָט ער אַ געשריי געטאָן אָן שום הכמות און פאַרשטעלעניש, אַן אמתדיקער בער, האַהאַהאַ, היהיהי, אַנטשולדיקט.

מ'האָט בשום־אופן נישט געקאָנט וויסן, פאַרוואָס זי האָט אַזוי פערלדיק געלאַכט פון בערענס ערקלערונג: צי צוליב דעם הויפּראַטס גראָבקייט און דערפאַר ווייל זי האָט נישט געגלויבט אין דעם אמת פון זיינע רייד, צי הגם זי האָט געגלויבט — ,און זי האָט מסתמא זיכער געמוזט גלויבן — האָט זי געהאַלטן דעם ענין אַליין, דאָס הייסט: די לעבנס־סכנה, וואָס דראָט איר, פאַר אַזוי מוראדיק קאָמיש. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז די לעצטע השערה איז אַ ריכטיקע און אַז זי לאַכט אַזוי פערלדיק און טרילערט און כאַכעט בלויז צוליב קינדישער לייכטזיניקייט און צוליב דעם, וואָס איר קליין מוחל פאַרשטייט נישט, מיט וואָס דאָס שמעקט. דאָס איז האַנס קאַסטאָרפּן נישט געפעלן. פונדעסטוועגן האָט ער איר געשיקט בלומען. אָבער די לאַכנדיקע פרוי צימערמאַן האָט ער שוין מער נישט געזען. וואָרעם נאָכדעם, ווי מ'האָט זי עטלעכע טעג געשפייזט מיט זויערשטאָף, האָט מען געמוזט טעלעגראַפירן נאָך איר מאַן און זי איז געשטאָרבן אין זיינע אָרעמס — אַ

גאַנז אין די פּעדערן, ווי דער היפראַט האָט זיך אויסגעדריקט, בעת ער האָט עס דערציילט האַנס קאַסטאָרפּן.

אָבער נאָך פריער האָט דער בעל־רחמנותדיקער און ענערגישער האַנס קאַסטאָרפּ אָנגעקניפּט ווייטערדיקע באַציִונגען מיט די שווער־קראַנקע. ס'האָבן אים געהאָלפן דערביי בערענס אַליין און דער שוועסטער־פּערסאָנאַל. יאָאַכים האָט ווידער געמוזט מיטהאַלטן. ער האָט געמוזט מיטגיין מבקר־חולה זיין „Tous les deux“ צווייטן זון, וואָס האָט נאָך געלעבט, ווייל נאָך דעם ערשטן האָט מען שוין לאַנג געהאַט איבערגעשפּריצט און אויסגערייכערט מיט $H_2CO$. דערנאָך ער איז מיטגעגאַנגען צום יינגל טעדי, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג אַריינגעקומען פון דעם דערציִונגס־אינסטיטוט „פרידעריציאַנום“). פאַר דאָרטן איז ער געווען צו־שווער קראַנק. ווייטער האָט ער אים געמוזט באַגלייטן צום דייטש־רוסישן פאַרזיכערונגס־באַאַמטן אַנטאָן קאַרלאָוויטש פערגע, אַ גוטמוטיקער געדולדיקער מענטש. ווייטער — צו דער אומגליקלעכער און דערביי אַזוי קאָקעטישער פרוי פאָן־מאַללינקראָדט. זי האָט באַקומען בלומען אַקוראַט ווי די פריערדיקע און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זי אַ סך מאָל אַפילו אין יאָאַכימס אָנוועזנהייט געקאָרמעט מיט קלעי... ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און זיי האָבן באַקומען אַ שם פאַר סאַמאַריטער און באַרעמהאַרציקע ברידער. אין איינעם אַ טאָג האָט סעטעמבריני פאַרפירט מיט האַנס קאַסטאָרפּן אַ שמועס וועגן די ענינים.

— כאַפּפערלאָט, אינזשעניער! מ'דערציילט וועגן אייך חידושים. איר האָט אייך גאָר גענומען צו באַרעמהאַרציקייט? איר ווילט תשובה טאָן דורך מעשים־טובים?

— נישט כדאַי צו ריידן וועגן דעם, הער סעטעמבריני. ס'לוינט באמת נישט צו דערמאָנען וועגן דעם. מיין קוזין און איך...

— איר נעמט נאָר נישט אַריין אין שפּיל אייער קוזין! מ'רעדט וועגן אייך ביידע, אָבער מיינט מען אייך, דערין מעגט איר זיין זיכער. דער לייטענאַנט איז אַ כּבֿודיקע, אָבער פּשוטע און גייסטיק נישט באַדראָטע נאַטור, וואָס פאַרשאַפט נישט דעם ערציִער קיין שום עגמת־נפש. איר וועט מיר נישט איינריידן, אַז ער פירט אָן מיט דער זאַך. איר זענט דער וויכטיקערער, אָבער אייך דער

מער מסוכּנער. איר זענט, אויב איך מעג מיך אַזוי אויסדריקן, אַ ציטערדיק קינד פון לעבן, מ'דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אייך. אַגב, האָט איר מיר דערלויבט זיך צו פאַרנעמען מיט אייך.

— אַדרבּא, הער סעטעמברינו, איינמאָל פאַר אַלעמאָל. ס'איז זייער פריינדלעך פון אייער זייט. און „ציטערדיק קינד פון לעבן" איז שיין געזאָגט. וואָס אַלץ ס'קאָן דאָס נישט אײַנפאַלן אַ שריפט־שטעלער! איך ווייס נישט, צי כ'קאָן מיר עפּעס אײַנריידן צוליב אָט־דעם טיטל, אָבער ער קלינגט שיין, דאָס מוז איך מודה זיין. יאָ, און איך גיב מיך אַ ביסל אָפּ מיט די „קינדער פון טויט", אָט דאָס מיינט איר, מסתּמא. טיילמאָל, אַז כ'האָב צייט, איבעריקע, גיב איך מיך אַ ביסל אָפּ, אַגב אורחא, מיט די שווער־און ערנסט־קראַנקע. די קוראַציע ליידט דערפון כּמעט גאָרנישט. עס זיינען מענטשן, פאַרשטייט איר, וואָס זיצן נישט דאָ און אַמוזירן זיך און זיינען צעלאָזן, נאָר זיי שטאַרבן.

— כ'שטייט דאָך אָבער געשריבן: זאָלן די מתים באַגראָבן זייערע מתים — זאָגט דער איטאַליענער.

האַנס קאַסטאָרפּ הייבט אויף די הענט און מאַכט אַ מינע, ווי איינער זאָגט: וואָס ס'שטייט אַלץ געשריבן, אַמאָל שטייט אַזוי און אַמאָל אַנדערש, אַזוי, אַז ס'איז שווער אויסצוגעפינען דאָס ריכטיקע און מקיים צו זיין. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאַטאַרינאַזש האָט אויסגעפונען אַ פאַרקערטן פּסוק, דערויף האָט מען זיך געקאָנט רכטן. האַנס קאַסטאָרפּ איז טאַקע גרייט געווען, אַזוי פריער און אַזוי איצט, צו פאַרנעמען זיינע רייד, אויסצוהערן זיינע תּוהו־ובוהו כּתם אַזוי זיך, און זיך לאָזן לשם־פּרווו באַאיינפלוסן פון זיינע פּעדאַגאָגישע עצות. פונדעסטוועגן איז ער געווען ווייט צוליב וועלכע ס'איז דער־ציערישע קוק־ווינקלען מוותּר צו זיין אויף אַ זאַך, וואָס האָט אים נאָך אַלץ אויסגעזען אויף אַן אומבאַשטימטן אופן נוצלעכער און פון גרויסער באַדייטונג, נישט געקוקט אויף דער פרוי געדערגראָס און אי־רע מאָדנע רייד וועגן „פיינעם, קליינעם פלירט", נישט געקוקט אויף דעם אָרעמען ראָטביינס גיכטערקייט און אויף דעם נאַרישן ביי־כעך פון דער איבערפולטער.

Tous le deux זון האָט געהייסן לאַאוראַ. ער האָט אויך
באַקומען בלומען, ערדיק־שמעקנדיקע ניצצאַ־פילכן „פון צוויי מיט־
פילנדיקע הויז־שכנים, מיט די בעסטע וואונטשן אויף אַ רפואה". היות
די אַנאָנימישקייט איז געוואָרן אַ ריין פאָרמעלע זאַך און אַלע האָבן
געוואוסט, פונוואַנען די מתנות שטאַמען — האָט Tous le deux
אַליין, די שוואַרץ־בלייכע מוטער פון מעקסיקע, ביי אַ באַגעגעניש
אויפן קאָרידאָר זיי אָפּגעדאַנקט. זי האָט מיט גאָרטלדיקן ווייטער
און דער עיקר מיט ווייטאָגדיקע העוויות זיי אײַנגעלאַדן פערזענלעך
איבערצונעמען דעם געדאַנק פון איר זון de son seul et dernier
fils qui allait mourir aussi *. דאָס איז אויך תיכף געשען.
ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז לאַאוראַ איז אַ וואונדערלעך שיינער יונ־
גערמאַן מיט פייערדיקע אויגן, מיט אַן אָדלער־נאָז מיט נאָזלעכער,
וואָס האַלטן זיך אין איין איבערבלאָזן און מיט פרעכטיקע ליפּן.
איבער זיי האָבן געשפּראָצט שוואַרצע וואָנסעלעך. ער האָט זיך
אָבער געהאַלטן אַזוי באַרימעריש און טעאַטראַליש, אַז די געסט,
סיי יאָאַכים צימסען און אַפילו האַנס קאַסטאָרפּ אַליין, האָבן גע־
דאַנקט גאָט, ווען זיי זײַנען שוין געווען הינטער דער טיר. Tous
les deux האָט זיך אַרומגעדרייט אַהין־און־צוריק איבערן צימער
מיט קרומע קניען אין איר שוואַרץ קאַשמיר־טוך, דער שוואַרצער
שלייער פאַרבונדן אונטער דעם קין, מיט טיפע קנייטשן לענגאויס
דעם קורצן שטערן און מיט אומגעהייערע טאָרבעס אונטער די אויגן.
איין ווינקל פון איר גרויס מויל האָט פון זאָרג אַראָפּגעהאַנגען אין
אַ זייט. פון צייט־צו־צייט איז זי צוגעגאַנגען צו די געסט ביים
בעט און איבערגעחזרט פאַר זיי, ווי אַ פּאָפּוגע איר טראַגישן
שפּרוך: „tous les dé, vous comprenez, messiés... Premiérement
l'un et maintenant l'autre" **. אין דער זעלבער צייט האָט
דער שיינער לאַאוראַ געשט, אויך פראַנצייזיש, מיט קנאַקע־

* פראַנצויזיש: פון איר איינציקן און לעצטן זון, וואָס האַלט אויך ביי שטאַרבן.

** פראַנצויזיש: אַלע ביידע, איר פאַרשטייט, מײַנע הערן, פריער איינער און איצט דער צווייטער.

דיקע, הוישיקע און אומדערטרעגלעך באַרימערישע דיבורים. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער וויל שטאַרבן, ווי אַ העלד, comme héros á l'espagnol*, גלייך ווי זיין ברודער, „de même que son fier jeune frère Fernando"**, וואָס איז אויך געשטאָרבן, ווי אַ שפּאַנישער העלד. ער האָט זשעסטיקולירט, אויפגעריסן דאָס העמד, כדי אויסצושטעלן דער שווערד זיין געלע ברוסט. ער האָט זיך אַזוי לאַנג גענאַרט און גערעדט, ביז ער האָט זיך צעהוסט. אויף זיינע ליפּן איז אַרויסגעטראָטן אַ שיטערער, ראָזע-קאָלירקער שוים; זיינע באַרימערייען זיינען אַזוי-אַרום פאַרשטיקט געוואָרן און די קוזינען זיינען צוליב דעם אַרוים אויף די שפּיצן פינגער.

זיי האָבן מער נישט גערעדט צווישן זיך וועגן דעם באַזוך ביי לאַאוראָ. אַפילו שטילערהייט, יעדער איינער אין זיך, האָבן זיי זיך אָפּגעהאַלטן אויסצואַרבעטן זיך אַ מיינונג וועגן זיין האַלטונג. אָבער בעסער איז זיי געפעלן אַלנפאַלס ביי אַנטאָן קאַרלאָוויטש פערגע פון פּעטערבורג, וואָס איז געלעגן אין בעט מיט זיינע גרויסע גוטמוטיקע וואָנסעס און מיט זיין אַרויסגעזעצטן גאָרגל, וואָס האָט אים אויך צוגעגעבן גוטמוטיקייט. ער האָט דאָ נישט לאַנג געהאַט געמאַכט אַ פּרווו זיך אַריינצושטעלן אַ פּנעאומאָטאָראַקס און ס'האָט אים שיר-שיר נישט געקאָסט דאָס לעבן. איצט איז ער פאַמעלעך געקומען צו זיך. בשעת דער אָפּעראַציע האָט ער געקריגן אַ שטאַרקע צעטרייסלונג, אַ לונגען-צעטרייסלונג, אַ זאַך, וואָס טרעפט זיך טיילמאָל ביי אָט-דער מאָדישער אָפּעראַציע. אָבער ביי אים איז די לונגען-צעטרייסלונג פאָרגעקומען אין אַ אויסערגעווייגלעך געפערלעכער פאָרם; דערביי האָט ער אינגאַנצן פאַרלוירן די כוחות און געפאַלן אין חלשות, אַזוי אַז מ'האָט געמוזט איבעררייסן די אָפּעראַציע און זי לעת-עתה אָפּלייגן.

פערגעס גוטמוטיקע גרויע אויגן זיינען ברייט געוואָרן און זיין פּנים האָט באַקומען אַן אַש-קאָליר ווויפיל מאָל ס'איז געקומען צו

* פראַנצויזיש: ווי אַ העלד אויפן שפּאַנישן שטייגער.

** אויף דעם זעלבן אופן, ווי זיין יונגיסשקער ברודער פערנאַנדאָ.

רייד וועגן אָט־דער געשעעניש, וואָס איז, אַפּנים, געווען פֿאַר אים
מוראדיק — אָן נאַרקאָזע, מיינע הערן. מילא גוט, אונזערס אַ
מענטש פֿאַרטראָגט דאָס נישט, ס׳איז נישט דערלויבט אין אונזער
פֿאַל, מ׳פֿאַרשטייט דאָס און מ׳וויל זיך האַלטן, ווי ס׳פּאַסט פֿאַר אַ
מענטש מיט שׂכל. אָבער די אָרטיקע אַנעסטעזיע דערגייט נישט ביז,
מיינע הערן. בלויז דאָס פֿלייש אויסנווייניק ווערט פֿאַרסמט, מען
שפּירט, ווי מ׳ווערט געעפֿנט, אַלנפֿאַלס פֿילט מען אַ דריקן און
אַ קוועטשן. איך ליג מיר אַזוי מיט אַ צוגעדעקט פּנים, כּדי איך זאָל
נישט זען. דער אַסיסטענט האַלט מיך צו פֿון דער רעכטער זייט
און די אייבערין פֿון דער לינקער. ס׳איז אַ געפֿיל, גלייך מ׳וואָלט
מיך געדריקט און געקוועטשט, — דאָס שניידט מען אויף דאָס
פֿלייש און מען פֿאַרטשעפּעט עס מיט קלאַמערס. אָבער פּלוצלונג
דערהער איך, ווי דער הויפּראַט זאָגט: „אַזוי!“ און אין דער
רגע, מיינע הערן, הייבט ער מיר אָן אַרומצוטאַפּן דאָס ריפּן־הייטל
מיט עפּעס אַ שטומפּיקער זאַך (ס׳מוז, אַגב, זיין שטומפּיק, כּדי
ס׳זאָל נישט צו־ווייט דורכשטעכן). ער פּאָרקעט זיך דאָרטן, כּדי
צו געפֿינען דאָס ריכטיקע אָרט, וואו דורכצושטעכן און אַריינצולאָזן
גאַז. און בשעת ער האָט דאָס געטאָן, בשעת ער איז אַזוי אַרומ־
געפֿאָרן מיט דעם אינסטרומענט איבער דעם ריפּן־הייטל — מיינע
הערן, מיינע הערן! דעמאָלט האָב איך דערפֿילט, אַז ס׳איז נאָך
מיר, איך בין געווען פֿאַרביי. ס׳איז אוממעגלעך איבערצוגעבן, ווי
אַזוי כ׳האָב מיך דערשפּירט. דאָס ריפּן־הייטל, מיינע הערן, דאָס
דאַרף מען נישט טשעפּן, דאָס טאָר נישט און קאָן נישט גע־
טשעפּעט ווערן, דאָס איז טאַבו, דאָס איז צוגעדעקט מיט פֿלייש,
איזאָלירט און נישט צוגענגלעך, איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל. צום סוף
האָט מען עס גאָר אָפּגעדעקט און מען טאַפּט דאָרטן אַרום. מיינע הערן,
דעמאָלט איז מיר געוואָרן נישט גוט, שרעקלעך, שרעקלעך, מיי־
נע הערן — כ׳איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפֿאַלן, אַז אַזאַ פּאַס־
קודנע, הינטיש געפֿיל איז גאָר מעגלעך אויף דער וועלט בכלל,
סיידן אין גיהנום! איך בין געפֿאַלן אין חלשות, דריי מינים חלשות
אויף איין מאָל: אין אַ גרינער, אין אַ ברוינער און אין אַ פּיאָ־
לעטער. איבערדעם האָט נאָך געשטונקען, בעת כ׳בין געלעגן פֿאַר־

חלשט. די לונגען־צעטרייסלונג איז מיר אריבער אין חוש־הריח, מיינע הערן, ס'האט זיך שרעקלעך געשפירט מיט שוועבל־וואסער־שטאף. אזוי מוז מען זיך אוודאי שפירן אין גיהנום. כ'האב אויך געהערט מיך אליין לאכן בשעת כ'האב אויסגעהיכט דאס לעבן. ס'איז נישט געווען קיין מענטשלעך לאכן, נאר דאס אומארנטלעכ־סטע און עקלהאפטיקסטע לאכעניש, וואס כ'האב ווען ס'איז געהערט אין מיין לעבן. ווייל דאס ארומגעטאפט ווערן אויף דעם ריפן־הייבל, מיינע הערן, איז א געפיל, ווי מ'וואלט אויף דעם סאמע אומפאר־שעמטסטן, איבערגעטריבנסטן און אוממענטשלעכסטן אופן גע־קיצלט געווארן. אזוי זעען־אויס די נארישע צרות און פיין. דאס איז טאקע לונגען־צעטרייסלונג, זאל אייך גאט אויסהיטן דערפון.

אנטאן קארלאָוויטש פערגע איז אפט, אין יעדעס מאל מיט אן אש־גרוי פנים, געקומען צו רייד וועגן דער „הינטישער" אי־בערלעבעניש. ער האט אויך גאנץ שטארק מורא געהאט, עס זאל זיך נישט איבערחזרן. אגב, האט ער זיך באלד פארויס פארגע־שטעלט פאר א פשוטן מענטש, וואס איז כולעטעגדיק ווייט פון אלדאס „העכערע". ער האט נישט קיין שום גייסטיקע פרעטענזיעס דערויף און פארלאנגט אויך נישט עפעס אזוינס פון אנדערע. נאך דעם דאזיקן אפמאך האט ער פונדעסטוועגן דערציילט גארנישט אומ־אינטערעסאנט פון זיין פריערדיק לעבן, איידער ער איז אריינגעפאלן אין דער קרענק, דאס לעבן פון א רייזנדן פאר א פייער־קאסע. פון פעטערבורג ארויס האט ער אין ווייטע נסיעות דורכגעשניטן רוס־לאנד אין דער לענג און אין דער ברייט, באזוכט אלע אסעקורירטע פאבריקן און אויסגעשנאפט דער עיקר יענע, וואס זיינען געשטאנען עקאנאמיש נישט גוט. ווייל די סטאטיסטיק האט ארויסגעוויזן, אז די גרעסטע צאל שרפות קומען־פאר אין אינדוסטריע־צווייגן, וואס האלטן שלעכט. דערפאר האט מען אים ארויסגעשיקט, כדי דורך פאר־שיידענע אויסרייד ארויסצופארשן, ווי ס'האלט מיטן געשעפט און אפצושיקן באריכטן וועגן דעם זיין באנק, כדי אין דער רעכטער צייט צו קאנען אויסמיידן היזקות דורך רע־אסעקוראציע און פרעמיעס־פארטיילונג. ער האט דערציילט וועגן ווינטערדיקע נסיעות דורך דער ווייטער אימפעריע, פון נסיעות אין נעכט ביי אומגעהייערע פרעסט,

אין אַ ליג-שליטן, צוגעדעקט מיט שאָפּענע פּעלצן. בעת ער האָט איבערגעמאַכט די אויגן, פלעגט ער זען גליען וועלפישע אויגן איבערן שניי, ווי שטערן. ער האָט מיט זיך אין קאַסטן מיטגעפירט געפרוירן פּראָוויאַנט, קרויט-זופּ און ווייס ברויט. אויף אַ סטאַציע, פאַרן טוישן די פערד, האָט מען עס אויפגעפרישט צום עסן און דאָס ברויט האָט געהאַט אַ טעם, ווי מ'וואָלט עס ערשט היינט געבאַקן. שלעכט איז בלויז געווען, ווען דער פראָסט האָט אונטערוועגנס גענומען לאָזן. דעמאָלט פלעגן אים די שטיקער קרויט-זופּ, וועלכע ער האָט מיטגענומען, אויסרינען פון קאַסטן.

אַזעלכע זאַכן פלעגט דערציילן פערגע. דערביי פלעגט ער אַלע-מאָל איבעררייסן מיט אַ זיפץ, אַז דאָס אַלץ וואָלט געווען זייער גוט, מ'זאָל נאָר נישט דאַרפן נאָכאַמאָל איבערקומען דעם פרווו מיט דעם פנעאומאָטאָראַקס. זיינע איבערלעבונגען האָבן טאַקע נישט געהאַט אין זיך עפעס העכערס, אָבער ס'זיינען געווען אמתדיקע פאַקטן און ס'איז גאַנץ גוט געווען צו הערן אים דערציילן. דער עיקר האָט געהאַט אַ הנאה דערפון האַנס קאַסטאָרפּ. ער האָט געהאַלטן, אַז ס'איז נוצלעך פאַר אים געוואָר צו ווערן וועגן רוסלאַנד און דעם דאָרטיקן לעבנס-שטייגער, פון סאַמאָוואַרן, פּיראָגן, קאָזאַקן און הילצערנע צערקוועס מיט אַזויפיל קיילעכיקע קופּאָלן, ווי אין אַ שוואָמען-וואַלד. ער האָט אויך געהערט מיט חשק וועגן די דאָרטיקע מענטשן, וועגן זייער צפונדיקער עקזאָטיק, וועלכע האָט אויסגעזען אין זיינע אויגן שטאַרק חידושדיק, וועגן דעם אַזיאַטישן צומיש פון זייער בלוט, וועגן די אַרויסשטאַרנדיקע באַקן-ביינער, וועגן דעם פיניש-מאָנגאָלישן אויגן-שניט. ער האָט זיך צוגעהערט דערצו מיט אַנטראָפּאָלאָגישער פאַראינטערעסירטקייט, האָט אויך געבעטן פערגען, ער זאָל פאַר אים ריידן רוסיש. גיך, געדיכט, ווילד-פרעמד און אָן-ביינעריק איז אַרויסגעקומען אָט דאָס מזרח-לשון אונטער פערגעס גוטמוטיקע וואָנסן און פון זיין גוטמוטיק אַרויסגעזעצטן גאָרגל. האַנס קאַסטאָרפּס הנאה איז געווען נאָך גרעסער (וואָס די יוגנט איז!) פון די שמועסן צוליב דעם, ווייל ער האָט זיך אַזוי אַרום געדרייט אין אַ געביט, וואָס איז פּעדאַגאָגיש געווען פאַר אים נישט-דערלויבט.

זיי פלעגן אָפט אַריינפאַלן אויף אַ פערטל שעה שמועסן צו אַנטאָן קאַרלאָוויטש פעריגע. אין דער צייט האָבן זיי איינמאָל באַזוכט דאָס יונגל טעדדי פון „פרידעריציאַנום“, אַן עלעגאַנט פערצןיעריק בחור'ל, אַ בלאָנדער און פיינער, מיט אַ פריוואַטער פלעגערין און אָנגעטאָן אין אַ ווייס־זיידענער פיזשאַמע צו פאַרגאַרטלען. ער איז געווען אַ רייכער יתום — אַזוי האָט ער דערציילט. עס האָט אים אָפּגעוואַרט אַ וויכטיקע אָפּעראַציע, מ'האָט ביי אים געוואָלט פרוון אויסשניידן די ווערעמדיקע ערטער. בעת ער פלעגט זיך פילן בעסער, פלעגט ער טיילמאָל אַרויס אויף אַ שעה פון בעט, האָט זיך אָנגעטאָן זיין שיינעם ספּאָרט־אָנצוג און איז אַרויס אַ ביסל צו מענטשן. די דאַמען האָבן גערן מיט אים זיך געחכמהט און ער האָט זיך צוגעהערט צו זייערע שמועסן, צום ביישפּיל — בעת מ'האָט באַרעדט דעם אַדוואָקאַט איינהויף און דערציילט וועגן דעם מיידל אין די רעפּאָרמהויזן און וועגן פראַנקע אָבערדאַנק. דערנאָך האָט ער זיך צוריקגעלייגט. אַזוי האָט דאָס יינגל טעדדי געלעבט אַ טאָג און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער וויל מער גאָרנישט פון לעבן, ווי דאָס.

אָבער אויף נומער פופציק איז געלעגן פרוי פאָן־מאַלינקראָדט, איר פאָרנאָמען איז געווען נאַטאַליע. זי האָט געהאַט שוואַרצע אויגן, גאָלדענע רינגלעך אין די אויערן, קאָקעט, פאַרפּוצט און דערביי אַ ווייבערישער סט. לאַזאַר און איוב, געשלאָגן פון גאָט מיט אַלערליי חולאתן. ס'האָט אויסגעזען, ווי איר קערפּער וואָלט פול געווען מיט גיפטן, אַזוי, אַז ס'האַלט ביי איר אין איין אַרויסזעצן פאַרשיידענע קראַנקהייטן איינע נאָך דער אַנדערער אָדער אויף איינמאָל. שטאַרק געליטן האָט אויך ביי איר די הויט, וועלכע איז אין גרויסע טיילן געווען באַדעקט מיט אַ פיינלעכער בייסנדיקער עגזעמע, וועלכע האָט דאָ און דאָרט אויך אַרויסגעבראָכן וואונדן. זי האָט עס געהאַט אויך ביים מויל, אַזוי, אַז ס'איז איר שווער געווען אַריינצונעמען דעם לעפל. פרוי פאָן־מאַלינקראָדט האָט אַלעמאָל געקריגן אַנדערע אָנצינדונגען, פון ריפּן־הייטל, נירן, לונגען, ביינער־הויט און אַפילו פון די געהירן, אַזוי, אַז זי פלעגט פאַרלירן אויף אַ צייט דאָס באַוואוסטזיין. דורך דער היץ און די יסורים פלעגט ביי איר אָפּגע-

שוואַכט ווערן דאָס האַרץ און זי האָט געקריגן דערפון שרעקאָנפאַלן. דאָס האָט, צום ביישפּיל, געווירקט, אַז זי זאָל ביים שלינגען דאָס עסן נישט קאָנען גוט אַרונטערברענגען דעם ביסן. עס פלעגט בלייבן שטעקן גלייך אויבן אין וועשט. בקיצור, די פרוי איז געווען אין אַ שרעקלעכן מעמד און אַחוץ דעם — אינגאַנצן אַליין אויף דער וועלט. דעם מאַן מיט די קינדער האָט זי אַוועקגעוואָרפן צוליב אַן אַנדער מאַן, דאָס הייסט — אַ יונגל כמעט. דערנאָך האָט יענער זי אַוועקגעוואָרפן — אַזוי האָט זי די קווינען אַליין דערציילט. און איצט האָט זי נישט קיין היים, כאָטש מיטלען האָט זי יאָ, ווייל דער פריערדיקער מאַן שיקט איר. זי האָט אָן איבעריקן שטאָלץ אויסגענוצט זיין אָרנטלעכקייט, אָדער זיין ווייטער הויערנדיקע פאַרליבטקייט. וואָרעם זי האָט זיך אַליין נישט גענומען ערנסט, אַיינגעזען, אַז זי איז בלויז אַ נישטיקע זינדיקע נקבה און צוליב דעם אַריבערגעטראָגן אַלע אירע איצטיקע יסורים מיט אַ דערשטוינענדיקער געדולד און אויסהאַלטעוודיקייט, פול מיט דעם סטיכישן ווידערשטאַנדס=כוח פון איר ראַסישער וויבלעכקייט. זי האָט טריומפירט איבער דער עלנטקייט פון איר ברוינלעכן קערפער און אַפילו פון דעם ווייסן גאַזע=באַנדאַזש, וועלכן זי האָט געמוזט טראָגן איבערן קאָפּ צוליב עפּעס אַ צרה, האָט זי געמאַכט אַ מין עלעגאַנטן טשעפּיק. זי האָט געהאַלטן אין איין טוישן איר צירונג, האָט אָנגעהויבן אינדערפרי מיט קרעלן און אינאָוונט געענדיקט מיט פּערל. זי האָט זיך געפרייט מיט האַנס קאַסטאָרפּס בלומען און געזען דערין, אַפּנים, מער ריטערלעכקייט ווי באַרעמהאַרציקייט. זי האָט די יונגע מענטשן פאַרבעטן צו זיך אויף טיי ביי איר בעט. זי אַליין האָט געטרונקען פון אַ שעלכל מיט אַ מיילכל, אַלע פינגער, און אַפילו דער גראָבער, זיינען ביז אַרויף געווען באַדעקט מיט אָפּאַלן, אַמעטיסטן און שמאַראַגדן. אירע גאָלדענע אוירינגלעך האָבן זיך געשאָקלט אין די אויערן און זי האָט זיי תיכף דערציילט, ווי אַזוי אַלץ איז מיט איר געשען: פון איר אָרנטלעכן, אָבער לאַנגווייליקן מאַן, פון אירע קינדער, וואָס זיינען אַקוראַט אַזוי אָרנטלעך און לאַנגווייליק, ווי ער, ווייל זיי זיינען אינגאַנצן געראָטן אין פאָטער, און זי האָט זיי קיינמאָל נישט געקאָנט דערפאַר טיף ליב קריגן. זי האָט אויך

דערציילט פון דעם יינגל כמעט, מיט וועלכן זי איז אַנטלאָפן און זי האָט זייער גערימט זיין פּאָעטישע צערטלעכקייט. אָבער זיינע קרובים האָבן אים מיט כיטרעקייט און געוואַלד צוגענומען פון איר. אַחוץ דעם האָט זיך דאָס יינגל אויך געמיאוסט פון איר קראַנקהייט, וועלכע האָט דעמאָלט אויסגעבראָכן שטורמיש און אין פאַרשיידענע פאָרמען. צי איר מיאוסט אייך אויך? — האָט זי געפרעגט קאָקעטיש. און איר ראַסישע ווייבלעכקייט האָט טריומפירט איבער דער עקזעמע, וועלכע האָט צוגעדעקט ביי איר אַ האַלב פנים.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט מיט ביטול געט־אַכט וועגן דעם יינגל, וואָס האָט זיך געמיאוסט און ער האָט דאָס אויסגעדריקט מיט מיט אַ צי פון די אַקסלען. וואָס ס'איז נוגע אים — האָט ער געוואָלט זיין דער סאַמע היפוך פון יענעם ווייכן פּאָעטישן בחורל און האָט, וויפיל מאָל ר'איז צו איר אַריינגעקומען, אויסגענוצט אַ געלעגנהייט אַ ביסל צו באַדינען די אומגליקלעכע פרוי פאָן־מאַלינקראָדט. דאָס הייסט: ער האָט זי פּאָרזיכטיק אָנגעקאָרמעט מיט דעם מיטאָג־קלעי, איב מ'האָט גראָד דערלאַנגט, האָט איר געגעבן צו טרינקען פון שעלכל מיטן מיילעכל, איב דער ביסן איז איר געבליבן שטעקן, אָדער האָט איר צוגעהאָלפן זיך לייגן גוט, ווייל צו אַלע צרות האָט זי געהאַט אַ אָפּעראַציע־וואונד, וואָס האָט איר באַשווערט דאָס ליגן. ער פלעגט דאָס טאָן, בעת ער איז דורכגעגאַנגען איפן וועג צום עס־זאַל אָדער פון אַ שפּאַציר און האָט אָפּגעטרעטן ביי איר. דערביי האָט ער געהייסן יאָאַכימען גיין ווייטער: ער וויל בלויז אַריינפאַלן גיך און אַ קוק טאָן אין נומער פופציק. ער האָט דערביי געפילט זיך גליקלעך און פריי, אַ פרייד, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף דעם געפיל, אַז ער איז נוצלעך און אַז זיינע מעשים האָבן עפּעס אַ באַהאַלטענעם באַטייט. אין דעם אומשולדיק קריסטלעכן כאַראַקטער פון אָט־די מעשים האָט זיך אַריינגעמישט אַ מין ממזרשע הנאה, כאָטש פאַקטיש איז די עובדא געווען אַן ערלעכע, אַ פיינע און לויבנסווערטע, אַזוי אַז מ'וואָלט גאָרנישט געקאָנט האָבן קעגן דעם, סיי פון מיליטערישן, סיי פון הומאַניסטיש־פּעדאַגאָגישן שטאַנדפונקט.

וועגן קאַרען קאַרסטעדט האָבן מיר דאָ נאָך נישט גערעדט. פּונדעסטוועגן האָבן האַנס קאַסטאָרפּ און יאָאַכים זיך אַפּילו ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיט איר. זי איז געווען אַ זייטיקע פּריוואַטע פּאַציענטין פון הויפראַט און ער טאַקע האָט די קוזינען אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער קראַנקער. זי איז שוין פיר יאָר געווען דאָ אויבן, נישט געהאַט קיין מיטלען און געווען אָפּהענגיק פון שלעכטע קרובים. זיי האָבן געוואוסט, אַז זי מוז שטאַרבן, און האָבן זי שוין אַמאָל געהאַט אַוועקגענומען פונדאַנען. בלויז אַדאַנק דער שתדלנות פון הויפראַט האָבן זיי זי צוריק אַרויפגעשיקט. זי האָט געוואוינט אין „דאָרף“ אין אַ ביליקן פּענסיאָנאַט, איז געווען אַלט ניינצן יאָר און — אָפּגעשוואַכט. האָר האָט זי געהאַט גלאַט־פאַרקעמטע, געשמירטע מיט אייל, אויגן, וואָס האָבן שרעקעדיק זיך אָנגעשטרענגט צו פאַרבאַהאַלטן יענעם גלאַנץ, וואָס האָט אינגאַנצן געשטימט מיט די הציקע פלעקן אויף אירע באַקן. איר קול איז געווען כאַראַקטעריסטיש־צוגעדושעט, אָבער פונדעסטוועגן האָט עס געקלונגען סימפּאַטיש. זי האָט געהוסט כמעט אָן אויפהער און אַלע אירע פינגער־שפּיצן זיינען געווען באַדעקט מיט פּלאַסטערס. צוליב דער קרענק האָט זי דאָרטן געהאַט וואונדן.

דער הויפראַט האָט וועגן איר גערעדט מיט די קוזינען און זיי געבעטן, זיי זאָלן זיך מיט איר באַזונדערס אָפּגעבן, אויב זיי זיינען שוין אַזעלכע וואוילע בחורים. זיי האָבן עס טאַקע געטאָן. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט שיקן בלומען, דערנאָך זיינען זיי געווען צוגאַסט ביי דער אָרעמער קאַרען אין „דאָרף“ אויף איר קליינעם באַלקאָן, שפּעטער האָבן זיי זאַלבעדריט זיך ווען־ס'איז פאַרווײלט: זיי זיינען, אַ שטייגער, געגאַנגען אָנקוקן אַ גליטש־גייען, אָדער אַ גייען אויף באָב־שליטנס. וואָרעם דער ווינטער־סעזאָן פון ספּאָרט איז געווען אין פולן ברען, ס'איז פאָרגעקומען אַ ספּאָרט־וואָך, ס'זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אַלץ מער פאַרוויילונגען און פאָרשטעלונגען. ביז איצט האָבן די קוזינען צוגעזען דאָס בלויז צופעליק און ביי אַ געלעגנהייט. יאָאַכים איז דאָ געווען אַ שונא פון אַלע מינים צעשטרייונגען — נישט צוליב דעם איז ער דאָ געווען. ער איז בכלל דאָ נישט געווען, כדי צו לעבן און אויסצונוצן די צייט,

זי מאַכן אָנגענעם און פאַרשיידן. ער איז דאָ געווען בלויז אן אויסשליסלעך, כדי וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דעם גיפט, ער זאָל אין פלאַכלאַנד קאָנען אויספירן זיין דינסט, די אמתדיקע, נישט די קוראַציע־דינסט, וואָס איז געווען בלויז אַ סוראָגאַט, כאָטש עיבור זיין איף איר האָט ער זיך נישט פאַרגונען. צו באַטייליקן זיך טעטיק אין די ווינטער־פאַרווייליגן איז אים געווען פאַרווערט און סתם גאַפּען זיך האָט ער נישט געהאַט קיין חשק. וואָס ס'איז נוגע האַנס קאַסטאָרפּן, האָט ער זיך צו־שטאַרק, אין אַ צו־שטרענגן און אינטימען זין, געפילט פאַר אַ מיטגליד פון דאָ אויבן, ער זאָל נאָך האָבן דעם קאָפּ און דעם ווילן צוצוקוקן זיך צו די פאַר־ווייליגנגען פון יענע, וואָס זעען אין דעם היגן אָרט בלויז אַ ספּאָרט־פּלאַץ.

אָבער דאָס באַרעמהאַרציקע פאַרנעמען זיך מיט דער אָרעמער פריילין קאַרסטעדט האָט אַריינגעבראַנגט אַן ענדערונג. יאָאַכים האָט גאָרנישט געקאָנט זאָגן קעגן דעם, מיידן אַרויסצווייזן זיך פאַר נישט־קריסטלעך אומברחמנותדיק. זיי האָבן אַרויסגענומען די קראַנ־קע פון איר אָרעם צימער אין „דאָרף“ און האָבן זי אין אַ פרעכ־טיק, פראָסטיק וועטער, אין וועלכן די זון האָט הייס געברענט, אַוועק־געפירט אין ענגלישן קוואַרטאַל, וואָס האָט אַזוי געהייסן צוליב דעם „האָטעל ד'אַנגלטער“, וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען. זיי זיינען געגאַנגען צווישן די לוקסוס־געשעפטן פון דער הויפּט־גאַס. שליטנס האָבן דאָרטן געקלונגען און ס'האָבן אַרומשפּאַצירט רייכע עולם־הזהניקעס און ליידיק־גייערס פון גאָר דער וועלט, איינוואוינער פון קאַסינאָ און פון אַנדערע גרויסע האָטעלן, אָן די היטלען, אין מאָדישע ספּאָרט־מלבושים פון איידעלע און טייערע שטאָפן, מיט ברוינע פּנימער פון דער ווינטערדיקער זון און פון שניי־ליכט. צום סוף זיינען זיי אַראָפּ אויף דעם אייז־פּלאַץ, וואָס איז געלעגן טיף אין טאָל נישט ווייט פון קאַסינאָ. זומער איז דאָס געווען אַ לאָנקע, וואו מען האָט געשפּילט אין פוט־באָל. מוזיק האָט געזעצט. די קור־קאַפּעלע האָט קאָנצערטירט אויף דער עסטראַדע פון דער היל־צערנער פּאַווילאָן־געביידע, ביים עק פון דעם פיר־קאַנטיקן גליטש־פּלאַץ, הינטער וועלכן די פאַרשנייטע בערג זיינען געשטאַנען אין אַ

טונקל-בלויער שיין. זיי האָבן גענומען בילעטן, האָבן זיך דורכ-געשטופּט צווישן עולם, וועלכער איז געזעסן פון דריי זייטן אויף בענק, וועלכע גייען אַליך העכער, ווי אין אַ טעאַטער. צום סוף האָבן זיי געפונען זייערע ערטער און זיך אַוועקגעזעצט קוקן. די קונסט-לויפערס, לייכט אָנגעטאָן, אין שוואַרצע טריקאָטן און אין קורט-קעס באַזוימט מיט פוטער, האָבן זיך געוויגט, געשוועבט, געמאַכט פיגורן, געשפּרונגען אין זיך געדרייט. אַ ווירטואָז פּאָר'ל, אַ מאַן און אַ פרוי, פּראָפעסיאָנעלע לויפערס, וואָס האָבן זיך נישט באַ-טייליקט אין קאָנקורס, האָבן געוויזן עפּעס אַזוינס, וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט אין דער גאַנצער וועלט, און אַרויסגערופן אַ מוזיק-טוש אין אַ בראַוואָ-פּאַטשעריי. אינם קאַמף אַרום דעם שנעלקייט-פּריז האָבן זיך באַטייליקט זעקס יונגע מענער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. זיי זיינען געלאָפן אײַנגעבויגענע, מיט די הענט אויף הינטן, טייל-מאָל האָט עמעץ געמוזט צולייגן דאָס טאַשנטיכל צום מויל. אַזוי זיינען זיי זעקס מאָל אַרומגעלאָפן דעם גרויסן פּירקאַנטיקן פּלאַץ. דער קלאַנג פון אַ גלעקל האָט זיך אויסגעמישט מיט דער מו-זיק. פון צייט-צו-צייט האָט די מאַסע גענומען שטורמען אין שרייען פון התפעלות.

ס'איז דאָ געווען אַ פאַרשיידן-פאַרביק פּובליקום, האָרט, וואו ס'זיינען געווען די דריי קראַנקע, די צוויי קוזינען און זייער דאַמע. ענגלענדער מיט שאָטישע היטעלעך און ווייסע ציין האָבן גע-עדט פראַנצויזיש מיט שטאַרק-פּערפומירטע דאַמען, וואָס זיינען פון אױבן ביז אונטן אָנגעטאָן געווען אין פאַרביקע וואָלענע מלבושים און אַ טייל פון זיי האָבן אַפילו געטראָגן הויזן. קליין-קעפּיקע אַמעריקאַנער מיט גלאַט-פאַרקעמטע האָר און מיט פייקעס אין די מיי-לער האָבן געטראָגן פּעלצן מיט דעם פוטער אַרויס. רוסן, בער-דיקע און עלעגאַנטע, מיט באַרבאַריש-רייכע צורות און האָלענדער, מיט מאַלאַיש* בלוט, זיינען געזעסן צווישן דייטשישן און שווייצאַ-רישן עולם. ס'זיינען אויך געווען אַ סך מענטשן, וואָס האָבן גע-רעדט פראַנצויזיש און וועגן וועלכע ס'איז שווער געווען צו וויסן,

---

* צ שבט אין אינדיע.

פונוואַנען זיי זיינען: פון באַלקאַן, אָדער פון דער לעוואַנטע, אַ פאַרדעכטיקן המון, צו וועלכן האַנס קאַסטאָרפ האָט געהאַט אַ שטיקל שוואַכקייט. יאָאַכימען זיינען זיי נישט געפעלן צוליב זייער צווידייטיקייט און כאַראַקטערלאָזיקייט. קינדער האָבן קאָנקורירט מיט זיך אין קונצן, זיינען געפאַלן אויפן אייז-פּלאַץ, אויף איין פוס אַ שניי-שוך און אויפן אַנדערן — אַ גליטשער. יינגלעך האָבן גע-שטופט פאַר זיך גרויסע שופלעס, אין וועלכע ס'זיינען געוועסן זייערע קליינע דאַמעלעך. מ'איז געלאָפן מיט ברענענדיקע ליכט און געוואונען האָט דער, וועלכער ס'איז צוגעקומען צו דער מעטע מיט אַ נישט-פאַרלאָשענם. בעתן לויפן האָבן זיי געמוזט אַריבער-קלעטערן איבער שטערונגען אָדער מיט צינענע לעפל שיילן קאַר-טאָפל און אַריינוואַרפן אין קאַנען וואַסער. די גרויסע האָבן געקיכט פון געלעכטער. מ'האָט אָנגעוויזן אויף דעם רייכסטן, באַרימטסטן און שענסטן קינד, אויפן טעכטערל פון אַ האָלענדישן מיליאָנער, אויף דעם יינגל פון אַ פּרייסישן פּרינץ און אויף אַ צוועלף-יעריק בחור, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון אַ וועלט-באַרימטער שאַמפּאַניער-פירמע. די אָרעמע קאַרען האָט זיך אויך געפרייט און דערביי געהוסט. זי האָט פון פרייד געפּאַטשט מיט די הענט און מיט די וואונדיקע פינגער-שפּיצן. זי איז געווען אַזוי דאַנקבאַר.

די קוזינען האָבן זיך אויך געפירט אויף אַ באָב-שליטן-געיעג. ס'איז געווען נישט ווייט סיי פון „בערגהאָף“, סיי פון קאַרען קאַרסטעדטס וואוינונג, ווייל דער וועג וואָס האָט געפירט באַרג-אַראָפּ פון „שאַץ-אַלפּ“, האָט זיך געענדיקט אין „דאָרף“ צווישן די געביידעס פון מערבדיקן שיפּוע. ס'איז דאָרטן געווען אייַנגעאָרדנט אַ קאָנטראָל-הייזל, וואוהין מען האָט טעלעפאָניש איבערגעגעבן, ווען אַ באָב-שליטן איז אַרויסגעפאָרן. צווישן די געפרוירענע שניי-באַריערעס, אויף די מעטאַל-גלאַנציקע ליניעס פון וועג האָבן זיך געגליטשט די פלאַכע שליטן, באַזעצטע מיט מענער און פרויען אין ווייסער וואָל, אין שאַרפן פון כלערליי נאַציאָנאַלע קאָלירן אויף דער ברוסט. מ'איז אַראָפּגעפאָרן פון דער הייך אייַנציקווייז, געלאָזט גרויסע שטחים צווישן איין שליטן און דעם אַנדערן. מ'האָט געזען רויטע, אָנגעשטרענגטע פנימער, אויף וועלכע ס'איז געפאַלן דער שניי. אויב אַ שליטן

האָט זיך אָנגעשטויסן, איבערגעקערט זיך און אויסגעשיט די פּאַסאַזשירן אין שניי, האָט דאָס פּובליקום תּיכּף דאָס אָפּגעפּאָטאָגראַפירט. אויך דאָ האָט געשפּילט מוזיק. די צוקוקער זיינען געזעסן אויף קליינע טריבונעס, אָדער זיי האָבן זיך צונויפגעשטופּט אויף דער שמאָלער גיי־סטעזשקע, וואָס איז אָפּגערייניקט געוואָרן לענג־אויס דעם וועג. ס'זיינען געזעסן מענטשן אויך אויף די הילצערנע בריקלעך, וואָס זיינען ווייטער־צו געלעגן איבער דעם וועג און פון הינטער וועלכע ס'איז פון מאָל צו מאָל אַרויסגעפלויגן אַ קאָנקורס־שליטן. מיט דעם זעלבן וועג — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט — לאָזט מען אַראָפּ די מתים פון דער סאַנאַטאָריע, מיט אַ רעש פליען זיי דורך אונטער די בריקלעך, לענג־אויס די ליניעס, אַראָפּ צום טאָל. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויך גערעדט וועגן דעם.

זיי האָבן אַפילו אין איינעם אַ נאָכמיטאָג געפירט קאַרען קאַרסטעדט אין ביאָסקאָפּ־טעאַטער אין „פּלאַץ“, ווייל זי האָט פון דעם אַלעמען געהאַט אַזאַ הנאה. זיי זיינען געזעסן אין אַ שלעכטער לופט, וועלכע איז זיי געווען פיזיש פרעמד, ווייל זיי האָבן זיך שוין צוגעוויינט צו דער סאַמע ריינסטער. זי האָט זיך זיי געלייגט שווער אויפן האַרץ און זיי פאַרנעפּלט די מוחות. ס'האָט דאָרטן, אויף דער לייוונט פאַרבייגעציטערט פאַר זייערע ווייטיקדיקע אויגן אַ מאַסע לעבן, קליין, אָפּגעריסן און גיך, שפּרינגענדיק, צאַפּלענדיק־אומרויִק. ס'האָט אַקאָמפּאַנירט אַ קליינע מוזיק, וועלכע האָט צעגלידערט די קעגנוואַרטיקע צייט אין אַזוי־אַרום איבערגעגעבן אַן אַוועקגעפלויגענעם עבר. מיט באַגרענעצטע מיטלען האָט די מוזיק אויסגעשפּילט דעם גאַנצן רעגיסטער פון פייערלעכקייט און פּאָמפּע, ליידנשאַפט, ווילדקייט און נידעריקער זינלעכקייט. ס'איז געווען אַ שפּאַנענדיקע ליבע־און מאָרד־געשיכטע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין הויף פון אַן אָריענטאַלישן דעספּאָט. מ'האָט געזען אינדערגיך אַ וועלט פון פּראַכט און נאַקעטקייט, פול מיט הערשערישער גיריקייט און רעליגיעזן צאָרן פון די אונטערגעוואָרפענע, אַ וועלט פון אַכזריות, נידריקייט, שטערבלעכע ליידנשאַפטן און סתם אינטערעסאַנטע בילדער, צום ביישפּיל: די מוסקולאַטור פון תּלינישע הענט. בקיצור, דאָס בילד איז געווען פּראָדוצירט אין אַ נאָענטער קרובהשאַפט מיט די

שטילע וואונטשן פון די צוקוקער, די פאָרשטייער פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער ציוויליזאַציע. סעטעמבריני, ווי אַ מענטש, וואָס נעמט אַלץ קריטיש, וואָלט זיכער אַרויסגעגעבן אַ שאַרפן משפט איבער דער נישט־הומאַניסטישער פאָרשטעלונג; ער וואָלט מיט גלייכער און קלאַסישער איראָניע געזידלט דאָס מיסברויכן מיט דער טעכניק, כדי צו באַלעבן אַזעלכע פאָרשטעלונגען, וואָס פאַרמיאוסן דעם מענטש. אַזוי האָט האַנס קאַסטאָרפּ געקלערט און וועגן דעם גע־שעפּטשעט צו זיין קוזין. פראַו שטער, דערפאַר, וואָס איז אויך דאָרטן געווען און געזעסן נישט ווייט פון זיי, האָט אויסגעזען צו זיין אינגאַנצן מיטגעריסן. איר רויט עם־האַרציש פּנים איז געווען אינגאַנצן פאַרקרימט פון הנאה.

אַגב, איז געווען דאָס אייגענע מיט אַלע אַנדערע בילדער, וועלכע מ'האָט געזען אַרום זיך. אָבער ווען ס'האָט אָפּגעציטערט דאָס לעצטע בילד פאַר דער פּויזע, און זאַל איז ליכטיק געוואָרן און די מאַסע האָט דערזען פאַר זיך די ווייסע, ליידיקע לייוונט, איז אַפילו נישט געווען וועמען צו אַפּלאָדירן. ס'איז דאָ נישט געווען קיינער, וועמען מ'וואָלט געקאָנט דאַנקען מיט אַן אַפּלויז אָדער אַרויסרופן פאַר דער קינסטלערישער אויפפירונג. די אַרטיסטן, וועלכע האָבן צוזאַמען געשאַפן די שפּיל, פון וועלכער מ'האָט גענאָסן, זיינען שוין לאַנג געווען צעזייט איבער זיבן ימים. מ'האָט בלויז געזען די שאָטן־בילדער פון זייער פּראָדוקציע, מיליאָנען בילדער און זייער קורצע פיקסירונגען, אויף וועלכע מ'האָט צעטיילט זייער שפּילן, כדי מען זאָל שפּעטער קאָנען, ווען מ'וועט נאָר וועלן, צוריקצו־געבן עס דעם עלעמענט פון צייט אין אַ גיך־בלינצלענדיקן לויף. דאָס שווייגן פון דער מאַסע נאָך דער אילוזיע האָט געהאַט אין זיך עפּעס פאַרגליווערטס און דערווידערדיקס. די הענט זיינען גע־בליבן ליגן אוממעטעטיק פאַר דעם גאָרנישט. מ'האָט זיך געריבן די אויגן, געגלאָצט פאַר זיך, געשעמט זיך פאַר דער ליכטיקייט און מ'האָט געוואָלט ס'זאָל צוריק ווערן פינסטער, כדי מ'זאָל ווידער קאָ־נען קוקן, ווידער זען זאַכן פון אַמאָל צוריק איינגעפלאַנצט אין דער פרישער צייט, דערצו נאָך צוגעשמינקט מיט מוזיק.

דער דעספּאָט איז געשטאָרבן אונטערן מעסער, מיט אַ גע-בריל פון אָפענעם מויל. מ׳האָט אָבער דעם געבריל נישט געהערט. דערנאָך האָט מען געזען בילדער פון גאָר דער וועלט: דעם פּרעזי-דענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק אין צילינדער און מיט אַ גרויסער סטענגע. ער איז געזעסן אין אַ קאָטש און געענט-פערט אויף אַ באַגריסונג. מ׳האָט געזען דעם וויצע-קיניג פון אינדיע אויף אַ חתונה פון עפּעס אַ ראַדושאַ; דעם דייטשן קרוינפּרינץ אין אַ קאַזאַרמע אין פּאָטסדאַם. מ׳האָט געזען דאָס לעבן און די מנהגים פון תושבים אין אַ דאָרף אין ניימעקלענבורג *, אַ קאַמף צווישן הע-נער אין באָרנעאָ, נאַקעטע ווילדע מענטשן, וואָס בלאָזן אין נאָז-פלייטן, פאַנגען ווילדע העלפאַנדן, אַ צערעמאָניע אין סיאַמישן קי-ניגלעכן הויף, אַ באָרדעל-גאַס אין יאַפּאַן, וואו גיישעס זיצן הינטער הילצערנע שטייגן. מ׳האָט געזען איינגעוויקלטע סאַמאָיעדן פאָרן אין רען-שליטנס דורך אַ צפון-אַזיאַטישן שניי-סטעפּ, רוסישע עולי-רגלים, וואָס זיינען מתפּלל אין חברון, אַ פּערסישן פאַרברעכער, וואָס קריגט געשלאָגן מיט שטעקנס איבער די פיס. מ׳האָט זיך געפּלט, ווי מ׳וואָלט געווען דערביי. דער שטח איז פאַרשוואונדן, די צייט צו-ריקגערוקט, פון „עהגעץ און אַמאָל״ איז געוואָרן אַ לויפנדיק, שווינדל-דיק „דאָ און איצט״, באַגלייט מיט מוזיק. פּלוצלונג האָט זיך דער-נענטערט אין אַ נאַטירלעכער גרייס אַ יונגע מאַראָקישע פרוי אין געשטרייפלטע זיידענע בגדים, באַהאַנגען מיט קייטן, רינגען און קלאַמ-רעס, די שפּיציקע ברוסטן — האַלב-אָפּגעדעקט. אירע נאָזלעכער זיינען געווען ברייט, אירע אייגן פול מיט חיהשקייט, איר פּנים האָט נישט גערוט. זי האָט געלאַכט מיט אַ מויל ווייסע ציין, האָט מיט אַ האַנט פאַרשטעלט די אויגן ווי אַ שירעם און די נעגל זיינען געווען ווייסער פונם פלייש. מיט דער אַנדערער האַנט האָט זי געוואונקען צום פּובליקום. מ׳האָט מיט פאַרלעגנהייט אַיינגעקוקט זיך אינם פּנים פון דעם רייצנדיקן שאָטן, וואָס האָט אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט געזען, כאָטש פּאַקטיש האָט ער גאָרנישט געזען און

* צן אינזל פון דעם א. ג. ביסמארק-ארכיפּעלאג אין די דייטשע קאָ-לאָניעס אויפן שטילן אָקעאַן.

נאָרנישט געפּילט די בליקן פון עולם. דאָס לאַכן און דאָס ווינקען פון אָט־דעם שאָטן איז נישט געווען קיין קעגנוואַרט, נאָר איז געשען ערגעץ און אַמאָל, אַזוי, אַז ס׳וואָלט געווען אומזיניק צו ענטפערן דערויף. דאָס האָט, ווי געזאָגט, צוגעגעבן דער הנאה אַ געפיל פון אוממעכטיקייט. דערנאָך איז דער פאַנטאָם פאַרשוואונדן. די לייוונט איז פול געוואָרן מיט אַ ליידיקער העלקייט און ס׳איז דערויף געשטאַנען דאָס וואָרט „ענדע". דער ציקל פון דער פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט און מ׳איז שטום אַרויס פון טעאַטער. בשעת־מעשה איז פונדרויסן אָנגעקומען אַ ניי פּובליקום, פאַר וועלכן מ׳וועט אויפסניי איבערחזרן די גאַנצע מעשה.

די פרוי שטער האָט זיך דערנאָך אָנגעשלאָסן אין זיי און זי האָט זיי אָנגערעדט, מ׳זאָל אַוועק אין קאַפע פון קאַסינאָ. די אָרעמע קאָרען איז געווען אַזוי דאַנקבאַר, אַז זי האָט אַזש צונויפגענומען די הענט. אויך דאָ האָט געשפּילט מוזיק. אַ קליינער אָרקעסטער, אַלע אָנגעטאָן אין רויטן, האָט געשפּילט אונטער דער אָנפירונג פון אַ טשעכישן אָדער אונגאַרישן ערשטן פידלער, וועלכער איז געשטאַנען אויסערן אָרקעסטער צווישן די טאַנצנדיקע פאָרלעך און האָט געשפּילט אויף זיין אינסטרומענט, דרייענדיק דערביי פייערדיק מיטן גאַנצן קערפּער. ביי די טישן איז געווען עלעגאַנט און לעבעדיק. מ׳האָט אַרומגעטראָגן זעלטענע משקאות. די קראַנקע האָבן באַשטעלט פאַר זיך און פאַר דעם מיידל אָראַנזשאַדע, כדי זיך אָפּצוקילן, ווייל ס׳איז געווען הייס און אַ שטויב, פרוי שטער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען זיסן שנאַפּס. אין דער צייט — האָט זי געזאָגט — איז דאָ נאָך נישט דאָס אמתדיקע לעבן. די טענץ ווערן לעבעדיקער ערשט שפּעטער. אַ מאַסע פּאַציענטן פון פאַרשיידענע סאַנאַטאָריעס און סתּם קראַנקע פון די האָטעלן און פון דער קאַסינאָ גופא באַטייליקן זיך אין די טענץ, אַ סך מער ווי איצט. נישט איין שווער־קראַנקער האָט פונדאַנען אַוועק־געטאַנצט אויפן עולם־האמת, איבערקערנדיק דעם בעכער פון לעבנספרייד אין in dulci jubilo באַקומען דעם לעצטן בלוט־שטורץ.

פרוי שטער מיט איר עם־הארצות האָט אויף אַ שרעקלעכן אופן צעקאַליעטשעט אָט־די צוויי ווערטער. דאָס ערשטע וואָרט האָט זי ווי

אַרויסגענומען פון איר מאַנס איטאַליעניש־מוזיקאַלישן ווערטער־אוצר און עס איז איבערגעדרייט אויף דאָלטשע. דאָס צווייטע האָט דער־מאָנט אין „פּיעריאָ"!*, „יוּבּילײ", אָדער אײן גאָט ווייסט אין וואָס. די קוזינען האָבן תיכּף גענומען ציען פון די שטריען און זייערע קופּלעס, בשעת זיי האָבן דערהערט אָט־דעם לאַטיין. אָבער די שוועגער האָט זיך נישט אָנגעשטויסן. פאַרקערט, זי האָט אויסגעטײַטשט דעם נאַריש אירע האָזישע ציין און האָט מיט חכמהלעך און שטעך־ווערטלעך געפּרוּווט דערגיין די באַציִונג פון די דריי יונגע מענטשן. זיכער איז זי, אין דעם פאַל, געווען בלויז דערין, וואָס ס'איז נוגע דער קאַרען. עס טוט איר אַוודאי אַ הנאה, וואָס בײַ איר ליכטער פירונג באַשיצן זי אַזעלכע צוויי עלעגאַנטע ריטערס. אַזוי האָט פרוי שטער אַליין געזאָגט. ווייניקער קלאָר איז איר געווען דער ענין מצד די קוזינען. אָבער בײַ איר גאַנצער טיפּשות און עם־הארציש־קייט, האָט איר די ווײַבערישע אינטויִציע פאָרט אַרויסגעהאָלפן עפּעס צו דערגיין, כאָטש בלויז האַלב און אויף אַן אָרדינערן אופן. וואָ־רעם זי האָט פאַרשטאַנען און האָט געגעבן אָנצוהערן מיט שטעך־ווערטלעך, אַז דער אמתדיקער און פאַקטישער ריטער איז דאָ האַנס קאַסטאָרפּ און דער יונגער צימסען אַסיסטירט בלויז. זי האָט זיך אײַך געכאַפּט, אַז פאַר האַנס קאַסטאָרפּן, וואָס זיין אינערלעך גע־פיל צו פרוי שאָשאַ איז דער שטער געווען באַקאַנט, איז די נע־בעכדיקע קאַרען בלויז אַ סוראָגאַט, ווייל צו יענער קאָן ער זיך נישט דערנענטערן. דער דאָזיקער קוק אויף דער זאַך האָט זייער געפּאַסט פאַר דער פרוי שטער, האָט נישט געהאַט אין זיך קיין שום עטישע פאַרטיפטקייט און איז אַרויסגעוואַקסן פון איר אָרדינערער אינטויִציע. דערפאַר טאַקע האָט האַנס קאַסטאָרפּ אויף אירע פלאַך־שטעכעדיקע אָנצוהערענישן אָפּגעענטפערט בלויז מיט אַ מידן בּיטול־דיקן בליק. אַוודאי איז פאַר אים דער צונויפקום מיט דער אָרעמער קאַרען געווען אַ מין סוראָגאַט און אַ נוצלעך הילף־מיטל, אַקוראַט ווי אַלע אַנדערע באַרעמהאַרציקע מאַטן. אָבער גלייכצייטיק זיינען זיי געווען אַ צוועק פאַר זיך אַליין, אָט־די מעשים טובים. די צו־

* אויסרוף: עס ברענט.

פרידנקייט זיינע, בעת ער האָט אָנגעקאָרמעט מיט קלעי די געשלאָגענע מאַלינקראָדט, אויסגעהערט פון פערזען די שילדערונג ווען דער שרעקלעכער לונגען־צעטרייסלונג, אָדער בעת ער האָט געזען די אָרעמע קאַרען פון גרויס פרייד פּאַטשן אין די הענט מיט די פּאַרפּלאַסטערטע פינגער־שפּיצן, — אָט־די צופרידנקייט איז געווען, וואָס אמת, אַן איבערגעטראָגענע און פול מיט פניות, אָבער אין אַ דריקטע און אַ ריינע. זי האָט געשטאַמט פון אַ גייסטיקער שטימונג, וועלכע איז געווען דער סאַמע היפוך פון יענער, וועלכע סעטעמבריני האָט פאַרטרעטן פּעדאַגאָגיש. דאַנק קאַטאַסטראָפן האָט זיך געדאַכט, אַז פונדעסטוועגן קאָן דערויף חל זיין סעטעמברינים באַצייכענונג: Placet experiri.

דאָס הייזל, אין וועלכן קאַרען קאַרסטעדט האָט געוואוינט, איז געלעגן נישט ווייט פון וואַסער־פאַל און פון די באַן־שינעס ביי דעם וועג, וואָס פירט קיין „דאָרף“. דערפאַר איז פאַר די קוזינען באַקוועם געווען אָפּצוהיטן ביי איר, ווען זיי האָבן זי געוואָלט מיטנעמען אויף זייער רעגולאַמין־שפּאַציר נאָכן פרישטיק. גייענדיק אַזוי צו „דאָרף“ צו, כדי צוצוקומען צו דער הויפּט־פּראָמענאַדע, האָבן זיי געזען פאַר זיך דעם קליינעם „שיאַהאָרן“, דערנאָך ווייטער רעכטס — דריי שפּיצן, וועלכע מ׳האָט גערופן די „גרינע טורעמס“. איצט זיינען זיי אויך צוגעדעקט געווען מיט בלענדנדיק־זוניקן שניי. נאָך ווייטער אויף רעכטס האָבן זיי געזען דעם שפּיץ פון באַרג אין „דאָרף“. אויף אַ פערטל פון זיין הייך האָט מען געזען דעם בית־עולם, דעם בית־עולם פון „דאָרף“, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ מויער. מ׳האָט, ווייזט אויס, געזען פון דאָרטן אַ שיינע פּאַנאָראַמע, אפשר די אָזערע. דערפאַר טאַקע איז אַיינגעפאַלן צו מאַכן אַהין אַ שפּאַציר. איינמאָל זיינען זיי טאַקע אַרויף אַהין, אין דרייען. ס׳איז געווען אין אַ שיינעם פאַרמיטאָג. בכלל זיינען אַלע טעג געווען שיינע: זוניקע און ווינטן, טיף־בלויע, ברענענדיק־פראָסטיקע און צעפינקלטע. די קוזינען — איינער מיט אַ ציגל־רויט פּנים, דער צווייטער ברוין — זיינען געגאַנגען אין די בלוזע אָנצוגן, ווייל די מאַנטלען זיינען שווער געוואָרן — אַזוי האָט געברענט די זון. דער יונגער צימסען איז געגאַנגען אין אַ ספּאָרט־

אָנצוג און אין גומענע שניי־שיך, האַנס קאַסטאָרפּ — אין אַזעלכע שיך, אָבער מיט לאַנגע הויזן, ווייל ר'איז נישט געווען בטבע גענייג אַריינגעטאָן אין קערפּער, כדי צו טראָגן קורצע. ס'איז געווען צווישן אָנהייב און מיטן פעברואַר, שוין אין נייעם יאָר. ריכטיק, ס'איז געוואָרן אַ ניי יאָר, זינט האַנס קאַסטאָרפּ איז אַרויפגעקומען אַהער. מ'האָט איצט געשריבן אַ נייע דאַטע. אַ גרויסער ווייזער פון וועלט־צייט־זייגער האָט זיך איבערגערוקט אויף איין שטרכעלע. פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז נישט געווען דער סאַמע גרעסטער, יענער ווייזער, וועלכער ווייזט־אָן יאָר־טויזנטער. זייער ווייניק פון יענע, וואָס לעבן איצט, וועלן דערלעבן יענע צייט. ס'איז אויך נישט געווען דער ווייזער, וואָס ווייזט אָן אויף יאָר־הונדערטער אָדער אויף צענער־יאָרן. דאָס נישט. אָבער דער יאָר־ווייזער האָט זיך ערשט נישט לאַנג אַ רוק געטאָן, כאָטש האַנס קאַסטאָרפּ איז נאָך דאָ נישטאָ קיין יאָר, נאָר ערשט אַ ביסל מער פון אַ האַלבס. איצט שטייט דער יאָר־ווייזער אויף איין אָרט, ווי ביי דעם מין גרויסע זייגערס, ביי וועלכע דער ווייזער רוקט זיך איבער יעדע פינף מינוט, און ער וואַרט ביז ער וועט זיך ווידער אַ רוק טאָן. אָבער ביז דעמאָלט מוז נאָך דער חודש־זייגער צען מאָל זיך איבעררוקן, אַ ביסל מער וויפיל מאָל ער האָט זיך שוין אַ רוק געטאָן, זינט האַנס קאַסטאָרפּ איז שוין דאָ אויבן. דעם פעברואַר האָט ער נישט אַריינגערעכנט, ווייל אָנגעהויבן, הייסט: אַוועקגעגאַנגען, אַקוראַט ווי אַ געטוישט איז אויסגעגעבן.

די דריי זיינען, הייסט עס, אויך אַמאָל אַוועק שפּאַצירן צום בית־עולם אויפן באַרג אין „דאָרף". צוליב עקזאַקטער גענויקייט מוז מען אויך אָט־דעם שפּאַציר פאַרצייכענען. די אָנרעגונג דערצו האָט געגעבן האַנס קאַסטאָרפּ. יאָאַכים האָט אין אָנהייב זיך געקווענקלט צוליב דעם מצב פון דער אָרעמער קאַרען, צום סוף, אָבער, האָט ער איינגעזען און מודה געווען, אַז ס'האָט נישט קיין זין צו שפּילן זיך מיט איר אין באַהעלטעניש און זי מיט סכנת נפשות אויסצוהיטן, ווי ס'וויל די פּחדנותדיקע שטער, פון אַלץ, וואָס דערמאָנט אין עקזיטוס*. קאַרען קאַרסטעדט איז נאָך נישט געווען אין

* = דער סוף (לאַטייניש).

דער לעצטער סטאַדיע, ווען דער קראַנקער וויל זיך אַליין אָפּנאַרן. זי האָט געוואוסט, וואו ס'האַלט מיט איר און פונוואַנען ס'נעמט זיך די נעקראָזע* אין אירע פינגער־שפּיצן. זי האָט אויך געוואוסט, אַז אירע האַרטע קרובים וועלן אפילו נישט וועלן הערן וועגן דעם ל'קסוס, זי טויטערהייט אַהיימצוטראַנספּאָרטירן, נאָר אַז גאָך דעם עקזיטוס וועט מען איר געבן אַ באַשיידן שטיקל פּלאַץ נאָקע דאָרטן אויבן. בקיצור, מ'האָט געקאָנט גאַנץ גוט אײַנזען, אַז דער דאָזיקער שפּאַציר איז פאַר איר מאָראַליש־פּאַסיקער, ווי וועלכער ס'איז אַנדערער, אַ שטילער — צום באָב־שליטן־געיעג, אָדער אין קינאָ אַריין. אַגב, איז עס געווען נישט מער, ווי אַן אָנשטענדיקער אַקט פון חברשאַפט צו מאַכן אַ וויזיט די מתים אויבן, בתנאי, ווען מ'קוקט נישט אויפן בית־עולם, ווי אויף אַ פּשוט אינטערעסאַנט אָרט און נייטראַלן שפּאַציר־פּלאַץ.

זיי זײַנען אַרויפגעקראָכן אַהין איינער נאָכן אַנדערן, ווײַל אויף דעם שמאָלן שטעגל צווישן שניי האָט געקאָנט גיין בלויז איין מענטש. צום סוף האָבן זיי געלאָזט הינטער און אונטער זיך די העכסטע ווילעס אויפן שיפּוע און שטײַגנדיק אין דער הייך האָבן זיי געזען, ווי די היימישע לאַנדשאַפט אין איר גאַנצער ווינטערדיקער פּראַכט וערט אין דער פּערספּעקטיוו אַ ביסל ברייטער און צעעפנטער. זי האָט זיך מער אויסגעשפּרייט צו צפון־מזרח צו קעגן דעם אַרײַנגאַנג פון טאָל. ס'איז אַרויסגעשוואומען דער דערוואַרטעטער אויסבליק אויף דער אָזערע, וואָס איז געווען באַוואַקסן אַרום מיט וואַלד, צוגעפרוירן און פאַרשיט מיט שניי. פון סאַמע ווײַטסטן ברעג האָבן זיך, דאַכט זיך, צונויפגעטראָפן אויף דער ערד שיפּועים. הינטער זיי האָבן אַרויסגעקוקט פרעמדע בערג־שפּיצן, וואָס האָבן זיך, פאַרשניטע, אַרײַנגעשטאָכן אין דער בלויקייט פון הימל. זיי האָבן זיך צוגעקוקט דערצו, בעת זיי זײַנען געשטאַנען אין שניי פאַר דעם שטיינערנעם טויער, וואָס האָט אַרײַנגעפירט אין בית־עולם. צום

* דאָס אָפּשטאַרבן פון די ביינער.

סוף זײַנען זיי אַרײַן אַהין דורך אַן אײַזערנער שטאַכעטן־טיר, וועלכע איז געווען אײַנגעפּאַסט אין שטיינערנעם טויער און נישט פֿאַרשלאָסן, נאָר האַלב צוגעלענט.

אויך דאָ זײַנען געווען אָפּגערייניקטע שטעגלעך. זיי האָבן זיך געשלענגלט צווישן די אַרומגעקראַצטע קברים־בעטגלעך, באַשיטע מיט קישנס שניי, אַמ־די גוט און גלײַך־געבעטע מתים־געלעגערס מיט זייערע צלמים פֿון שטיין און מעטאַל, מיט זייערע קליינע מאָנומענטן, באַפּוצטע מיט אותיות און מעדאַליאָנען. פֿונדעסטוועגן האָט מען נישט געזען קיין זכר פֿון קיין מענטש. די שטילקייט, אָפּגעזונדערטקייט, שלווהדיקייט פֿון דעם אָרט האָט אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים זיך אויסגעוויזן טיף און סודותדיק. אַ קליין שטיינערן מלאַכל אָדער אַ גאָטל, מיט אַ שניי־היטעלע קרום אויפֿן קעפּל, איז געשטאַנען ערגעץ צווישן דער געדיכטעניש און האָט געהאַלטן אַ פֿינגער אויף די ליפּן; עס האָט אויסגעוויזן, ווי דער געניוס פֿון דעם אָרט, ס'הייסט: דער געניוס פֿון שווײַגן. מ'האָט אַלנפֿאַלס זייער שטאַרק געפֿילט אין דעם שווײַגן דעם היפּוך פֿון ריידן, אַ פֿאַרשטומטקייט, הייסט עס, נישט קיין ליידיקייט און פּוסטקייט. פֿאַר די צוויי מענער וואָלט, אַלנפֿאַלס, געווען אַ געלעגנהייט אַראָפּצונעמען די היטלען, ווען זיי וואָלטן געטראָגן. אָבער זיי זײַנען געגאַנגען אין די בלויזע קעפּ, האַנס קאַסטאָרפּ אויך. דערפֿאַר זײַנען זיי בלויז הינטער קאַרען נאָכגעגאַנגען מיט דרך־ארץ, מיט דער גאַנצער שווערקייט פֿון גוף אויף די פֿינגער פֿון די פֿיס, וויגנדיק זיך עטוואָס אויף רעכטס און אויף לינקס איינער נאָכן אַנדערן.

דער בית־עולם איז געווען געבויט נישט רעגלמעסיק; אָנגעהויבן האָט ער זיך ווי אַ שמאָלער פּירעק קעגן דרום־צו, דערנאָך האָט ער זיך צעצווייגט, אויך גלײַכעקיק אין ביידע זײַטן. אַפֿנים, אַז מ'האָט אים אַ סך מאָל געמוזט פֿאַרגרעסערן און צונעמען נײַע שטיקער פֿעלד. פֿונדעסטוועגן איז אַלץ געווען כמעט אינגאַנצן באַלייגט, סײַ לענגאויס דער מויער, סײַ אינעווייניק, אויף די ווייניקער חשובֿע ערטער. ס'איז שווער געווען צו וויסן, ווי אַזוי מ'וואָלט דאָ נאָך אויסגעפֿונען אַ אָרט פֿאַר עמעצן. אַ היפּש שטיק צײַט

זיינען די דריי אַרומגעקראָכן דיסקרעט איף די שמאָלע דורכגענג און שטעגלעך צווישן די מצבות. דערביי האָבן זיי זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט, כדי אַרויסצולייענען אַ נאָמען, אַ דאַטע פון געבוירן און שטאַרבן. די מצבות און די צלמים זיינען געווען פשוטע און אָן איבעריקע באַפּוצונגען. וואָס ס'איז נוגע די אויפשריפטן, זיינען דאָרטן געווען נעמען פון אַרבע פינות עולם, ענגלישע, רוסישע, אָדער בכלל סלאַווישע, אויך דייטשע, פּאָרטוגעזישע און אַלע אַנדערע. אָבער אויף די דאַטן איז געלעגן אַ ספּעציעלער חותם: דער מהלך צווישן איין דאַטע און דער אַנדערער איז געווען אויפפאַלנדיק קליין, די צייט צווישן געבוירן און עקזיטום האָט אָנגעטראָפן אומעטום בערך צוואַנציק יאָר, נישט אַ סך מער. דער גאַנצער בית־עולם איז כמעט באַלייגט געווען מיט בלויז יונגוואַרג, וואָס איז זיך צונויפגעפאָרן אַהער פון דער גאַנצער וועלט און איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנגענומען אַ האָריזאָנטאַלע פּאָזיציע.

ערגעץ טיף, צווישן די געדיכטע קברים, אינעווייניק אינמיטן בית־עולם, איז געווען אַ פלאַך שטיקל פּלאַץ, אַ מענטש די לענג. עס איז געלעגן גלייך און נישט פאַרנומען צווישן צוויי קברים, וואָס אויף זייערע מצבות האָבן געהאַנגען אייביקע קראַנצן. די דריי באַזוכער זיינען נישט ווילנדיק דאָרטן געבליבן שטיין. פאַר זיי איז געשטאַנען די פריילין און זיי האָבן אַלע געלייענט די דינע אותיות אויף די שטיינער. האַנס קאַסטאָרפּ — אָפּגעלאָזן, די הענט פאַרלייגט פאַר זיך, מיט אַן אָפן מויל און שלעפעריקע אויגן; דער יונגער צימסען — מיט צונויפגערוקטע פיס און נישט בלויז גלייך, נאָר אַפילו אַ ביסל געבויגן אויף צוריק. די קוזינען האָבן גלייכצייטיק — זייטיק און בגנבה געכאַפּט אַ בליק אויף קאַרען קאַרסטעדטס מינע. זי האָט עס באַמערקט און געשטאַנען אַ פאַרשעמטע און באַשיידענע, דער קאָפּ אַ ביסל קרומלעך־פאָרויס. זי האָט באַהאַלטן געשמייכלט מיט אויסגעשפּיצטע ליפּן און דערביי גיך צוגעפינטלט מיט די אויגן.

---

## וואַלפּורגיס נאַכט *

אין עטלעכע טעג אַרום איז געוואָרן זיבן חדשים, זינט דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ איז געזעסן דאָ אויבן. פינף האָט שוין יאָאַכים געהאַט הינטער זיך, בעת האַנס קאַסטאָרפּ איז אָנגעקומען. איצט איז שוין געווען צוועלף חדשים, אַ קײַלעכיק יאָר. קײַלעכיק אין קאָסמישן זין: זינט דער קלײנער, שלעפּ־קרעפּטיקער לאָקאָמאָטיוו האָט יאָאַכימען אָפּגעשטעלט אַהער, האָט די ערד זיך אַרומגעדרייט איינמאָל אַרום־און־אַרום דער זון און איז צוריקגעקומען צו דעם דעמאָלטיקן פּונקט. ס'איז געווען קאַרנאַוואַל־צייט; גאָר נאָענט צו פאַסטנאַכט און האַנס קאַסטאָרפּ איז געוואָר געוואָרן ביי דעם פאַראַיאָריקן פּאַציענט, ווי דאָ פּירט זיך דעמאָלט.

— מאַגניפיק** — האָט געענטפערט סעטעמברִיני, וועלכן די קוזינען האָבן דעמאָלט ווידער געטראָפן ביי דעם פאַרמיטאָג־שפּאַציר — ספּלענדיד!*** — האָט ער געענטפערט.—ס'איז דאָ אַזוי פריילעך, ווי אין פּראַטער****, איר וועט זען, אינזשעניער. דעמאָלט ווינען מיר גלייך גלענצנדיקע פּאַצעטן — האָט ער געזאָגט און נישט אויפגעהערט מיט זיין אָפן מויל צו ווייצלען זיך, דערביי האָט ער געמאַכט געלונגענע זשעסטיקולאַציעס מיט זיינע הענט, אַקסלען און מיטן קאָפּ. וואָס ווילט איר האָבן, אַפילו אין דער maison de santé***** קומען פאַר טיילמאָל בעלער, פאַר די אידיאָטן און משוגעים, אַזוי האָב איך געלייענט. פאַרוואָס־זשע דאָ נישט? דער פּראָגראַם אַנטהאַלט די פאַרשיידנסטע danses macabres******, קאָנט איר אייך פאָרשטעלן. ליידער קאָן אַ געוויסער טייל פון די פאַראַיאָריקע נישט נעמען קיין אָנטייל, ווייל די פייערונג ענדיקט זיך נישט שפּעטער ווי האַלב צען...

---

* די נאַכט פארן 1 מאי, ווען די כישוף־וועלט הוליעט, לויט אַן אַבערגלויבן.

** פּרעכטיק.

*** הערלעך.

**** דער באַוואוסטער פאָלקס־פּארק אין ווין.

***** שפּיטאָל.

****** טויטן־טענץ.

— איך מיינט... אַך אַזוי, אויסגעצייכנט! — לאַכט האַנס קאַסטאָרפּ — איך זייט אַ חוזק־מאַכער! — „האַלב צען" — האָסט געהערט, דו? צו פרי, הייסט עס, אַז „אַ געוויסער טייל" פון די פּאַראַיאַריקע זאָל נאָך קאָנען באַווייזן אָנטייל צו נעמען, מיינט הער סעטעמבריני. האַ־האַ, נישט־היימלעך. דאָס איז יענער טייל, וואָס האָט אין משך פון דער צייט זיך אָפּגעזעגנט מיטן ביסל „פלייש". דו פאַרשטייסט דעם וואָרט־שפּיל? אַלנפאַלס בין איך געשפּאַנט — האָט ער געזאָגט. — איך האַלט עס פאַר ריכטיק, וואָס מיר פייערן דאָ אַזוי די יום־טובים, ווי זיי פאַלן אויס און מיר שטרייכן אונטער אויף אַן אָנגענומענעם אופן די עטאַפּן, די אײנשניטן, כדי ס'זאָל נישט זיין אַזוי איינטאָניק, אָן שום איבעררייסן. דאָס וואָלט געווען עפּעס מאָדנע. דאָ האָבן מיר געהאַט ווײנאַכט און ניי־יאָר, איצט קומט, הייסט עס, פאַסט־נאַכט. דערנאָך וועט זיך אונטעררוקן דער פּאַלמען־זונטאָג (קריגט מען דאָ בייגל?), די גרויסע וואָך, פּסחא און דערנאָך שבועות. דאָס איז אינגאַנצן אין זעקס וואָכן שפּעטער. דערנאָך וועלן מיר שוין באַלד האָבן דעם לענגסטן טאָג, ווען ס'הייבט אָן באַלד צומאָרגנס ווערן פריער נאַכט, פאַרשטייסט איר, און דערנאָך וועט נעמען גיין צו האַרבסט...

— שטייט! שטייט! שטייט! — האָט סעטעמבריני אַ רוף געטאָן, דערביי האָט ער אַ הייב געטאָן דאָס פּנים צום הימל און צוגעדריקט די האַנט־פלאַכן צו די שלייפן — שווייגט! איך פאַרווער אייך אויף אַזאַ אופן צו צעלאָזן זיך!

— אַנטשולדיקט, איך זאָג דאָך פאַרקערט... אַגב, וועט דאָך בערענס סוף־כל־סוף פועלן ביי זיך צו מאַכן אײנשפּריצונגען און זיך אַ נעם טאָן צו מיין קרענק. ווייל כ'האָב כסדר זיבנאונדרייסיק פיר, פינף, זעקס און אויך זיבן. ס'וויל זיך גאָרנישט ענדערן. איך בין און בלייב נאָך אַלץ אַ ציטערדיקער קינד פון לעבן. אויף לאַנג בין איך נישט פאַרמשפּט. ראַדאַמאַנט האָט מיר אַפילו נישט אַריינגעצימבלט קיין באַשטימטן טערמין, אָבער ער זאָגט, אַז ס'וואָלט געווען אומזיניק איבעררייסן די קוראַציע פאַר דער צייט, אויב כ'בין שוין אַזוי לאַנג דאָ אויבן און אַזויפיל צייט אַריינגעלייגט, איז מ'קאָן אַזוי זאָגן. וואָס פאַר אַ נוצן וואָלט עס געהאַט, ווען ער באַשטימט מיר אַפילו אַ טער־

מין? דאָס וואָלט געהאַט אַ קנאַפּן באַטייט. ווען ער זאָגט, צום ביישפּיל: אַ האַלב יאָר, איז עס צו ווייניק אָנגעכאַפּט און מ׳מוז זיין צוגעגרייט אויף מער. דער בעסטער באַווייז איז מיין קוזין. ער האָט געזאָלט זיין פּאַרטיק אין אָנהייב היינטיקן חודש — פּאַרטיק מיין איך: אויסגעהיילט. אָבער דאָס לעצטע מאָל האָט אים בערענס ווידער צוגעלייגט פיר חדשים ביז ער וועט זיין אינגאַנצן אויסגעהיילט. — נאַ, איז וואָס־זשע וועט דעמאָלט זיין? דעמאָלט וועט זיין דער לענגסטער זומער־טאָג, ווי איך האָב טאַקע געזאָגט (ניט כדי צו רייצן זיך מיט אייך) און ס׳וועט ווידער גיין צו ווינטער. אָבער אין דעם מאָמענט האַלטן מיר אוודאי ערשט ביי פּאַסט־נאַכט. איר הערט, מיר געפעלט עס זייער, וואָס מיר וועלן איינס באיינס פייערן דעם יום־טוב, ווי ס׳שטייט אין לוח. פּרווּ שטער זאָגט, אַז אין דער לאָזשע פון משרת קאָן מען קויפן טרומייטערלעך פאַר קינדער?

דאָס איז געווען אמת. שוין ביים ערשטן פרישטיק אין קאַרנאַוואַל־טאָג, וואָס איז געקומען, איידער מ׳האָט זיך אומגעקוקט, האָט מען אין עס־זאַל געהערט פאַרשיידענע טענער פון קינדישע בלאָז־אינסטרומענטן, אַ קוויטשערײַ און אַ פּייפעריי. ביים מיטאָג ווינען פון געגזערס, ראַזמוססענס און קלעפעלדס טיש געפלויגן פאַפּירענע שלאַנגען. אַ סך מענטשן, צום ביישפּיל, מאַרושיאַ מיט די קיילעכיקע אויגן, האָבן געטראָגן אויפן קאָפּ פאַפּירענע שקאַרמוצן, וועלכע מ׳האָט אויך געקאָנט קויפן ביים הינקעדיקן משרת אין דער לאָזשע. אין אָוונט איז אין זאַל און אין די קאָנווערזאַציע־צימערן פאָרגעקומען אַ יום־טובדיקער צונויפקום, וואָס האָט דערפירט... לעת־עתה ווייסן מיר בלויז דאָס, צו וואָס דער פייערלעכער אָוונט האָט דערפירט אַדאַנק האַנס קאַסטאָרפּס אונטערנעמערישקייט. אָבער דער פאַקט, וואָס מיר ווייסן, קאָן אונז נישט אַרויספירן פון אונזער געלאַסנקייט; מיר לאָזן פאַר דער צייט דעם כבוד, וואָס ס׳קומט איר און מיר וועלן גאָרנישט צואיילן. אפשר פאַרקערט, ציען מיר גאָר אָפּ מיטן באַשרייבן די געשעענישן, ווייל מיר פילן מיט דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּס עטישע צוריקגעהאַלטנקייט, וועלכע האָט אַזוי לאַנג אויפגעהאַלטן אָט די געשעענישן.

נאָך מיטאָג זיינען אַלע אַוועק עולה-רגל זיין קיין „פּלאַץ“, כּדי צוצוקוקן זיך צום דאָרטיקן קאַרנאַוואַל-לעבן. אויפן וועג האָט מען געטראָפן מענטשן אין מאַסקעס, פּיעראָטן און קאָלאָמבינעס, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט קלאַפּערס. צווישן די פוס-גייער און די מאַסקעס אין די קלינגענדיקע, אויסגעפּוצטע שליטנס זיינען פאָר-געקומען קאָנפעטי-שלאַכטן. אויף דער אָוונט-מאָלצייט אין עס-זאַל איז מען שוין געווען בגילופין ביי די זיבן טישן, אַנטשלאָסן איבער-צוטראָגן די דרויסנדיקע יום-טובדיקייט אויך אַהער צווישן אייגע-נעם עולם. דעם משרתים פאַפּירענע היטלען, קלאַפּערס און פייפ-לעך האָבן געהאַט אַ גוטן אָפּגאַנג. דעם אָנהייב צו די ווייטערדיקע נעשעענישן האָט געמאַכט דער פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט דערמיט, וואָס ער האָט אָנגעטאָן אַ ווייבלעכע קימאָנאָ, צוגעטשעפּעט צו די האָר אַ פאַלשן צאָפּ, וועלכן ער האָט גענומען — ווי מען האָט פון פאַר-שיידענע זייטן דערציילט — ביי דער פרוי גענעראַל-קאָנסול וואורמבראַנד. ער האָט מיט אַ בּרען-אייזן געמאַכט אַזוי, אַז זיינע וואָנסעס זאָלן גיין קרומלעך אַראָפּ און אַזוי-אַרום באַקומען אַ פּנים פון אַ כינעזער אויף אַ האָר. די פאַרוואַלטונג איז אויך נישט געבליבן הינטערשטעליק. מ'האָט יעדן פון די זיבן טישן באַצירט מיט אַ פאַפּירענעם לאַמפּי-אָן, אַ קאָלירטע לבנה, מיט אַ ברענענדיק ליכט אינעווייניק, אַזוי אַז בשעת סעטעמבריני איז אַריין אין זאַל און פאַרביי-געגאַנגען האַנס קאַסטאָרפּס טיש, האָט ער ציטירט אין שייכות צו דער אילומינאַציע געטעס פערזן:

> זעט, וואָס פאַראַ שיינע פלאַמען!
> אַ קלוב איז פריילעך דאָ צוזאַמען.

ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט מיט זיין פיינעם און טרוקענעם שמייכל. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעשלעפּט אויף זיין פּלאַץ, וואו מ'האָט אים מקבל-פּנים געווען מיט קליינע קוילן, דין-וואַנטיקע קיילעכלעך, אָנגעפילטע מיט פּערפום. בעת זיי טרעפן, פּלאַצן זיי און באַגיסן יענעם.

בקיצור, די יום-טוב-שטימונג איז פון אָנהייב אָן געווען זייער אַ גוטע. מ'האָט געהאַלטן אין איין לאַכן, די פאַפּירענע שלאַנגען,

וואָס האָבן אַראָפּגעהאַנגען פון די זשיראַנדאָלן, האָבן פון ווינט געווייעט אַהין און אַהער, אין דער בראָט־יויך זיינען אַרומגעשוואומען קאָנפעטי. באַלד האָט מען געזען די קאַרליקיכע דורכאיילן אַ פּאַר־נומענע מיטן ערשטן אייז־עמער, מיט דער ערשטער שאַמפּאַניער־פלאַש. מ׳האָט געמישט שאַמפּאַניער מיט בורגונדישן וויין. דער אַדוואָקאַט איינהויף האָט געגעבן דערצו דעם סיגנאַל. צום סוף פון מאָלצייט זיינען פאַרלאָשן געוואָרן די סופיט־לאָמפּן און דער עס־זאַל איז נאָך בלויז דורך די לאַמפּיאָנען באַלויכטן געווען טונקל־פאַרביק און האָט דערמאָנט אין איטאַליענישע נעכט. דעמאָלט איז די שטימונג געוואָרן שוין גאָר אַ געהויבענע. סעטעמבריני האָט צוגעשיקט האַנס קאַסטאָרפּן אַ צעטל (ער האָט עס איבערגעשיקט דורך מאַרושיאַ, וואָס איז געזעסן לעבן אים און געווען אויסגעפּוצט אין אַ זשאָקיי היטל פון גרין זייד־פּאַפּיר). דער עולם ביים טיש האָט געהאַט דערפון גרויס הנאה. עס איז דאָרטן געווען געשריבן מיט בלייפעדער:

> אָבער געדענקט: דער באַרג איז היינט פון כישוף חול,
> און אויב ס׳וועט ווייזן אייך דעם וועג אַ פאַלשע שיין,
> איגנאַנצן ערנסט דאַרפט איר דאָס ניט נעמען.

ד״ר בלומענקאָל, וועלכער איז ווידער געווען זייער אין אַ שלעכטן מצב, האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן פאַר זיך מיט זיין ספּעציעלן אויסדריק אין פּנים, אָדער אייגנטלעך גאָר אין די ליפּן: דערפון האָט מען געקאָנט אַרויסדרינגען, וואָס פאַרא פערון דאָס זיינען. האַנס קאַסטאָרפּ פון זיין זייט האָט געהאַלטן, אַז ער טאָר נישט בלייבן שולדיק, האָט געפילט, אַז דער שפּאַס איז אים מחייב אָפּצוענטפערן אויפן צעטל מיט עפּעס אַ רעפּליק, וועלכע וואָלט מסתמא אַרויסגעקומען זייער שוואַך. ער האָט גענומען זוכן אין די קעשענעס אַ בלייפעדער. ער האָט אָבער נישט געפונען. אויך יאָאַכים און די לערערין האָבן נישט געהאַט ביי זיך. זיינע רויט־אָנגעלאָפענע אויגן האָבן הילף־זוכנדיק אַ קוק געטאָן אין מזרחדיקן טייל פון זאַל, אין דעם לינקן ווינקל הינטערוויילעכץ. דאָס, וואָס ער האָט יעצט געהאַט בדעה, איז אַרויס־געוואַקסן פון אַזאַ ווייטער אַסאָציאַציע, אַז ר׳איז אַזש בלייך געוואָרן און האָט בכלל פאַרגעסן, וואָס ער האָט צו טאָן.

ס'זיינען געווען סיבות בלייך צו ווערן נאָך אויסער דעם. פרוי שאָשאַ דאָרטן הינטן איז געווען אָנגעטאָן יום־טובדיק. זי האָט געטראָגן אַ אַ נײַ קלייד, אַלנפאַלס אַזאַ קלייד, אין וועלכן האַנס קאַסטאָרפ האָט זי נאָך ביז איצט נישט געזען. ס'איז געווען פון לייכטן, טונקעלן, כמעט שוואַרצן זייד, וואָס האָט דאָ און דאָרט אַ גלאַנץ געטאָן גאָלדן־ברוינלעך. ביים האַלדז איז עס געווען קיילעכדיק און מיידלעריש אויסגעצירט, אַזוי ווייניק, אַז מ'האָט בלויז אַרויסגעזען דעם האַלדז, דעם אָנהייב פון די שליסל־ביינער. צוליב דעם, וואָס זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַ ביסל אויסגעבויגן פאָרויס, האָט מען הינטן אַרויסגעזען דאָס אַ ביסל אַרויסגעזעצטע נאַקן־ביינדל אונטער די לויזע האָר פון קאַרק. קלאַוודיעס אָרעמס דערפאַר זיינען אין דעם קלייד געווען אַנטפּלויזט ביז צו די אַקסלען. אירע אָרעמס זיינען געווען אי צאַרט אי פול, דערביי נאָך קיל, לויט אַלע השערות אין זיי האָבן אַזוי אויסערגעוויינלעך ווייס זיך אָפּגעשלאָגן קעגן דער זיידענער טונקלקייט פון קלייד, אויף אַזאַ דערשיטערנדיקן אופן, אַז האַנס קאַסטאָרפּ האָט צוגעמאַכט די אויגן און אין זיך אַ שעפּטשע געטאָן: מיין גאָט! אַזאַ מין שניט פון אַ קלייד האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געזען. ער האָט געקאָנט באַל־טואַלעטן, פייערלעכע, מיט אָנגענומענע דעקאָלטן, וואָס זיינען געווען אַ סך גרעסער, ווי איצט ביי פרוי שאָשאַ, פונדעסטוועגן האָט יענע ווייט ניט געווירקט אַזוי איבערראשנדיק. אַמאָל האָט דער אָרעמער האַנס קאַסטאָרפּ געהאַט אָנגענומען די מיינונג, אַז דער רייץ, דער אומזיניקער רייץ פון די דאָזיקע אָרעמס, וועלכע ער האָט אַלעמאָל געזען דורך דינער גאַזע, וועט אין דער אָנדייטנדיקער „פאַר־הילטקייט" נישט זיין אַזאַ טיפער. ער האָט אָבער געהאַט אַ טעות! ר'האָט זיך ביטער גענאַרט! די פולע, שטאַרק־אַקצענטירטע און בלענדנדיקע נאַקעטקייט פון די אָרעמס ביי אָט דער קראַנקער האָט געווירקט אַ סך שטאַרקער ווי דעמאָלט, בעת זיי זיינען געווען פאַרהילט. ס'איז דאָ נישט געווען קיין אַנדערע עצה, ווי אַראָפּצולאָזן דעם קאָפּ און שטילערהייט איבערחזרן: מיין גאָט!

אַ ביסל שפּעטער איז אָנגעקומען אַ נײַ צעטל, אין וועלכן ס'איז געשטאַנען:

אַ עולם, ווי מען קאָן נאָר ווערן,
די מיידלעך — אַלע כלות!
די בחורים איינס באיינס
די בעסטע קאַוואַליערן!

בראַוואָ, בראַוואָ! האָט מען גערופן. מ'האָט שוין געהאַלטן ביי דער שוואַרצער קאַווע, וועלכע מ'האָט דערלאַנגט אין ערדערן־ברוינע שעלעכלעך, אַנדערע האָט מען אויך געגעבן ליקער, אַ שטייגער דער פרוי שטער, וואָס האָט זייער ליב געהאַט עפּעס זיס און שאַרפס. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן אויפשטעלן און אַרומגיין. מ'איז צוגעגאַנגען איינעם צום אַנדערן, געטוישט די ערטער. איין טייל פון די געסט איז שוין אַריבער אין די קאָנווערזאַציע־זאַלן, אַנדערע זיינען געבליבן זיצן אויף אַן אָרט און ווייטער געטרונקען משקה. סעטעמבריני איז סוף־כל־סוף אַליין צוגעקומען, מיטן קאַווע־שעלכל אין דער האַנט, מיטן צאָן־שטעכער צווישן די ליפּן און האָט זיך אַוועקגעזעצט מעשה גאַסט ביים עק טיש צווישן האַנס קאַסטאָרפּ און דער לערערין.

— האַרץ־בערג — האָט ער אַ זאָג געטאָן — די געגענט פון שירקע און עלענד*. צי האָב איך אייך צופיל צוגעזאָגט, אינזשעניער? דאָס איז דאָך אַן אמתע מעסע! אָבער וואַרט נאָר, אונזער ווייַן שעפּט זיך נישט אַזוי גיך אויס, מיר זיינען נאָך נישט ביים שפּיץ, אָפּגע־רעדט שוין וועגן סוף. לויט ווי מ'הערט, וועלן זיין אַ סך מאַסקעס. געוויסע פערזאָנען האָבן זיך צוריקגעצויגן, אַזוי אַז מ'קאָן זיך ריכטן אויף פאַרשיידענע זאַכן. איר וועט זען.

ס'האָבן זיך באמת געוויזן נייע קאָסטיומען: דאַמען אין מענער־רישע מלבושים, אָפּערעטיש און פאַלש צוליב די בולטע קערפּער־פאָרמען, די פּנימער אָפּגעשוואַרצט מיט אָנגעברענטע קאָרקעס, בלומרשט סימנים פון בערד. מענער, להיפּוך, האָבן אָנגעטאָן ווייבערישע מלבושים, אַרומגעשלאָמפּערט אין ווייבערישע קליידער, צום ביישפּיל

---

* דערפער אין פּרייסן, אָנגעגעבן ווי דאָס אָרט פון דער וואַלפּורגיס־נאַכט אין געטעס „פאוסט".

דער סטודענט ראַזומוסטען, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט אין אַ דזשעטן קליידּ, אין אַ דעקאָלט מיט בלאָטערלעך. ער האָט זיך געקילט מיט אַ פֿאַפּירענעם פֿעכער און אַפילו פֿון הינטן. ס'איז אַרויסגעשוואומען אַ לאָמער בעטלער, מיט אַ קוליע אונטערן אָרעם. עמעץ האָט זיך פון ווייסער אונטערוועש און פֿון אַ פּילצענעם דאַמען־הוט געמאַכט פּיערא־קאָסטיום. דאָס פּנים איז געווען אָפּגעפּודערט, אַזוי אַז זיינע אויגן האָבן באַקומען אַ אומנאַטירלעכן אויסזען. דאָס מויל איז געווען בלוטיק אָנגעשמירט מיט פּאָמאַדע. ס'איז געווען דער בחור מיטן לאַנגן נאָגל. אַ גריך פון שלעכטן רוסן־טיש, מיט שיינע פיס, האָט פּאַראַדירט אין לילאַ טריקאָט־אונטערהויזן, אין אַ קליין מענטעלע, אַ פּאַפּירענער קרוין און מיט אַ הילצערנער שווערד, ס'האָט געדאַרפט זיין אַ שפּאַנישער גראַנד אָדער גאָר אַ פּרינץ פון מעשה־ביכל. די אַלע מאַסקעס זיינען נאָך דער מאָלצייט אינדערגיך אימפּראָוויזירט געוואָרן. פרוי שטער האָט מער נישט געקאָנט אַיינזיצן אויף איר שטול. זי איז געלם געוואָרן און נישט לאַנג דערנאָך איז זי צוריקגעקומען אָנגעטאָן ווי אַ פּרוי וואָס וואַשט פּאָדלאָגעס, מיט אַ פּאַר־שאַרצט קלייד און פֿאַרקאַטשעטע אַרבל. די בענדער פון איר פּאַפּירן הייבל פאַרקניפּט אונטער דער גאָמבע. זי איז געווען באַוואָפנט מיט אַן עמער און מיט אַ בעזעם. זי האָט דעם בעזעם אַיינגעוויקלט אין אַ נאַסער שמאַטע און גענומען אַרומשאַרן אונטערן טיש, צווישן די פיס.

## די אַלטע באַובאָ קומט אַליין *

האָט סטעמבריני רעציטירט, בעת ער האָט זי דערזען אין צוגע־געבן דעם צווייטן פערד צום גראַס, קלאָר און פּלאַסטיש. זי האָט עס געהערט, אים אָנגערופן „וועלשענער האָן" און האָט געטענהט, ער זאָל זיין ניבול־פּה האַלטן פאַר זיך. דערביי האָט זי אים געדוצט, ווי אַלע מאָל מאַסקעס. וואָרעם שוין ביים עסן האָט מען אָנגעהויבן אַזוי צו ריידן צווישן זיך. סעטעמבריני האָט איר געוואָלט אָפּענטפערן,

* אַ ציטאַט פון דער „וואַלפּורגיס־נאַכט" אין געטעס „פאַוסט"; די אַלטע באַובאָ איז איינע פון די מכשפות.

אָבער באותו־רגע האָט מען דערהערט אַ ליאַרם אין אַ געלעכטער פון דער האַלע און זאַל האָבן זיך גענומען אומקוקן.

ס'האָבן זיך באַוויזן צוויי משונהדיקע פיגורן און נאָך זיי אַ גאַנצער עולם, וואָס איז זיי נאָכגעגאַנגען פון די קאָנווערזאַציע־צימערן. זיי זיינען מסתמא ערשט פאַרטיק געוואָרן מיט דעם איבערטאָן. איינע איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ נאָנע, פונדעסטוועגן איז דער שוואַרצער האַביט פון האַלז ביז אַראָפּ געווען באַנייט אין דער ברייט מיט ווייסע בײַנדלעך. טייל פון זיי זיינען געווען נאָענט איינס בײַם אַנדערן, אַנדערע זיינען געווען ברייטער און ווייטער אָפּגערוקט פון זיך, אַזוי אַז אינגאַנצן האָבן זיי געשאַפן אַ מין ליניאַטור, ווי אין אַ טערמאָמעטער. אָט די מאַסקע האָט געהאַלטן דעם פינגער פאַר איר בלייך מויל און אין דער רעכטער האַנט געטראָגן אַ היץ־טאַבעלע. די אַנדערע מאַסקע איז געווען אינגאַנצן בלוי: מיט בלוי־געפאַרבטע ליפּן און ברעמען, אויך דאָס פנים און דער האַלז זיינען באַמאָלט געווען בלוי. קרום איבערן אויער איז בײַ איר געזעסן אַ בלוי וואָלן־היטעלע און אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַן אונטער־ צי אייבער־מלבוש פון בלויער גלאַנצנדיקער לייוונט, געמאַכט פון איין שטיק. בײַ די הינטן איז עס געווען פאַרצויגן מיט בענדלעך און אינדערמיט בײַכיק אויסגעשטופּט. מ'האָט דערקאָנט די פרוי אילטיס און אַלבינען. ביידע האָבן געטראָגן פּאַפּענע טאָוולען, אויף וועלכע ס'איז געווען אָנגעשריבן: „די שטומע שוועסטער“ און: „דער בלויער היינריך“. זיי זיינען געגאַנגען איינער לעבן אַנדערן וואַקלענדיק זיך איבערן גאַנצן זאַל.

דאָס האָט אַרויסגערופן התפּעלות! מ'האָט געשריען פון באַגייסטערונג. די פרוי שטער — מיטן בעזעם אונטערן אָרעם, די הענט אויף די קניען — האָט געלאַכט איבער דער מאָס און אָרדינער, אַריינפאַלנדיק אויף אַן אמת אין דער ראָל פון אַ שייערין. בלויז סעטעמברינ איז געבליבן קאַלט. נאָכדעם ווי ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די מאַסקעס, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ ערפאָלג, זיינען זיינע ליפּן אונטער די שיין־פאַרדרייטע וואָנסעס געוואָרן שמאָל צוגעקוועטשט ביז גאָר.

צווישן יענע, וואָס זיינען אָנגעקומען פון די קאָנווערזאַציע־צימערן נאָך דעם „בלויען היינריך“ און דער „שטומער שוועסטער“, איז

אויך געווען קלאַודיאַ שאָשאַ. צוזאַמען מיט דער וואָל־האָריקער טאַ־מאַרע און מיט דעם טיש־שכן מיט דער אײַנגעפאַלענער ברוסט־קאַסטן, אַ געוויסער בוליגין אין אַן אָוונט־אָנצוג, איז זי אין איר נײַ קלייד פאַר־בייגעגאַנגען האַנס קאַסטאָרפּס טיש און זיך געלאָזט אין דער קרים צום טיש, וואו ס׳זיצט דער יונגער געזונטער און די קלעפּעלד. דאָרטן איז זי געבליבן שטיין מיט די הענט אויפן רוקן, האָט געלאַכט מיט אירע שמאָלע אויגן און געשמועסט. אירע באַגלייטערס זײַנען ווייטער נאָכגעגאַנגען די אַלעגאָרישע געשפּענסטערישע מאַסקעס און צוזאַמען מיט זיי צוריק אַרויס פון זאַל. פרוי שאָשאַ האָט זיך אויך אויסגעפּוצט מיט אַ קאַרנאַוואַל־היטעלע. ס׳איז אַפילו נישט געווען קיין געקויפטס, נאָר אַ פּשוטער שקאַרמויץ, ווי מ׳מאַכט פאַר קינדער, פּשוט צונויפגע־קנייטשט פון ווייס פּאַפּיר. זי האָט עס געטראָגן אין דער ברייט און ס׳האָט איר אויסגעצייכנט געפּאַסט. דאָס טונקעלע גאָלד־ברוינע זיידענע קלייד האָט געגרייכט ביז צו די קנעכלען און איז געווען אויסגעאַרבעט אַביסל קלאָש־אַרטיק. וועגן די אָרעמס ריידן מיר מער נישט. זיי זײַנען געווען אַנטבלויזט ביז אַרויף צו די אַקסלען.

— קוק זיך נאָר גוט צו — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהערט פון דער ווייטנס סעטעמברינין זאָגן. זי איז באַלד אַוועק ווייטער און ער האָט איר נאָכגעקוקט ביז צו דער גלאָז־טיר, וואָס פירט אַרויס פון עס־זאַל — דאָס איז לילית.

— ווער? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט.

— דער ליטעראַט האָט זיך דערפרייט און גלייך געענטפערט:

— אדמס ערשטע ווייב. היט דיך...

ביים טיש איז נאָך געזעסן בלויז דער ד״ר בלומענקאָל אויף זײַן אָרט, ווייט פון זיי. דער איבעריקער עולם, אויך יאָאַכים, איז פון עס־זאַל אַרויס אין די קאָנווערזאַציע־צימערן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזאָגט:

— דו ביסט הײַנט פול מיט פּאָעזיע און ציטאַטן. ווער איז דאָס פאַר־איינע לילי? אדם געהאַט צוויי ווייבער? כ׳האָב נישט אָנגע־הויבן צו וויסן...

— אַזוי זאָגט די העברעיִשע אגדה. שפּעטער איז די לילית גע־וואָרן אַ נאַכט־שדית, געפערלעך פאַר יונגע מענער, דער עיקר צוליב אירע האָר.

— פוי, צו אַלדי רוחות! אַ שדית מיט שיינע האָר. אַזעלכע זאַכן קאָנסטו נישט פאַרטראָגן, וואָס? דו קומסט און דרייסט אויף דאָס עלעקטרישע ליכט, אַזוי צו זאָגן, כּדי אויסצוהיטן די יונגע מענער פון זינד, — דו טוסט דען נישט אַזוי? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ גערעדט סימבאָליש. ער האָט גאַנץ היפש אויסגעטרונקען פון די ווייַן־מישונגען.

— הערט, אינזשיניער, לאָזט געמאַך דערמיט! — האָט סעטעמבריני באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן מיט צוזאַמענגעצויגענע ברעמען — באַנוצט אייך מיט דער רייד־פאָרם, ווי ס'איז אַ שטייגער אין געבילדעטן מערב: מיט דער מערצאָל, אויב איך קאָן בעטן. אָט־דער לשון פּאַסט אייך לחלוטין נישט צום פּנים.

— פאַרוואָס? ס'איז דאָך קאַרנאַוואַל! ס'איז אַלגעמיין אָנגענומען היינטיקן אָוונט...

— יאָ, צוליב אַ נישט דערצויגענעם רייץ. דאָס זאָגן „דו" פרעמדע, דאָס הייסט, מענטשן, וועלכע מ'דאַרף זאָגן „איר", איז אַ דערווידערדיקע ווילדקייט, אַ שפּיל מיט דעם סדר־העולם, אַ צעלאָזענע שפּיל, וועלכע איך האָב פיינט, ווייל זי איז, אין תוך געווענדט, קעגן דער ציוויליזאַציע און דער אַנטוויקלטער מענטשלעכקייט — געווענדט חוצפּהדיק און אומפאַרשעמט. איך האָב צו אייך אויך נישט גערעדט „דו" — רעדט עס אייך נישט איין! איך האָב ציטירט אַ שטעל פון אַ מייסטערווערק אין אייער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור. כ'האָב, הייסט עס, גערעדט פּאָעטיש...

— איך אויך. איך האָב אויך אין אַ געוויסער מאָס גערעדט פּאָעטיש. דער מאָמענט האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין אַ פּאַסיקער— דערפאַר האָב איך אַזוי גערעדט. איך זאָג גאָרנישט, אַז ס'איז פאַר מיר אַזוי אינגאַנצן נאַטירלעך און לייכט צו ריידן צו דיר אויף „דו". פאַרקערט, איך דאַרף אין אַ געוויסער מאָס מיך אַליין גובר זיין דערצו. איך מוז מיר אָנטאָן אַ כּוח, כּדי עס צו טאָן. אָבער איך טו מיר אָן דעם כּוח גאַנץ גערן, מיט הנאה און פון גאַנצן האַרץ...

— פון גאַנצן האַרץ?

— פון גאַנצן האַרץ, יאָ, דו מענסט עס מיר גלויבן. מיר זייַנען שוין אַזוי לאַנג צוזאַמען דאָ אויבן — זיבן חדשים, אויב דו

זאָלסט איבערריכענען. פאַר אונזערע מאָסן דאָ אויבן איז עס נישט אַזויפיל, אָבער פאַר די באַגריפן פון אונטן איז עס — אויב איך טו אַטראַכט — אַ מאַסע צייט. מיר האָבן טאַקע אַזאַ צייט פאַרברענגט צוזאַמען, ווייל דאָס לעבן האָט אונז צוזאַמענגעפירט, מיר האָבן זיך כמעט טאָג־טעגלעך געזען און געפירט צווישן זיך אינטערעסאַנטע שמועסן, טייל וועגן זאַכן, וועגן וועלכע כ׳וואָלט אונטן נישט געהאַט די מינדסטע השגה. אָבער דאָ — יאָ. דאָ זיינען זיי פאַר מיר געווען זייער וויכטיק און נאָענט, אַזוי, אַז שטענדיק, ווען מיר האָבן דיסקוטירט, בין איך געווען פאַראינטערעסירט אין דעם ענין ביז דער העכסטער מדרגה. אָדער בעסער געזאָגט: בעת דו האָסט מיר, ווי אַ האָמאָ־הו־מאַנוס, די זאַכן געגעבן צו פאַרשטיין. וואָרעם צוליב מיין ביז איצטיקער נישט־דערפאַרנקייט, האָב איך נישט געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן און האָב דער עיקר בלויז געקאָנט האַלטן פאַר אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט דאָס, וואָס דו האָסט געזאָגט. צוליב דיר בין איך אַ סך גע־וואָר געוואָרן און אָנגעהויבן צו פאַרשטיין... דאָס מיט קאַרדוטשי איז אַ קלייניקייט. אָבער וואָס פאַר אַן אַנונג וואָלט איך געהאַט אָן דיר וועגן אַזעלכע ענינים, ווי, צום ביישפיל, וועגן שייכית פון דער רעפובליק מיטן שיינעם סטיל, אָדער וועגן שייכות פון צייט מיט פראָגרעס, דאָס, אַז ווען ס׳וואָלט נישט געווען קיין צייט, וואָלט אויך נישט געווען קיין פראָגרעס, נאָר די וועלט וואָלט אויסגעזען ווי אַ גליווערנדיקער זומפ אָדער ווי אַ פוילע קאַלוזשע! איך רוף דיך אָן פשוט „דו“ אָן שום צערעמאָניעס, זיי מוחל, ווייל כ׳ווייס נישט ווי מ׳מאַכט עס, — כ׳קאָן עס נישט! דו זיצסט דאָ און איך זאָג דיר פשוט „דו“, דאָס איז גענוג. דו ביסט נישט סתם עפּעס אַ מענטש מיט אַ נאָמען, דו ביסט אַ פאַרטרעטער, הער סעטעמבריני, דו ביסט פאַר מיר אַ פאַרטרעטער דאָ — דאָס ביסטו! — דערביי האָט האַנס קאַס־טאָרפּ אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין האַנטפלאַך איבערן טישטעך. און איצט וויל איך דיר אָפּדאַנקען — האָט ער ווייטער גערעדט, דערביי האָט ער צוגערוקט זיין בעכער שאַמפּאַניער מיט בורגונדער צו סעטעמברינים שעלעכל קאַווע, ווי ער וואָלט געוואָלט אָנקלאַפּן מיט אים אויף לחיים — דאַנקען דערפאַר, ווייל דו ביסט זיך אין די זיבן

חדשים אַזוי פריינדלעך באַגאַנגען מיט מיר און מיר, יונגן mulus *, וועלכער איז באַפאַלן געוואָרן פון אַזויפיל נייע זאַכן מיט אַמאָל, האָסטו געהאָלפן ביי אַלע מיינע פּרוּוון און עקספּערימענטן. דו האָסט דיך אָנגעשטרענגט צו האָבן אויף מיר אַ גוטע ווירקונג, אינגאַנצן סינע פּעקוניאַ, טיילמאָל דורך דערציילן געשיכטעס, טיילמאָל אין אַן אַבסטראַקטער פאָרם. איך האָב דאָס בולטע געפיל, אַז ס'איז געקומען דער מאָמענט דיר צו דאַנקען דערפאַר און פאַר אַלץ און ביי דיר צו בעטן, זאָלסט מיר מוחל זיין, אויב כ'בין געווען אַ שלעכטער שילער, אַ „ציטערדיק קינד פון לעבן", ווי דו האָסט געזאָגט. איך בין גע־ווען זייער גערירט, ווען דו האָסט דאָס געזאָגט און יעדעס מאָל, ווען איך טראַכט וועגן דעם, רירט עס מיך פונסניי. אַ ציטערדיק קינד — דאָס בין איך אויך געווען פאַר דיר און פאַר דיין פּעדאַגאָגישן אָדער, וועגן וועלכן ס'איז דיר אויסגעקומען צו ריידן תיכּף אין ערשטן טאָג. נאַטיר־לעך, אויך וועגן דער שייכות צווישן הומאַניסטיק און פּעדאַגאָגיק האָסטו מיך געלערנט צווישן אַנדערן, מיט דער צייט וועל איך מיך דערמאָנען נאָך אין אַ סך אַזעלכע שייכותן. זיי־זשע מיר מוחל און געדענק מיך נישט צום שלעכטן. פאַר דיין געזונט, הער סעטעמברִיני, זאָלסט לעבן! איך טרינק לכּבוד דיינע ליטעראַרישע אָנשטרענגונגען אויס־צוראָטן די מענטשלעכע ליידן! — דערמיט האָט ער געענדיקט, זיך אויסגעבויגן אויף צוריק, מיט עטלעכע שלוקן אויסגעזופּט דעם וויין־געמיש און איז אויפגעשטאַנען — איצט לאָמיר גיין צום איבעריקן עולם.

— הערט נאָר, אינזשיניער, וואָס איז אייך עפּעס געפלויגן איבער דער נאָז? — האָט דער איטאַליענער געזאָגט מיט אַ שטאַרק דערשטוינטן בליק און איז אויך אויפגעשטאַנען פון טיש — דאָס קלינגט דאָך ווי אַ געזעגענונג...

— ניין, פאַרוואָס עפּעס געזעגענונג? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ גע־ענטפערט אויסמיידנדיק. ער האָט נישט בלויז געענטפערט אויס־מיידנדיק מיט ווערטער, נאָר אויך קערפּערלעך; ער האָט מיט דעם

* מויל־אייזל, אין דער סטודענטן־שפּראַך: יונגער שנעק, וואָס האָט געענדיקט די מיטלשול און נאָך נישט אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט.

איבערשטן טייל גוף געמאַכט אַ בויגן און האָט זיך געמוזט אָנכאַפּן אין דער לערערין, פריילין ענגלהאַרדט, וואָס איז טאַקע געקומען נאָך זיי. זי האָט דערציילט, אַז אין מוזיק־צימער טיילט דער הויפּ־ראַט מיט די אייגענע הענט לכבוד פאַסטנאַכט פּונטש, וועלכן די פאַרוואַלטונג האָט געשטעלט. אויב זיי ווילן נאָך קריגן אַ גלעזל, זאָלן זיי תיכף אַריינגיין. זיינען זיי טאַקע אַריין.

באמת, הויפראַט בערענס איז געשטאַנען ביי אַ וויס־געדעקטן טיש אינמיטן צימער. אַרום אים איז געשטאַנען אַן עולם און אויס־געשטרעקט צו אים גלעזערנע שעלעכלעך. ער האָט מיט אַ שעפּ־לעפל אָנגענומען פון אַ וואַזע אַ פאַרעדיקע משקה. אויך ער האָט אַ ביסל אויסגעפּוצט זיין הלבשה לכבוד קאַרנאַוואַל. זיין קלינישן קיטל האָט ער אויך היינט געטראָגן, ווייל זיין אַרבעט האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט. אָבער דערצו האָט ער אָנגעטאָן אַן אמתע טערקישע פעסקע, אַ קאַרמין־רויטע, מיט אַ שוואַרצן טראָלד, וואָס האָט זיך אים געבאָמבלט איבערן אויער. פאַר אים איז עס גענוג געווען. זיין געשטאַלט, וואָס איז סיי־ווי־סיי נישט געוויינלעך, איז אַדאַנק דעם געוואָרן נאָך מער משונהדיק און קאָמיש. דער ווייסער לאַנגער קיטל האָט דעם הויפראַט געמאַכט נאָך גרעסער, ווי ר'איז געווען. ווען מ'וואָלט נאָך געפּרוווט זיך פאָרשטעלן אין געדאַנק זיין אַיינגעבויגענעם קאַרק פאַר אויסגעלייכט — וואָלטן מיר געזען פאַר זיך אַ אומנאַטיר־לעכן הויכן פאַרשוין, מיט אַ קליינעם פאַרביקן קאָפּ, וואָס איז געווען מאָדנע כאַראַקטעריסטיש. אַלנפאַלס האָט דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ בערנסעס צורה נאָך קיינמאָל נישט אויסגעזען אַזוי משונה־דיק, ווי היינטיק מאָל אונטער דער נאַרישער פעסקע: אָט דאָס פלאַטשיקע און בלוילעך־הייסע פנים מיט דער שטומפּיקער נאָז, די בלויע אויגן אונטער די וויס־בלאָנדע ברעמען פאַרטורערט און אַפּערקוועלנדיק, מיט אַ מויל, וואָס שניידט זיך אין אַ בויגן אַרויף און איבער דעם: העלע און קרום פאַרריסענע וואָנסעס. ער האָט זיך אָפּגעבויגן פון דער פאַרע, וואָס האָט קוילנדיק געזעצט פון דער וואַזע. האָט אין אַ בוגן געגאָסן פון שעפּ־לעפל די ברוינע משקה, דעם צוקערדיקן אַראַק־פּונטש, אין די אונטערגעשטעלטע גלעזלעך. דערביי

האָט ער נישט אויפגעהערט צו פּלאַפּלען בגילופֿינדיק אויף זיין קוידערוועלש, אַזוי, אַז אַרום טיש האָט מען אַלעמאָל אַרויסגעזעצט מיט אַ געלעכטער.

— הער אַריאַן זיצט אויבנאָן — האָט סעטעמברינִי שטילערהייט געגעבן צו פֿאַרשטיין און אָנגעוויזן אויפֿן הויפּראַט. דערנאָך איז ער אַוועק אין האַנס קאַסטאָרפּס זייט. אויך ד״ר קראָקאָווסקי איז דאָ געווען. אַ קליינער, אַ קערנדיקער און אַ קרעפּטיקער, זיין שוואַרץ סאַטין-העמד איבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען, אַז ס'האָבן נאָכגעהאַנגען די ליידיקע אַרבל און ס'האָט אויסגעזען ווי אַ מין דאַמינאָ. ער האָט געהאַלטן זיין גלאָז פֿאַר די אויגן און האָט פֿריילעך געשמועסט מיט אַ רעדל מאַסקעס איבערגעטאָנענע פֿאַרקערט, ווי דאָס פּאַקטישע געשלעכט. די מוזיק האָט זיך אָנגעהויבן. די פּאַציענטין מיטן טאַפּיר-פּנים האָט געשפּילט פֿידל און ס'האָט איר אַקאָמפּאַנירט אויף פּיאַנאָ דער מאַנהיימער. זיי האָבן איבערגעפֿירט לאַ־גאָ פֿון הענדלען און דערנאָך אַ סאָנאַטע פֿון גריג, וואָס איר כאַראַקטער איז אי נאַציאָנאַל אי סאַלאָן-מעסיק. מ'האָט אַפּלאָדירט גאָר פֿריינדלעך, אַפּילו ביי ביידע ברידזש-טישן, וועלכע זיינען אויפֿגעלייגט געוואָרן און ביי וועלכע ס'זיינען געזעסן פֿאַרמאַסקירטע און נישט-מאַסקירטע מיט פֿלעשער שאַמפּאַניער אין אייז פֿאַר זיך. די טירן זיינען געשטאַנען אָפֿן. אויך אין דער האַלע זיינען געווען געסט. ביים קיילעכדיקן טיש מיט דער וואַזע איז מען געשטאַנען און מ'האָט זיך צוגעקוקט צום הויפּראַט, וועלכער האָט אָנגעפֿירט מיט אַ געזעלשאַפֿט-שפּיל. ער האָט געצייכנט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, שטייענדיקערהייט, איבערגעבויגן איבערן טיש, אָבער מיט אַ צוריקגעוואָרפֿענעם קאָפּ, אַזוי, אַז אַלע זאָלן קענען זען, אַז די אויגן זיינען צוגעמאַכט. אויף דער אַנדערער זייט פֿון אַ וויזיט-קאַרטע האָט ער בלינדערהייט געצייכנט אַ פֿיגור. זיין ריזיקע האַנט האָט אָנגעוואָרפֿן, אָן דער הילף פֿון די אויגן, די קאָנטורן פֿון אַ חזירל, אַ חזירל אין פּראָפֿיל. ס'איז געווען אַ ביסל צו פּרימיטיוו און מער אידעאַל ווי רעאַליסטיש, אָבער דאָך האָט ער ביי אַזעלכע שווערע באַדינגונגען אַרויסגעבראַכט פֿון דעם חזירל די גרונט-געשטאַלט. דאָס איז געווען אַ קונץ און ער האָט זי געקאָנט מאַכן. דאָס שמאָלע אייגל איז אַריינגעשטעלט געוואָרן מער ווי-

ניקער דאָרטן ווי מ׳באַדאַרף, אַ ביסל צו ווייט פאָרויס צו דער שנייץ צו, אָבער דאָך — מער־ווייניקער אויפן אָרט. דאָס אייגענע איז געווען מיטן שפּיציקן אויער ביים קאָפּ און מיט די פּיסלעך, וואָס האָבן אַרויסגעהאַנגען פון קיילעכיקן בייכל. פון דער פאַרקיילעכדיקטער רוקן־ליניע האָט זיך געריננלט דאָס ווידעלע זייער פיין. ווען די קונץ איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען אַוש אַרויסגעלאָזט אַן אַ! פון פאַרוואונדערונג און מ׳האָט זיך גענומען שטופּן — אַזוי האָט אָנגעכאַפּט די אַמביציע נאָכצוטאָן דעם מייסטער. נישט אַ סך האָבן דאָ געקאָנט אויפמאָלן אַ חזירל מיט אָפענע אויגן, אַ פּשיטא שוין מיט פאַרמאַכטע. שיינע פאַרזעענישן זיינען אַרויסגעקומען ביי די נאָכטוער! ס׳איז נישט געווען קיין שום צוזאַמענהאַנג צווישן די אברים. די אייגעלעך זיינען אַרויסגעקומען אָפּגערוקט פון קאָפּ, די פּיסלעך — אינעווייניק אין בויך, וועלכער איז, אַגב, געווען אָפן. דאָס פאַרדרייטע ווידעלע איז געשטאַנען ערגעץ אָן אַ זייט, אָפּגעריסן פון צעשוואומענעם גוף. סתּם אַזוי זיך אַ צאַצקעלע. מ׳איז שיר נישט צעשיט געוואָרן פון געלעכטער. ס׳האָבן אָנגעהויבן צוצוקומען נייע בעלנים. מ׳האָט זיך אַפילו גענומען אַרומקוקן ביי די ברידזש־טישן און די שפּילערס זיינען צוגעקומען, נייגעריקע, מיט די קאָרטן אין דער האַנט ווי אַ פעכער. די, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום, האָבן געקוקט אויף דעם צייכענערס אויגן־דעקלעך, צי ער עפנט נישט קיין שפּעלטלעך. עטלעכע שלים־מזלען האָבן דאָס טאַקע געפּרוווט טאָן. דער עולם האָט געכיכעט אין געפּאָרסקעט צוקוקנדיק זיך, ווי עמעץ פּאַטשקעט, און בעת ער האָט אויפגעריסן די אויגן, כדי אַ קוק צו טאָן אויף זיין משוגענער מאַכערייקע — פלעגט אויסברעכן אַ יובל פון געשרייען.

כמעט יעדער איז זיכער געווען, אַז ער וועט עס מאַכן בעסער און יעדער האָט זיך געפּרוווט. די קאַרטע, כאָטש אַ גאַנץ גרויסע, איז באַלד געוואָרן באַמאָלט פון ביידע זייטן, אַזוי אַז די געפּאַטשקעטע פיגורן זיינען אַריינגעקראָכן איינע אין דער אַנדערער. אָבער דער הויפראַט האָט אַרויסגענומען פון זיין פּאָרטפעל אַ צווייטע קאַרטע. דער פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט האָט זיך לאַנג געהאַט מיישב געווען און איצט געפּרוווט אויסמאָלן דאָס חזירל מיט איין ליניע. דער רעזול־

טאַט איז געווען, אַז דאָס פֿאַרזעעניש, וואָס ס'איז איצט אַרויסגעקומען,
האָט אַריבערגעשטיגן אַלע פֿריערדיקע. די צאַצקע איז נישט בלויז
נישט ענלעך געווען צו קיין חזירל, נאָר לחלוטין צו קיין שום זאַך נישט
אין דער וועלט. שוין איינמאָל אַ געשריי, אַ געלעכטער און
שטורמישע אָוואַציעס! איצט האָט מען אַריינגעברענגט מעניו⸗קאַרטן
פֿון עס⸗זאַל, אַזוי, אַז איצט האָבן געקאָנט צייכענען עטלעכע מענטשן
אויף איינמאָל, מענער און דאַמען. יעדער, וואָס האָט זיך געפּרוּווט,
האָט געהאַט זיינע צוקוקער און אַרומשטייער, פֿון וועלכע יעדער איי⸗
נער ווידער האָט געוואַרט אויף דער בלייפֿעדער, וואָס איז געגאַנגען
פֿון האַנט צו האַנט. עס זיינען געווען דריי בלייפֿעדערן און מ'האָט זיי
פּשוט געריסן פֿון די הענט. זיי האָבן געהערט צו די געסט. וואָס
איז נוגע דעם היפּנאַט, איז ער — נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגעפֿירט
די שפּיל און געזען, אַז זי איז אין פֿולן גאַנג — נעלם געוואָרן צוזאַמען
מיט זיין אַסיסטענט.

האַנס קאַסטאָרפּ איז געשטאַנען צונויפֿגעשטופּט אין אַ רעדל
און האָט איבער יאָאַכימס פּלייצעס צוגעקוקט זיך, ווי עמעץ צייכנט.
דערביי האָט ער אָנגעלענט זיין עלנבויגן אויף זיין קוזינס אַקסל און
מיט אַלע פֿינף פֿינגער צוגעהאַלטן זיין גאָמבע. די אַנדער האַנט
האָט ער פֿעסט אָנגעשפּאַרט אויף זיין טאַליע. ער האָט גערעדט
און געלאַכט. ער האָט אויך געוואָלט צייכענען און עס געטענהט
הויך — און סוף⸗כל⸗סוף געקריגן די בלייפֿעדער. זי איז אָבער
שוין געווען גאָר אַ קורצע, מ'האָט זי קוים געקאָנט האַלטן צווישן
גראָבן און ווייז⸗פֿינגער. ער האָט דערפֿאַר גענומען זידלען די בליי⸗
פֿעדער, דאָס פּנים מיט די צוגעמאַכטע אויגן אויפֿגעהויבן צום סו⸗
פֿיט. ער האָט אויך געזידלט און געשאָלטן די צרהדיקע בלייפֿעדער,
דערביי האָט ער גיך⸗גיך אָנגעוואָרפֿן אויף דעם פּאַפּיר אַ שרעק⸗
לעך פֿאַרזעעניש און צום סוף איז ער אַפֿילו אַראָפּ פֿון פּאַפּיר
אויפֿן טישטעך. דער עולם האָט זיך צעלאַכט און ער האָט גע⸗
טענהט: דאָס רעכנט זיך נישט! וואָס קאָן מען איפּטאָן מיט אַזאַ —
דער רוח זאָל עס נעמען! און ער האָט אַ וואָרף געטאָן די שולדיקע
בלייפֿעדער גלייך אין דער וואַזע מיט פּונטש. — ווער האָט אַ
לייטישע בלייפֿעדער? ווער באָרגט מיר? איך מוז נאָך איין מאָל אָנ⸗

צייכענען! אַ בלייפעדער! אַ בלייפעדער! ווער האָט נאָך איינע? — האָט ער גערופן איןביידע זייטן אַריין, מיט דער לינקער האַנט — נאָך אַלץ אָנגעשפּאַרט אין טיש און מיט דער רעכטער האָט ער געשאָקלט אין דער לופט. אָבער ער האָט נישט געקריגן. באין ברירה איז ער אַוועק פון טיש און אַריין אין צווייטן צימער, דערבײַ האָט ער נישט איפגעהערט צו רופן, ווער ס'האָט אַ בלייפעדער. ער איז צוגעגאַנגען גלייך צו קלאַוודיאַ שאָשאַ, וועלכע איז, ווי ער האָט געוואַרט, געשטאַנען אין קליינעם כאַלאַן נישט ווייט פון דער פּאָרטיערע און פון דאָרטן-אַרויס אַ שמייכלענדיקע צוגעקוקט זיך צו דעם טומל ביים טיש מיט דער וואָזע פּונטש.

ער האָט הינטער זיך געהערט רופן שיין-קלינגענדיקע, אויסלענדישע ווערטער: Eh! Ingegnere! Aspetti! Che cosa fa! Ingegnere! Un po di ragione, sa! Ma è matto questo ragazzo! * אָבער ער האָט דאָס קול איבערגעשריגן מיט זיינס. סעטעמברינע האָט פאַרוואָרפן אַ האַנט איבערן קאָפּ, — אַ ספּעציפיש איטאַליענישער זשעסט, וואָס זיין באַטייט איז שווער איבערצוגעבן מיט ווערטער. דערבײַ האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ לאַנג-אויסגעצויגענעם עה! און איז אַוועק פון פאַסטנאַכט-צונויפקום. — האַנס קאַסטאָרפּ איז שוין געשטאַנען אין אויסגעפּלאַסטערטן קאָרידאָר, האָט געקוקט פון דער סאַמע נאָענט אין די בלוי-גרוי-גרינע עפּיקאַנטוס-אויגן איבער די אַרויסגעזעצטע באַקן-ביינער און האָט געזאָגט:

— דו האָסט אפשר אַ בלייפעדער?

ער איז געווען טויט-בלייך, אַזוי בלייך, ווי דעמאָלט, בעת ער איז אַ באַנאָסענער מיט בלוט געקומען פון זיין איינזאַמען שפּאַציר איף קראָקאָוסקיס רעפעראַט. די געפעס-נערוון איף זיין פּנים האָבן געווירקט אַזוי, אַז די בלוטלאָזע הויט פון דעם יונגן פּנים איז געוואָרן איינגעפאַלן און אייז-קאַלט, די נאָז איז אויסגעשפּיצט געוואָרן און די רעמלעך אונטער די אויגן האָבן באַקומען אַ בלייערנעם קאָליר, ווי ביי אַ בר-מינן. אָבער דער סימפּאַטישער נערוו

* איטאַליעניש: הע, אינזשיניער, וואַרט! וואָס טוסטו! אינזשיניער! אַ ביסל שכל, הער! ער איז דאָך משוגע, דער בחור!

האָט גורם געווען, אַז זיין האַרץ זאָל אַזוי שטאַרק קלאַפּן, אַז ווען רעגולער אָטעמען האָט גאָרנישט געקאָנט זיין קיין רייד. דעם יונגן מענטש איז דורכגעלאָפן אַ שוידער איבער אַלע אברים, עס איז געווען די ווירקונג פון די הויט־פּעטס־דריזן וואָס האָבן זיך אויפגעשטעלט צוזאַמען מיט די הערעלעך.

פרוי שאָשאַ אין איר שקאַרמיץ פון זייד־פּאַפּיר האָט אים באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ מיט אַ שמייכל, און וועלכן ס'איז נישט געווען קיין האָר רחמנות, קיין האָר עגמת־נפש, הלמאַי ער האָט אַזאַ צורה. דאָס ווייבלעכע געשלעכט ווייס בכלל נישט פון קיין שום מיטלייד און פון קיין שום מיטגעפיל, בעת ס'באַפאַלט דעם מאַן די שרעק פאַר דער ליידנשאַפט. די תאווה איז פאַר דער פרוי, אפנים, אַ סך אַ נעענטערע זאַך, ווי פאַרן מאַן, וואָס איז בטבע פרעמד דערפון. די פרוי קוקט זיך דערפאַר צו מיט געוויסן חוזק און צו־להכעיסדיקער הנאה צו דעם מין אויסברוך ביים מאַנסביל. אַגב, האָט האַנס קאַסטאָרפּ נישט געוואָלט, אי מ'זאָל איך אים רחמנות האָבן, אי מ'זאָל האָבן צוליב אים עגמת־נפש.

— איך? — האָט געענטפערט די פּאַציענטין מיט אַנטבלויזטע אָרעמס אויף זיין „דו"... — יאָ, אפשר. אין איר שמייכל און אין איר קול איז אַלנפאַלס געווען עפּעס פון יענער אויפרעגונג, בעת מ'הויבט אָן צווישן זיך ריידן נאָך לאַנגע, שטומע באַציִונגען. עס איז אַ כיטרע אויפרעגונג, וועלכע נעמט בכוד אַריין אין דעם איינעם מאָמענט אַלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען ביז איצט. — דו ביסט זייער אַמביציעז... דו ביסט... זייער... איינגעשפּאַרט... האָט זי ווייטער געחוזקט מיט איר עקזאָטישער אויסשפּראַך, מיט אַ פרעמדער „ר" און אַ צו־אַרויסגערעדטער „ע"; דערביי האָט זי מיט איר לייכט־צוגעדושעט, אָנגענעם־הייזעריקלעך קול אויך אַקצענטירט די ווער־טער אויף אַ מאָדנע פרעמדן אופן. באַלד דערנאָך האָט זי זיך גענומען פאַרקוקן אין איר לעדערן האַנט־טעשל. זי האָט דאָרטן זוכנ־דיק אַריינגעקוקט, האָט פריער אַרויסגענומען אַ טאַשן־טיכל און באַלד דערנאָך אַ קליינעם זילבערנעם קראַיאָן, אַ דינעם, וואָס קאָן זיך לייכט צעברעכן, סתם אַ גאַלאַנטעריי־שפּילכל, מיט וועלכן מ'קאָן

זיך כמעט נישט באַניצן. די ערשטע בלייפעדער, פון דעמאָלט, האָט שוין מער געטויגט פון דער.

— Voila * — האָט זי געזאָגט, אָנגענומען מיטן גראָבן־ און ווייז־פינגער דאָס בליישטיפטל ביים שפּיץ און עס לייכט געשאָקלט אַהין און צוריק פאַר זיינע אויגן.

זי האָט עס אים דערלאַנגט, אָבער דאָך נישט אָפּגעלאָזט, במילא האָט ער אָנגענומען און נישט צוגענומען, דאָס הייסט: ער האָט געהאַלטן די האַנט אין דער הייך האַרט איבער דער בלייפעדער, גרייט זי אָנצונעמען מיט די פינגער, אָבער נישט אינגאַנצן אַרויס־צונעמען. ער האָט מיט זיינע בליי־קאַליריקע אויגן־גריבער געקוקט דאָ אויף דער זאַך און דאָ אויף קלאַוודיעס טאָטעריש פּנים. זיינע בלוטלאָזע ליפּן זיינען געווען אָפן און אַזוי געבליבן. אָן זיי־ער הילף האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— זעסטו, כ'האָב געוואוסט, אַז דו מוזט האָבן אַ בלייפעדער.

— Prenez garde, il est un peu fragile —

C'est à visser, tu sais — האָט זי געענטפערט.**

זייערע קעפּ האָבן זיך צוגענייגט איבער דעם קראַיאָן און זי האָט אים געוויזן די געווינלעכע מעכאַניק פון דער בלייפעדער. בעת מ'האָט אַרויסגעדרייט דאָס שרייפל, האָט זיך אַרויסגערוקט אַ נאָדל־דינע גריפלע, וואָס איז מסתמא האַרט און שרייבט נישט.

זיי זיינען געשטאַנען צוגעבויגן נאָענט איינער לעבן אַנדערן. היות ער איז געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצן אָנצוג, האָט ער אויך געטראָגן אַ האַרטן קראַגן און האָט געקאָנט אָנשפּאַרן אויף אים די גאָמבע.

— קליין, אָבער דין — האָט ער געזאָגט אַראָפּקוקנדיק אויף דער בלייפעדער שטערן קעגן שטערן. זיינע ליפּן האָבן זיך נישט גערירט און ער האָט ממילא פאַרפעלט די לעפצן־קאָנזאָנאַנטן.

---

* אָט ביסטו.

** פראַנצויזיש: גיב אַכטונג, ער קען זיך לייכט צעברעכן, מוזט עס אין זינען האָבן, ווייסט!

— אָ, וויציק ביסטו אויך — האָט זי געענטפערט מיט אַן אָפּגעהאַקט לאַכן, דערביי האָט זי זיך אויסגעגלייכט און געלאָזט דעם קראַיאָן אין זיין האַנט (אַגב, ווייסטו איין גאָט, מיט וואָס ער איז דאָ געווען וויציק, פּאַקטיש האָט ער נישט געהאַט קיין איין טראָפּן בלוט אין קאָפּ). — נו, גיי־זשע, אייל דיך, צייכן, צייכן גוט, צייכן דיך אויס! — האָט זי אים, איך פון איר זייט, אַוועקגעטריבן מיט אַ ווינק.

— ניין, דו האָסט נאָך נישט געצייכנט. דו מוזט צייכענען — האָט ער געזאָגט און פאַרפעלט די „מ" אין וואָרט „מוזט". דערביי האָט ער אָפּגעטרעטן אַ טריט אויף צוריק, ווי זי מיטצוציען מיט זיך.

— איך? — האָט זי איבערגעחזרט מיט אַ שטוינונג, וואָס האָט אויסגעזען צו שטאַמען מער פון עפּעס אַנדערש, ווי פון דעם, וואָס ער האָט איר פאָרגעלייגט. אַ ווײַלע איז זי נאָך געבליבן שטיין שמייכלענדיק אַ ביסל מבולבל. דערנאָך איז זי אים נאָכגעגאַנגען עטלעכע טריט צום פּונטש=טיש, ווי ער וואָלט זי מאַגנעטיזירט מיט זיין רוקן=זיך אויף הינטערווײַלעכץ.

ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די שפּיל האָט זיך דערווייל שוין אויסגעלאָזט און האַלט ביים סאַמע סוף. עמעץ האָט נאָך געצייכנט, אָבער מ'איז מער נישט געשטאַנען אַרום און געקוקט. די בלעטלעך זיינען געווען פאַרפּאַטשקעט, יעדער אינצקער האָט געוויזן, וואָס ער קאָן נישט, דער טיש איז געשטאַנען כמעט אַ פאַרלאָזטער, בפרט, ווען מ'האָט זיך אַלץ מער אַוועקגערוקט פון אים. היות מ'האָט באַמערקט, אַז די דאָקטוירים זיינען אַוועק, האָבן אַלע פלוצלונג פאַרלאַנגט, מ'זאָל נעמען טאַנצן. מ'האָט שוין אַפילו גענומען אַוועקשלעפּן דעם טיש אין אַ זייט און מ'האָט אַהינגעשטעלט אויסקוקער ביי די טירן פון שרייב=און קלאַוויר=צימער, זיי זאָלן געבן אַ צייכן, מ'זאָל אויפהערן די טענץ, אויב ס'וועט אָנקומען „דער אַלטער", קראָקאָווסקי, אָדער די אייבערין. אַ סלאַוויש בחורל האָט אַ פּויק געטאָן מיט געפיל אין דער טאַסטאַטור פון דער קליינער ניס=האָלצערענער פּיאַנינע. די ערשטע פּאָרלעך האָבן זיך גענומען דרייען אין אַן אומרעגלמעסיקן ראָד צווישן די בענקלעך און שטולן, אויף וועלכע ס'זיינען געזעסן די צוקוקער.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף דעם רונדיקן טיש, ווי איינער זאָגט: געגאַנגען! מיט דער גאָמבע האָט ער אַ וווּנק געטאָן אויף אַ פרייען פּלאַץ, וועלכן ער האָט באַמערקט אין קליינעם סאַלאָן, אין אַ זייטיק ווינקל, רעכטס לעבן דער פּאָרטיערע. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, אפשר דערפאַר — ווייל די מוזיק איז געווען אַ צו־הויכע. ער האָט צוגערוקט אַ שטול דער פרוי שאָשאַ אויף יענעם אָרט, אויף וועלכן ער האָט פריער אָנגעוויזן מיטן פּנים, ס'איז געווען אַן אַזוי־גערופענער „טריומף־שטול" מיט הילצערנע רעמען און איבערגעצויגן מיט פּליוש. זיך אַליין האָט ער צוגערוקט אַ סקריפּענדיקע, קראַכנדיקע געפלאָכטענע שטול מיט געוויקלטע אָנלענס. ער האָט זיך צוגעזעצט, צוגעבויגן זיך צו דער דאַמע, מיט די אָרעמס אויף די אָגלענס, מיטן קראַיאָן אין דער האַנט און די פיס ווייט פאַררוקט אונטער דער שטול. וואָס סאַז נוגע פרוי שאָשאַ, איז זי געזעסן צו־טיף אַריינגערוקט אין דעם פאָטעל, אירע קניען זיינען דערפאַר געווען צו־הויך. פונדעסטוועגן האָט זי פאַרלייגט איינע אויף דער אַנדערער און האָט געשאָקלט מיטן פוס אין דער הויך. איבערן ראַנד פון איר לאַקירטן לאַטש האָט מען אַרויסגעזען דאָס קנעכל אין שוואַרצן זיידענעם זאָק. פאַר זיי זיינען געזעסן אַנדערע מענטשן. טייל זיינען אויפגעשטאַנען צו טאַנצן און געלאָזט זייערע ערטער פאַר די מיד־געוואָרענע. מ'איז בסדר צוגעקומען און אַוועקגעגאַנגען.

— דו טראָגסט אַ ניי קלייד — האָט ער געזאָגט, כדי צו קענען קוקן אויף איר. זי האָט געענטפערט:

— אַ נייס? דו ביסט באַהאַוונט אין מיין טואַלעט?

— ס'איז דען נישט אַזוי?

— אמת, איך האָב עס מיר נישט לאַנג געלאָזט אויפנייען, ביי לוקאַצעק, אין „דאָרף". ער אַרבעט דאָ אַ סך פאַר דאַמען. עס געפעלט דיר?

— זייער שיין — האָט ער געזאָגט, דערביי האָט ער זי נאָכאַמאָל דורכגענומען מיטן בליק און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. — וואָלסט געוואָלט טאַנצן? — האָט ער צוגעגעבן.

— און דו וואָלסט געוואָלט? — האָט זי געפרעגט מיט אויפגעהויבענע ברעמען און שמייכלענדיק אים אַנטקעגן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געענטפערט:

— אַדרבא, אויב דו האָסט חשק.

— דאָס איז ווייניקער לייטיש, ווי כ'האָב מיך געריכט אויף דיר — האָט זי געזאָגט און היות ער האָט אַ לאַך געטאָן מיט ביטול, האָט זי צוגעגעבן: — דיין קוזין איז שוין אַוועקגעגאַנגען.

— יאָ, ער איז מיין קוזין — האָט ער סתּם אַזוי מסכּים געווען. — איך האָב אויך פריער באַמערקט, אַז ער איז אַוועק. ער ער האָט זיך מסתּמא שוין געלייגט.

— ער איז זייער אַ וואוילער בחור, אַ באַגרענעצטער און זייער אַ דייטשער. — האָט זי געזאָגט אויף פראַנצויזיש*.

— אַ באַגרענעצטער? אַ וואוילער? — האָט ער איבערגעחזרט. — איך פאַרשטיי פראַנצויזיש בעסער, ווי איך רייד. דו ווילסט זאָגן, אַז ער איז פּעדאַנטיש. האַלטסטו אונז דייטשן פאַר פּעדאַנטיש — אונז און אַלע אַנדערע?

— מיר שמועסן וועגן אייער קוזין. אָבער דאָס איז פאַרט אמת, איר שטיקלעך בורזשויען. איר האָט מער ליב אייערע באַקוועמלעכקייטן, ווי די פרייהייט. גאַנץ איראָפּע ווייסט דערפון.

— ליב האָבן... ליב... וואָס איז דאָס אַזוינס! עס באַצייכנט גאָרנישט, אָט דאָס וואָרט. איינער האָט עס און דער צווייטער האָט עס ליב, ווי מ'זאָגט ביי אונז — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ. — איך האָב אין דער לעצטער צייט — רעדט ער ווייטער — טיילמאָל נאָכגעטראַכט וועגן פרייהייט. דאָס הייסט: איך האָב דאָס וואָרט געהערט אַזוי אָפט, אַזוי אַז כ'האָב וועגן דעם אָנגעהויבן קלערן. כ'וועל דיר זאָגן אויף פראַנצויזיש, וואָס איך האָב געקלערט וועגן דעם. דאָס, וואָס גאַנץ איראָפּע רופט אָן פרייהייט, איז, אפשר, אין שייכות צו אונזער באַדערפעניש נאָך אָרדענונג זייער אַ באַגרענעצטער און בורזשואַזער ענין. אַזוי איז עס.

---

* דער דיאַלאָג צווישן האַנס קאַסטאָרפּ און פראַו שאָשאַ איז דורך טאָמאַס מאַן איבערגעגעבן מיט געוויסע אויסנאַמען אין פראַנצויזיש.

— אַוודאי, דאָס איז זייער אַמוזאַנט. צוליב דיין קוזין טאַקע רעדסטו אַזעלכע איסטערלישע רייד?

— ניין, ער איז דאָס אמתע גוטע האַרץ, אַ פּשוטער, נישט־באַדראָטער כאַראַקטער. ער איז נישט אַ בּרושוי, נאָר אַ מיטער־מענטש.

— נישט באַדראָט? — האָט זי שווערלעך איבערגעחזרט. — דו מיינסט צו זאָגן: אַ פעסטע נאַטור, אַ זיכערע אין זיך? אָבער ר'איז גאַנץ ערנסט קראַנק, דיין אָרעמער קוזין.

— ווער האָט דאָס געזאָגט?

— מ'ווייסט דאָ איינער וועגן אַנדערן.

— האָט עס דיר געזאָגט הויפראַט בערענס?

— קאָן זיין דעמאָלט, בעת ער האָט מיר געוויזן זיינע בילדער.

— ס'הייסט: ווען ער האָט געמאַכט דיין פּאָרטרעט?

— פאַרוואָס נישט. האַלטסט, אַז מיין פּאָרטרעט איז גע־ראָטן?

— יאָ, אויסגעצייכנט. בערענס האָט זייער געטריי אַ בערגע־געבן דעם קאָליר פון דיין הויט, באמת, זייער געטריי. כ'וואָלט זיי־ער געוואָלט, כ'זאָל אויך זיין אַ פּאָרטרעטיסט, כדי צו קאָנען שטודירן דיין הויט, ווי ער.

— רייד דייטש, איך כ'קאָן בעטן.

— אָ, איך רייד דייטש אַפילו ווען כ'רייד פראַנצויזיש. דאָס איז אַ מין קינסטלערישע און מעדיצינישע סטודיע צוזאַמען. איך מיין עס אין אַנטראָפּאָלאָגישן זין. וואָס איז, ווילסט נישט מאַנצן?

— אָבער ניין, דאָס איז קינדיש, מ'וועט זיך דאַרפן היטן פאַרן דאָקטאָר. אַז בערענס וועט צוריקקומען, וועט דער גאַנצער עולם אַ פאַל טאָן אויף די שטולן. דאָס וועט זיין זייער קאָמיש.

— האָסט טאַקע אַזויפיל דרך־ארץ פאַר אים?

— פאַר וועמען? — גיט זי אַ פרעג בקיצור און פרעמד.

— פאַר בערענסן.

— לאָז אָפּ מיט דיין בערענס! ס'איז דאָ צו ענג צו טאַנצן. דערצו נאָך אויפן דיוואַן. לאָמיר זיך גלייכער צוקוקן.

— יאָ, לאָמיר דאָס טאַקע טאָן — איז ער מסכּים און ער נעמט צוזאַמען מיט איר קוקן מיט זיין בלייך פּנים און מיט די בלויע פאַרקלערטע אויגן פון זיין זיידן אויף די אונטערהאָפּסנדיקע פאַרמאַסקירטע פּאַציענטן דאָ אין סאַלאָן און אַנטקעגן אין שרייב־צימער. דאָ האָט געהאָפּסעט די „שטומע שוועסטער" מיטן „בלוי־ען היינריך". פרוי סאַלאָמאָן, וואָס איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ מאַנס־ביל אויף אַ באַל, אין אַ פראַק און אין אַ ווייסער וועסט, מיט אַ הויך־אָפּשטייענדיקן שטייפן העמד־גאָרס און געמאָלטע וואָנסעס, האָט זיך געדרייט אויף קליינע לאַקירטע שיך מיט קאָרקעס, וואָס האָבן מגושמדיק אַרויסגעקוקט פון אונטער די שוואַרצע מאַנסבילשע הויזן. זי האָט געטאַנצט מיט דעם פּיעראָ מיט די בלוט־רויטע ליפּן אויפן אָפּגעווייסטן פּנים און מיט אויגן פון אַ אַלבינאָ*־קיניגל. דער גריך אינם מענטעלע האָט געהויבן די פיס אין די לילע אונטערהויזן אַרום דעם דעקאָלטירטן ראַזמוסען אין שוואַרץ־בלישטשענדיקן קלייד. דער פּראָקוראָר אין דער קימאָנאָ, די גענעראַל־קאָנסולין וואורמבראַנדט און דער יונגער גענזער האָבן אַפילו געטאַנצט זאַלבעדריט, אַרומגענו־מענע מיט די אָרעמס. וואָס ס'איז נוגע דער פרוי שטער, האָט זי געטאַנצט מיט דער באַרשט. זי האָט זי געדריקט צום האַרץ און געגלעט די חזיר־האָר, גלייך ווי עס וואָלטן געווען האָר פון אַ מענטשלעכן קאָפּ.

— יאָ, לאָמיר דאָס טאָן — חזרט איבער האַנס קאַסטאָרפּ מע־כאַניש. זיי ריידן שטיל, אונטער די טענער פון קלאַוויר. — לאָ־מיר דאָ זיצן און ציקוקן זיך, ווי אין חלום. דאָס, וואָס מיר זיצן דאָ, איז פאַר מיר אַ חלום, מוזטו וויסן. ווי אַ חלום, אַ משונהדיק טיפער. מ'דאַרף שלאָפן זייער שטאַרק, כּדי אַזוי צו חלומען... כ'מיין צו זאָגן: דאָס איז אַ באַקאַנטער חלום, וועלכן מ'חלומט אין אַלע צייטן, אַ לאַנגער, אַן אייביקער. זיצן דאָ לעבן דיר אַזוי ווי איצט — דאָס איז אַן אייביקייט.

---

* „אַלבינאָ" = מענטשן און חיות, וואָס האָבן נישט אין דער הויט און אין די אויגן דעם טונקעלן פאַרבשטאָף (פּיגמענט).

— אַ פּאָעט — האָט זי געזאָגט — אַ בורזשוי, אַ הומאַניסט און אַ פּאָעט — דאָס איז דער דייטש ווי ער שטייט און גייט.

— איך האָב מורא, אַז מיר זיינען נישט דאָס, וואָס מיר דאַרפן צו זיין — האָט ער געענטפערט — און קיין שום פאַל נישט. מיר זיינען אפשר ציטערדיקע קינדער פון לעבן, גאַנץ פּשוט.

— אַ שיין וואָרט. זאָג מיר... מ'וואָלט אַ ביסל אפשר פריער געדאַרפט האָבן אָט דעם חלום. דו האָסט אַ ביסל צו־שפּעט באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו דיין אונטערטעניקן דינער.

— צו וואָס די ווערטער, צו־וואָס ריידן — האָט ער געזאָגט. — ריידן, דיספּוטירן — דאָס איז זייער אַ רעפּובליקאַנישע פאָרם, דאָס בין איך מודה, אָבער כ'בין מסופּק, צי ס'איז אויך אין דער זעלבער מאָס פּאָעטיש. איינער פון אונזערע פּאַציענטן, מיינער אַ שטיקל חבר, סעטעמבריני...

— ער האָט דיר עפּעס געזאָגט?

— יאָ, ער רעדט שיין, ער האָט אַפילו ליב צו ציטירן שיינע פערזן. אָבער צי דערפאַר איז ער שוין אַ פּאָעט?

— איך באַדויער זייער, וואָס כ'האָב קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט צו באַקאָנען זיך מיט דעם העלד.

— כ'קאָן עס דיר גלויבן.

— אַ, אַזוי מיינסטו.

—וואָס דען! דאָס, וואָס כ'האָב איצט געזאָגט, האָט נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג. האָסט מסתמא באַמערקט, אַז איך רייד בכלל נישט גערן קיין פראַנצויזיש, אָבער מיט דיר וויל איך גיכער ריידן פראַנצויזיש, ווי דייטש. ווייל פאַר מיר ריידן פראַנצויזיש, איז, אין אַ געוויסן זין, דאָס זעלבע, וואָס ריידן און גאָרנישט זאָגן, אָן שום אַחריות, אָדער אַקוראַט, ווי כ'וואָלט גערעדט פון שלאָף, פאַרשטייסט?

— מער־ווייניקער.

— דאָס איז גענוג... ריידן — זאָגט ווייטער האַנס קאַסטאָרפּ — דאָס איז אַ נעבעכדיקער ענין. אין דער אייביקייט רעדט מען גאָר נישט. אין דער אייביקייט פירט מען זיך אַזוי, ווי בעת מ'צייכנט אַ

קליין חזירל. מ׳פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אויף צוריק און מ׳פאַרמאַכט די אויגן.

— זאָגסט גאָרנישט שלעכטס. אין דער אייביקייט ביסטו, ווייזט אויס, ווי ביי דיר אין דער היים. דו קענסט גרינטלעך. מ׳מוז מודה זיין, אַז ביסט אַ קליינער פאַנטאַזיאָר און דערצו נאָך אַ מאָדנער.

— איסער דעם — זאָגט האַנס קאַסטאָרפּ — ווען כ׳וואָלט פריער מיט דיר אָנגעהויבן ריידן, וואָלט איך צו דיר געמוזט ריידן אויף „איר".

— מילא גוט, האָסטו טאַקע בדעה מיר אייביק צו זאָגן „דו"?

— אַוודאי. איך האָב תמיד געזאָגט „דו" און וועל עס דיר אייביק זאָגן.

— דאָס איז אַ ביסל צו־שטאַרק. אָבער דו וועסט מיר לאַנג נישט קאָנען זאָגן „דו", ווייל איך פאָר אַוועק.

ס׳האָט געדויערט אַ שטיקל צייט, ביז דאָס וואָרט איז צוגעקומען צו זיין באַוואוסטזיין. דערנאָך האָט ער אויפגעציטערט און זיך געוומען אומקוקן צעמישט, ווי עמעץ, וואָס מ׳וועקט אים פּלוצלינג אויף פון שלאָף. דער שמועס איז געגאַנגען זייער פּאַמעלעך, ווייל האַנס קאַסטאָרפּ האָט גערעדט פראַנצויזיש זייער שווער און ווי קווענקלענדיק. דער קלאַוויר, וואָס האָט אַ שטיקל צייט געשוויגן, האָט ווידער אויפגעשפּילט. איצט האָט אויף אים געקלאַפּט דער מאַנהיימער, וועלכער האָט פאַרביטן דעם סלאַווישן בחורל און האָט אַוועקגעלייגט נאָטן. פריילין ענגלהאַרדט איז געזעסן לעבן אים און האָט איבערגעמישט. דער באַל איז נעוואָרן שיטערער. אַ גרויסע צאָל פון די פּאַציענטן האָט שוין, אַפּנים, אָנגענומען די האָריזאָנטאַלע פּאָזיציע. פאַר זיי איז מער קיינער נישט געזעסן. אין לייענצימער האָט מען געשפּילט אין קאָרטן.

— וואָס האָסטו בדעה צו טאָן? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט אַ דערשלאָגענער.

—איך פאָר אַוועק — האָט זי איבערגעחזרט, שמייכלענדיק, אַפּנים, — פאַרוואונדערט פון זיין שטומונג.

— אוממעגלעך — האָט ער געענטפערט. — דאָס איז בלויז אַ שפּאַס.

— לחלוטין נישט. כ'מיין עס פולשטענדיק ערנסט. איך פאָר אַוועק.

— ווען?

— מאָרגן. נאָך מיטאָג.

ער איז אויף איינמאָל געוואָרן אינגאַנצן צעבראָכן.

— וואוהין?

— זייער ווייט אַוועק.

— קיין דאַגעסטאַן?

— דו ביסט נישט שלעכט אינפאָרמירט. אפשר, אויף דערווייל...

— דו ביסט דען אויסגעהיילט?

— אויב ס'גייט וועגן דעם... נישט. אָבער בערענס האַלט, אַז כ'קאָן דאָ לעת־עתה ווייניק דערגרייכן. דערפאַר וויל איך ריזיקירן אַ ביסל צו טוישן די לופט.

— דו ווילסט, הייסט, נאָך צוריקקומען!

— ס'איז אַ פראַגע. ס'איז קודם־כל אַ פראַגע, ווען. וואָס ס'איז נוגע מיר, האָב איך קודם־כל ליב די פרייהייט, און קודם־כל די פרייהייט אויסצוקלייבן מיין וואוינאָרט. דו האָסט גאָרנישט קיין השגה, וואָס דאָס איז אַזוינס, ווען מ'איז באַהערשט פונם גייסט פון אומאָפּהענגיקייט. דאָס איז אפשר ביי מיר אַ ראַסע־זאַך.

— און דער מאַן אין דאַגעסטאַן גיט דיר אָט־די פרייהייט?

— די קראַנקהייט גיט זי מיר. אָט בין איך שוין דאָ צום דריטן מאָל. איצט האָב איך דאָ פאַרבראַכט אַ יאָר, מעגלעך, אַז כ'וועל נאָך צוריקקומען. אָבער דעמאָלט וועסטו שוין לאַנג זיין ווייט פון דאַנען.

— אַזוי מיינסטו, קלאַוודיאַ?

— מיין פאָרנאָמען אויך! דו נעמסט זיי זייער ערנסט, די מנהגים פון קאַרנאַוואַל!

— דו ווייסט דען, ווי קראַנק איך בין?

— יאָ — ניין — אָט אַזוי, ווי מ'ווייסט דאָ וועגן אַזעלכע זאַכן. דו האָסט דאָרטן אינעווייניק אַ קליין פייכט אָרט און אַ ביסל היץ, נישט אמת?

— זיבן־און־דרייסיק אַכט, זיבן־און־דרייסיק ניין, — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — און דו?

— מיין פאַל, פאַרשטייסטו, איז אַ ביסל מער קאָמפּליצירט, לחלומין נישט אַזוי פּשוט.

— אויף דעם געביט פון דער מענטשלעכער וויסנשאַפט, וואָס הייסט מעדיצין, איז פאַראַן אַ קרענק, וואָס הייסט זיך טובערקולאָז פון די לימף־געפעסן.

— דו האָסט, זעט אויס, גוט שפּיאָנירט, מיין ליבער.

— זיי מיר מוחל. דערלויב מיר, כ׳זאָל דיך עפּעס פרעגן, וועגן עפּעס נייטיקס און אויף דייטש. ווען איך בין דעמאָלט אַוועק פון טיש אויף אינטערזוכונג, מיט זעקס חדשים צוריק, האָסטו דיך אומגעקוקט צו מיר. דו דערמאָנסט דיך?

— וואָס פאַר אַ פראַגע! שוין זעקס חדשים!

— דו האָסט געוואוסט, וואוהין איך גיי?

—אַוודאי, ס׳איז געשען הודך אַ צופאַל...

— דו ביסט עס געוואָר געוואָרן פון בערענס?

— אַלץ דער בערענס!

— ער האָט איבערגעגעבן דיין הויט מיט אַזאַ געניקייט! אַגב, איז ער אַן אַלמן מיט הייסע באַקן און האָט אַ מאָרנע סערוויז צו קאַווע. איך קלער, אַז ער קאָן דיין קערפּער נישט נאָר ווי אַ מעדיצינער, נאָר אויך ווי אַן אַרעפּט פון אַן אַנדער הומאַניסטישער וויסנשאַפט.

— ביסט גערעדט, וואָס דו זאָגסט, אַז רעדסט ווי אין חלום.

— זאָל זיין. לאָז מיך ווידער אַ ביסל חלומען, נאָכדעם ווי דו האָסט מיך אַזוי מוראדיק איבערגעוועקט מיט דער בשורה פון דיין אַוועקפאָרן. זיבן חדשים דיך געהאַט פאַר די אויגן... איצט, אַז כ׳האָב מיך אויף אַן אמת באַקאַנט מיט דיר, דערציילסטו מיר וועגן אַוועקפאָרן!

— כ׳זאָג דיר נאָכאַמאָל, אַז מיר האָבן פריער געקאָנט באַקאָנען זיך.

— דו וואָלסט עס געוועלן געוואָלט?

— איך? ווערסט דיך נישט אַרויסדרייען פון מיר, מיין קליינער. ס'גייט דאָ וועגן דיינע אינטערעסן. דו ביסט געווען צו פּחדנותדיק, צו דערנענטערן זיך צו אַ פרוי, צו וועלכער דו רעדסט איצט, ווי אין חלום? אָדער האָסט געהאַט אַן אַנדער סיבה?

— „איך האָב דאָך דיר געזאָגט, כ'האָב נישט געוואָלט צו דיר ריידן אויף „איר".

— ליק, זאָג: אָט יענער הער, וואָס רעדט שיין, דער איטאַל־יענער, וועלכער איז היינט אַוועק פון צוגיפּקום — וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— איך האָב לחלוטין גאָרנישט געהערט. דער מענטש גייט מיך זייער ווייניק אָן, וועו כ'קאָן קוקן אויף דיר. אָבער דו פאַר־געסט... ס'וואָלט נישט אַזוי לייכט געווען באַקאָנט צו ווערן מיט דיר צווישן הויגן עולם. דערצו איז דאָ נאָך געווען מיין קוזין, מיט וועלכן איך בין געפונדן און וועלכער זוכט דאָ נישט קיין פאַר־ווייַלונג. ער קלערט נאָר וועגן דעם, ער זאָל צוריק אַהיימקומען און אַריין אין מיליטער.

— דער אָרעמער, ער איז אַ סך קראַנקער, ווי ער מיינט. און דיין פריינט, דער איטאַליענער, איז אויך היפּש קראַנק.

— ער זאָגט עס אַליין. אָבער מיין קוזין... ס'איז טאַקע אמת? דו וואַרפסט אויף מיר אָן אַ פּחד.

— ס'איז זייער מעגלעך, אַז ער וועט שטאַרבן, אויב ער וועט ווערן אַ סאָלדאַט.

— אַז ר'וועט שטאַרבן! דער טויט. אַ שרעקלעך וואָרט, נישט אמת? אָבער ס'איז אַ מאָדנע זאַך: היינט מאַכט אויף מיר דאָס וואָרט נישט קיין אַיינדרוק. דאָס, וואָס כ'האָב געזאָגט, אַז וואַרפסט אויף מיר אָן אַ פּחד, האָב איך אַרויסגעזאָגט סתם קאָנ־ווענציאָנעל. די אידעע פון טויט וואַרפט אויף מיר לחלוטין נישט קיין פּחד. זי אַרט מיך זייער ווייניק. כ'הער, אַז ער וועט אפשר שטאַרבן, און כ'האָב פונדעסטוועגן קיין רחמנות נישט אויפן וואוילן יאָאַכים, נישט אויף מיר אַליין. אויב ס'איז אמת, געפינט ער זיך אין איי־גענעם מצב, וואָס איך. אָבער ס'מאַכט נישט אויף מיר קיין אַיינדרוק. ער

איז קראַנק און איך בין פאַרליבט, מילא גוט! — דו האָסט גערעדט מיט מיין קוזין אין פאָדער־צימער פון דער אויפנאַם־אַמבולאַטאָריע, דערמאָנסט דיך?

— כ'דערמאָן מיך אַ ביסל.

— אין יענעם טאָג האָט בערענס געמאַכט דיין אויפנאַם.

— יאָ.

— מיין גאָט, דו האָסט זי ביי דיר?

— ניין, כ'האָב זי אין שטוב.

— אַך, אין שטוב. איך האָב מיין איינאַם תמיד ביי מיר אין פּאָרטפעל. דו ווילסט זי זען?

— אַ שיינעם דאַנק. כ'קאָן גיבר זין די נייגעריקייט. דאָס איז אַ גאַנץ אומשולדיקע זאַך.

— איך האָב געזען דיין אויסערלעכן פּאָרטרעט. איך וואָלט בעסער געוואָלט זען דיין אינעווייניקסטן פּאָרטרעט, וואָס ליגט ביי דיר אין שטוב. דערלויב מיר עפּעס צו פרעגן: טיילמאָל קומט צו דיר אַ רוס, וואָס דאָ אין שטעטל — ווער איז ער און צו וואָס קומט ער צו דיר?

— דו ביסט אַ היפשער שפּיאָן, מיז איך דיר זאָגן. גוט, כ'וועל דיר ענטפערן: דאָס איז אַ קראַנקער לאַנדסמאַן, מיינער אַ פריינד. איך האָב זיך באַקאָנט מיט אים אין אונזער קוראָרט, מיט עטלעכע יאָר צוריק. אונזערע באַציִונגען? — מיר טרינקען צוזאַמען טיי, רויכערן איינס צוויי אָדער דריי פּאַפּיראָסן, מיר שמועסן אַ ביסל, פילאָסאָפירן, ריידן וועגן מענטש, וועגן גאָט, וועגן לעבן, וועגן מאָראַל, וועגן טויזנט אַנדערע זאַכן. דאָ האָסטו דעם גאַנצן דין־וחשבון, גוט, פיין, ביסטו צופרידן?

— אָ, פון מאָראַל? און איר האָט זי, באמת, געפינען צום ביישפּיל?

— די מאָראַל? דאָס אינטערעסירט דיך? — גוט. מיר זיינען אין דער מיינונג, אַז מ'דאַרף זוכן די מאָראַל נישט אין דער טוגנט, ס'הייסט: אין פאַרשטאַנד, אין דער דיסציפּלין, אין די גוטע מידות, אין דער ערלעכקייט, נאָר גיכער אינם היפוך, אין דער זינד, אינם

שטעלן זיך אין דער סכּנה און אין אַלץ, וואָס פאַרצערט אונז. מיר האַלטן, אַז ס'איז דאָ מער מאָראַל אינם פאַלן, אינם אונטערגיין, ווי אינם דערהאַלטן זיך. די גרויסע מאָראַליסטן זיינען נישט גע־ווען קיין מענטשן פון טוגנט, נאָר אַוואַנטוריסטן, זינדיקע, וואָס האָבן אונז געלערנט בייגן זיך מיט הכנעה פאַר דער נויט. דאָס אַלץ גע־פעלט דיר נישט, מסתמא, האַ?

ער האָט געשוויגן. ער איז געזעסן נאָך אַלץ, ווי אין אָנ־הייב, די פאַרלייגטע פיס — טיף אונטער זיין סקריפּענדיקער שטול, צוגעבויגן צו דער טיף אָנגעלענטער שאָשאַ אין שקאַרמיין פון זייד־פּאַפּיר. איר קראַיאָן האָט ער געהאַלטן צווישן די פינגער און ער האָט מיט זיין זיידנס האַנס לאָרענץ קאַסטאָרפּס אויגן געקוקט פון אונטן אַרויף צום צימער, וואָס איז שוין ליידיק געוואָרן. די געסט זיינען זיך צעגאַנגען. דער קלאַוויר, קרום אַקעגנאַיבער אין ווינקל, האָט נאָך אַרויסגעלאָזט שטילע און אָפּגעבראָכענע טענער. דער מאַנהיימער קראַנקער האָט נאָך דאָרטן געשפּילט מיט איין האַנט און לעבן אים איז געזעסן די לערערין און געבלעטערט אַ בוך נאָטן, וואָס איז געלעגן אויף איר קני. ווען דער שמועס צווישן האַנס קאַסטאָרפּ און קלאַוודיאַ שאָשאַ איז פאַרשטומט גע־וואָרן, האָט דער מאַנהיימער אינגאַנצן שוין אויפגעהערט צו שפּילן און האָט איך די איין האַנט, מיט וועלכער ער האָט ביז איצט לייכט געריירט די קלאַווישן, אַוועקגעלייגט אויף זיין שויס. בלויז פרייליין ענגלהאַרדט האָט נאָך אַלץ אַריינגעקוקט אין די נאָטן. די פיר מענטשן, וואָס זיינען דאָ איבערגעבליבן נאָכן פאַסטנאַכט־באַל, זיינען געזעסן אומבאַוועגלעך. די שטילקייט האָט געדויערט אַ שיינע פאָר מינוט. אונטער דעם דרוק פון דער שטילקייט האָבן זיך די קעפּ פון פּאָרל ביים פּיאַנינע פאַמעלעך געבויגן ביזן זיך אַראָפּ, אַלץ טיפער און טיפער. דעם מאַנהיימערס קאָפּ האָט זיך געבויגן צו דער קלאַוויאַטור, דער פרייליין ענגלהאַרדטס — צום נאָטן־בוך. צום סוף זיינען ביידע גלייכצייטיק, ווי נאָך אַ געהיימער פאַרשטענ־דיקונג, פאָרזיכטיק אויפגעשטאַנען און שטיל, אויף די נעגל אַרויס צוזאַמען דורכן שרייב־און לייען־צימער. דערביי האָבן זיי אויף אַ קינסטלעכן אופן, מיט איינגעקאָרטשעטע קעפּ און שטייף־צוגעפּגע־

דריקטע אָרעמס, אויסגעמיטן אומצוקוקן זיך אין דער אַנדערער זייט פון צימער, וואו ס'איז געזעסן די שאָשאַ מיט קאַסטאָרפן.

— אַלע ציען זיך צוריק — האָט געזאָגט פּראַו שאָשאַ. — דאָס זיינען שוין געווען די לעצטע. ס'איז שוין שפּעט. דער קאַר־נאַוואַל־יום־טוב האָט זיך געענדיקט. דערביי האָט זי אויפגעהויבן די הענט און האָט אַראָפּגענומען דעם פּאַפּירענעם שקאַרמיץ פון אירע חיטלעכע האָר, איבער וועלכע דער צאָפּ איז געווען אַרומ־געדרייט. — איר ווייסט דאָך, וואָס ס'קומט אַרויס דערפון.

אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט איבערגעשפּאַרט מיט צוגעמאַכטע אויגן און האָט דערביי אַפילו נישט געענדערט זיין פּאָזיציע אויף דער שטול. ער האָט געענטפערט:

קיינמאָל נישט, קלאַוודיאַ, כ'וועל דיר קיינמאָל נישט זאָגן „איר“, קיינמאָל נישט, סיי ביים לעבן, סיי ביים טויט, אויב מ'קאָן זיך אַזוי אויסדריקן — מ'דאַרף עס קאָנען. די פאָרם פון ווענדן זיך אַזוי צו עמעצן, די פאָרם, וועלכע איז אָנגענומען אין קולטיווירטן מערב ביי די ציוויליזירטע מענטשן, זעט מער אויס פעדאַנטיש און בורזשואַז. צווייטנס — צו וואָס די פאָרם? די פאָרם — דאָס איז הוילע פעדאַנטעריע. דאָס, וואָס איר האָט אייך אַרויסגעזאָגט וועגן מאָראַל, דו און דיין קראַנקער פריינד — מיינסטו טאַקע, אַז ס'האָט מיך אַזוי איבערגעראַשט? פאַר אַזאַ נאַר האַלטסטו מיך? זאָג, וואָס טראַכסטו, אייגנטלעך, וועגן מיר?

— דאָס איז אַן עניין, וועגן וועלכן מ'דאַרף נישט אַ סך אַריינ־טראַכטן. דו ביסט אַ יונגער, אָרנטלעכער מענטש, פון אַ גוטער היים, אויסערלעך גוט געהאַלטן, אַ באַגאַבטער שילער פון דיינע לע־רער. באַלד וועסטו צוריקפאָרן אַהיים, וועסט פאַרגעסן, אַז האָסט אַמאָל גערעדט ווי פון חלום און וועסט העלפן מיט דיין ערלעכער אַרבעט, אַז דיין פאָטערלאַנד זאָל ווערן גרויס. אָט דאָס איז דיין אינעווייניקסטע אויפנאַם, כ'גלייב, אַז זי איז גענוי.

— עס פעלן דאָ יענע עטלעכע פּרטים, וועלכע בערענס האָט געפונען.

— די מעדיציניער געפינען תמיד, אויב זיי קענען.

— דו רעדסט אַזוי ווי סעטעמברינו, און פונוואַנען נעמט זיך מיין היץ?

— דאָס איז אַ צופאַל, וואָס וועט נישט האָבן קיין קאָנסעק־ווענצן און וועט שנעל פאַרשווינדן.

— ניין, קלאַוודיאַ, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס, וואָס דו זאָגסט, איז אַ ליגנט און כ'בין זיכער, אַז ביסט נישט איבערגעצייגט דערין, וואָס דו זאָגסט. מיין היץ און מיין האַרץ־קלאַפעניש און דאָס, וואָס ס'נעמט מיך אַלעמאָל אַדורך אַ שוידער, איז דער סאַמע היפוך פון אַ צופאַל, דאָס איז — דערביי נייגט ער צו צו דער שאָשאַ זיין בלייך פנים מיט די ציטערנדיקע ליפן — דאָס איז מיין ליבע צו דיר, יאָ, מיין ליבע, וואָס איז מיך באַפאַלן אין דער ערשטער מינוט, ווען כ'האָב דיך דערזען, אייגנטלעך אין יענער מי־נוט, ווען כ'האָב דיך דערקאָנט. טאַקע די ליבע איז געווען דאָס, וואָס האָט מיך אַהער געבראַנגט...

— ס'אַראַ שיגעון!

— אָ, די ליבע האָט קיין ווערט נישט, אויב זי איז נישט קיין שיגעון, אַ זאַך, וואָס איז קעגן שכל, עפעס נישט־דערלויבטס און אַן אַוואַנטורע. ווען נישט, איז עס בלויז אַ אָנגענעמע באַנאַליטעט און מ'קאָן וועגן דעם בלויז דיכטן קליינע לידלעך אין פלאַכ־לאַנד. וואָס ס'איז נוגע דאָס, וואָס כ'האָב דיך דערקאָנט און אויך דערקאָנט מיין ליבע צו דיר — איז עס אמת. כ'האָב דיך שוין געקאָנט אַמאָל, מיט אַ לאַנגער צייט צוריק. איך האָב געקאָנט דיינע וואונדערלעכע אויגן און דיין קול. איך האָב דאָס אַלץ שוין גע־קאָנט אַמאָל, בעת כ'בין געווען אַ גימנאַזיסט. איך האָב דיך גע־בעטן, דו זאָלסט מיר לייען דיין בלייפעדער, ווייל כ'האָב מיט דיר געוואָלט שליסן אויך אַן אויסערלעכע קאַנטשאַפט. נאָך דעמאָלט האָב איך דיך שטערבלעך ליב געהאַט און פון דעמאָלט אָן, פון יענער ליבע אָן זיינען מיר געבליבן יענע צייכנס אין קערפער, וועל־כע בערענס האָט אויסגעפונען און וואָס זאָגן עדות, אַז כ'בין נאָך דעמאָלט געווען קראַנק.

זיינע ציין האָבן געקלאַפט איינער אינם אַנדערן. בשעת ער האָט אַזוי פאַנטאַזירט, האָט ער אַפערגעצויגן דעם פוס פון אונ־

טער דער סקריפּענדיקער שטול. ווען ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער מיט דער קני פֿון אַנדערן פֿוס שוין אָנגערירט די פּאָדלאָגע — אַזוי, אַז ער איז געבליבן שטיין אויף די קני, מיט אַ נעבויגענעם קאָפּ און ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער.

— איך האָב דיך ליב — האָט ער געשטאַמלט — איך האָב דיך תמיד ליב געהאַט, ווייל דו ביסט מיין לעבן, מיין חלום, מיין גורל, מיין אייביקע שטרעבונג.

— לאָמיר גיין, לאָמיר, ווען דיינע לערערס וואָלטן דיך איצט געזען...

אָבער ער האָט פאַרצווייפלט געשאָקלט מיטן קאָפּ — דאָס פּנים איבערן טעפּעך — און ער האָט געענטפערט:

— איך וואָלט געפייפט אויף זיי. איך פייף אויף די קאַר־הוטשיס און אויף דער באַריידעוודיקער רעפּובליק און אויפן פּראָ־גרעס, ווייל איך האָב דיך.

זי האָט לייכט געגלעט די קורץ־געשוירענע האָר אויף דעם הינטערשטן טייל פֿון זיין קאָפּ.

— קליינער בורזשוי — האָט זי געזאָגט — דו שיינער בור־זשוי מיט דעם קליינעם פייכטן אָרט אין די לונגען! איז דאָס אמת, אַז דו האָסט מיך אַזוי ליב?

און אַ באַגייסטערטער פֿון איר באַרירונג, שטייענדיק אויף ביי־דע קניען, מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ און מיט צוגעמאַכטע אויגן האָט ער ווייטער גערעדט:

— אָ, די ליבע, דו ווייסט... דער קערפּער, די ליבע, דער טויט — די אַלע דריי זיינען איינס. וואָרעם דער קערפּער דאָס איז קראַנקהייט און תאווה און ער טאַקע איז דער גורם פֿון טויט. זיי ביידע זיינען פֿון פליישׁ — די ליבע און דער טויט — דערין ליגט זייער כוח און זייער מאַגיע. אָבער דער טויט, פאַרשטייסטו, איז פֿון איין זייט אַ אומבאַרשעמטע זאַך, וואָס איז גורם, אַז מ'זאָל רויט ווערן פֿון בושה. פֿון דער אַנדערער זייט איז עס אַ ליכטיקער און מאַיעסטעטישער כוח, שטאַרקער פֿונם פּולסירנדיקן לעבן, חשובער, ווי דער פּראָגרעס. וואָרעם דער טויט איז געשיכטע און נאָבל־קייט, פּיעטעט און אייביקייט, עס איז אַ הייליקייט, וואָס צווינגט

אונז צו הייבן דעם הוט און צו גיין אויף די נעגל... אַזוי איז אויך מיטן קערפּער. אויך דער קערפּער און די ליבע צום קערפּער איז אַ נישט-אָנשטענדיקע זאַך. אויך צוליבן קערפּער ווערט מען רויט און בלאַס פון בושה. אָבער אויך ער איז אַ גרויסע גלאָריע און אַ וואונדערלעך בילד פון אָרגאַנישן לעבן, אַ הייליק וואונדער פון דער פאָרם און שיינקייט. אויך די ליבע צום מענטשלעכן קערפּער — איז דאָס סאַמע מענטשלעכע און אַ כוח, וואָס לערנט מער, ווי די פּעדאַגאָגיע פון דער גאַנצער וועלט. אָ, די פאַרכישופנדיקע אָרגאַנישע שיינקייט, וואָס באַשטייט נישט פון שטיין, נאָר פון לעבעדיקער מאַטעריע, וואָס קאָן יעדע רגע צעשטערט ווערן! אַ מאַטעריע, וואָס איז פול מיט פילסירנדיקן לעבן און פוילעניש! גיב נאָר אַ קוק אויף דער סימעטריע פון מענטשלעכן געבוי, אויף די אַקסלען, אויף די לענדן, אויף די בליענדיקע וואָרצלען פון די בריסטן רעכטס און לינקס, אויף די סימעטרישע היפטן, אויפן נאָפּל פון בויך, אויף דעם שאָטנדיקן סעקס צווישן די שענקלען; גיב נאָר אַ קוק אויף די אַקסל-ביינער, וואָס באַוועגן זיך הינטער דער זיידענער הויט פונם רוקן, אויף דער שדרה, וועלכע גרייכט ביז צום בליענדיקן, פרישן, געטיילטן הינטן, אויף די צעצווייגטע היפּט-נערוון, וואָס גרייכן פון שטאַם ביז אַראָפּ, אויף דער וואונדערלעכער סימעטריע פון די הענט און די פיס. אָ, איר זיסע רעגיאָנען פון די אינעווייניקסטע פאַרבינדונגס-פעדים אין די אָרעמס און אין די ליטקעס, מיט אייער געדיכטעניש פון דעליקאַטע אָרגאַנען הינטערן פלייש! וואָס פאַר אַ פרייד ס׳איז צו צערטלען אָט די תאַוותדיקע ערטער פון מענטשלעכן קערפּער! דאָס איז אַ פאַרגעניגן, ביי וועלכן מ׳קאָן שטאַרבן און נישט קלאָגן זיך. אָ, מיין גאָט, דערליב מיר איינצוזעטעמען דעם ריח פון דיין הויט אונטער דער קני, וואו ס׳איז טעטיק דאָס געהיימע לימף-געפעס! דערלויב מיר פרום מיט מיין מויל אָנצורירן די אַרטעריאַ פעמאָראַליס*, וואָס פולסירט אין דיינע שענקלען און וואָס צעטיילט זיך שפּעטער אויף צוויי אַרטעריעס! דערלויב מיר צו שפּירן די שוויס-אויסהויכונג פון דיינע

* וואָס אין אייבערשענקעל, פון לאַטיינישן femur.

פּאָרן און אָנצורירן דעם בּוך פון דיין הויט — די מענטשלעכע פאַרקערפּערונג פון וואַסער און אַלבּומין *, וועלכע זיינען באַשטימט פאַר דער אַנאַטאָמיע פון קבר. לאָז מיך שטאַרבּן מיט מיינע ליפּן אויף דיינע.

ער האָט נישט געעפנט די אויגן נאָך זיינע רייד. ער איז געבּליבּן, ווי געווען: דער קאָפּ פאַרוואָרפן, די הענט מיט דער זילבּערנער בּלייפעדער אויסגעשטרעקט פאַר זיך, אויף די קניען, ציטערנדיק און זיך וואַקלענדיק. זי האָט געזאָגט:

— דו בּיסט אַ גאַלאַנט, וואָס פאַרשטייט, ווי אַזוי צו בּעטן בּיי אַ פרוי אויף טיפן, דייטשן מאַניער.

און זי האָט אָנגעטאָן דעם באַפּירענעם שקאַרמיץ.

— אַדיע, מיין פּירשט פון קאַרנאַוואַל! איך זאָג דיר פּאָרויס, אַז דיין היץ-דיאַגראַמע וועט היינט זיין אַ שלעכטע.

דערבּיי האָט זי זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער שטול, האָט מיטן דיוואַן לייכט זיך געלאָזט צו דער טיר. דאָרטן איז זי אַ ווײַלע געבּליבּן קווענקלענדיק שטיין, האַלבּ איסגעדרייט אויף הינטערוויילעכץ, איין נאַקעטע האַנט אויפגעהויבּן, די צווייטע האַנט אויפן ביישטילכל. זי האָט איבּער דעם אַקסל שטיל אַ זאָג געטאָן:

— פאַרגעסט מיר נישט צוריקגעבּן די בּלייפעדער.

און זי איז אַרויס.

סוף פון צווייטן בוך.

* אייוואייס-שטאָף.

# אינהאַלט פון צווייטן בוך

## פינפט קאַפּיטל

